# אלע
# שריפטען
— פון —
# יעקב גארדין

דריטער באַנד

היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני
83-85 קאנאל סטריט, ניו יאָרק.
1910.




# אינהאלט־פערצייכניס

## רייזע בילדער



## פערשיעדענעס.



## קריטיק



## בילדער פון גאַליציען.

טרויעריגע געדאַנקען





# רייזע בילדער.

.1

„קייזער ווילהעלם דער צווייטער" האָט געגעבען אַ לאַנגען טרויעריגען געשריי אויף זיין באַסען־שטימע, און דער פּיער מיט אַ גרויסע גרופּע מענשען האָט אָנגעהויבען ביסלעך־ווייז אָוועקצוגעהן פון אונז... בעקאַנטע און אונבעקאַנטע פּנים׳ער האָבען אָנגעהויבען צו פערשווינדען. עס האָבען זיך נור געזעהן ווייסע טיכלעך, וועלכע האָבען געפלאַטערט אין דער לופטען. איינינגע אויף׳ן דעק האָבען גע־וויינט, פיעלע האָבען געוויס אויך דאָרט געוויינט. די גרויסע שיף האָט זיך אומגעקעהרט מיט׳ן רוקען צו דיעזע קליינע מענשעלעך און האָט זיך געווענדעט מיט׳ן פּנים צום גרויסען אָקעאַן, וועלכער האָט מיט זיינע גאַנצע אונבעגרענעצטע גרויסקייט געקוקט אונז אַנטקעגען גלייכגילטיג און רוהיג. אַלע אַבשיעד־סצענען זיינען שווער און ריהרענד. אַן אַבשיעד איז אַ גענעראַלע רעפּעטיציע פון אַ לויה. דער וואָס פאָהרט אַוועק ווערט אַזוי טייער און נאָהענט און די, וואָס מען פערלאָזט, ווערען אַזוי גוט און ליעבענד. דאָס האַרץ טוט וועה און טרערען קומען אויף די אויגען...

אויב אַן אַבשיעד איז ענהליך צו אַ לויה, איז די רייזע אויף אַ שיף צום דעם אַנדער ברעג גלייך צו דער אַלטער פאָרשטעלונג פון אונשטערבליכקייט... מיר געהען צוריק צו אונזער אַלטע היים. די וועלכע מיר האָבען פערלאָזט זעהען אונז ניט, אָבער מיר געפינען זיך אין דער גרויסע אונענדליכקייט און טראָגען זיך צו אַן אַנדער לאַנד, צו אַן אַנדער פאָרם פון לעבען... מיר זיינען אייביגע פּאַסאַזשי־רען...

מיט אַ געפיהל פון שרעק האָב איך זיך אויפגעכאַפּט דעם ערש־טען מאָרגען אין דער פריה. דער ים האָט מיט אונז אָבגעשפּיעלט דעם

זעלבען שפּיצעל, וואָס די יעוואָרפייער שפּיעלען מיט אונז ביים קו־מען אין די גרויסע האָטעלען. דער פּאָרטיער ציהט זיין הוט פאַר איך, די קעלנער פיהרען איך אונטערן האנד, אלע בעדיענטע בע־געגנען איך מיט א זיסען שמייכעלע... נאָך דעם הויבט מען איך אָן טרייסלען און וואַרפען ביז מען טרייסעלט פון איך ארויס אלע מטבעות. דער פריעדליכער, מילדער, פריינדליכער אָקעאַן איז געווען פרעך און גראָב. די וועלען האָבען געברומט בייז און האָבען געקוקט דונקעל און שווארץ אויף דעם קריכענדען מילב, וועלכער שטאָלצירט אזוי אויף דער יבשה מיט איהר נאָמען... „קייזער ווילהעלם דער צווייטער" און וואָס איז געוואָרען פון די פריילעכע, לוסטיגע, אונ־רוהיגע, אויסגעפּוצטע, אויפגערעגטע אדם'ס קינדער? אוי, ניט נור די מענער, נור זאָגאר די פרויען זיינען געוואָרען הילפלאָזע, קראַנקע, ניט אינטערעסאנטע, אין קיין זאך ניט פעראינטערעסירטע נאַטיר־ליכע מענשען!... אלע מאַסקען ארונטער. עס איז ניט געווען קיין חילק צווישען אָרעם און רייך, שטאַרק און שוואך, דייטש און מענש, איד און יהודי — אלע זיינען געווען גלייכע, ליידענדע, הילפלאָזע מענשען... יעדער האָט געזוכט רחמנות און הילפע ביים אנדערן. עס זיינען ניט געווען קיין שעהנע פּיקאַנטע פרויען אויפ'ן גאַנצען שיף... אלע האָבען אויסגעזעהן ווי נעבעכלעך, — האָבען אויסגע־זעהן ווי זיי זיינען... עס וואָלט געווען גוט, אונזער סאָציאַלער ים זאָל וואָס אָפטער צוטרייסלען די שיף פון אונזער לעבען... א סך פּאַסקודסטווע וואָלט אויסגעבראָכען געוואָרען פון אונזער גייסטי־גען מאָגען און א סך אונגלייכהייטען וואָלטען גלייך געוואָרען...

ניט נור א איד, נור זאָגאר סתם א מענש געוואָהנט זיך צו זעהר שנעל צו יעדע אומשטענדע. אויפ'ן צווייטען־דריטען טאָג איז שוין ווידער דאָס גרויסע עס־צימער געווען פול געפּאַקט מיט מענ־שען... די קראַנקע חיה אין יעדען האָט ווידער ערוואַכט און יעדער האָט געוואָלט עסען... די פרויען זיינען ווידער געוואָרען אינטע־רעסאַנט... יעדע פון זיי איז שוין ווידער געווען מעהר „זי" ווי מענש. די קעלנער האָבען דערלאַנגט מאכלים נאָך מאכלים און דער מענש האָט זיך אומגעקעהרט צו זיין אלטע ראָלע... איך גיב א קוק אויף די צוויי קעלנער וואָס בעדיענען אונז און בין ערשטוינט... הערט, וואָס ביי א דייטש טרעפט זיך! ביינאַכט איז איינער פון זיי

א באַדע־קעלנער, — ער וואַשט די באַדען און מאַכט וואַנעס פאַר די פּאַסאַזשירען, דער צווייטער איז אַ צימער־קעלנער, — ער ראַמט אונזערע קאַיוטען, מאַכט די בעטען... זיי ביידע שלעפען אריין און טראָגען ארויס דעם גאַנצען באַגאַזש פון די קאַיוטען. אַכט אַ זייגער אין דער פריה געבען זיי פריהשטיק צו די עסער פון ערש־טען טיש און נאָכדעם ניין אַ זייגער צו די עסער פון צווייטען ט״ש, צעהן אַ זייגער זיינען די זעלבע „וויימערס" שוין טרובאַטשעס און שפּיעלען „מוזיקאַלישע" פּאַפּורים אויפ׳ן דעק. פון עלף ביז איינס זיינען זיי ווידער וויימערס ביי די צוויי טישען. פון איינס ביז דריי שפּיעלען זיי אין ערשטען קלאַס פאַר די ערשטע קלאַסניקעס, וועלכע קענען ניט פערדייהען זייער עסען אָהן מוזיק... נאָכדעם ראַמען זיי די באַדען און די צימערען. נאָכדעם געבען זיי אַ לאַנטש דעם פּוב־ליקום. נאָכדעם שפּיעלען זיי. נאָכדעם דערלאַנגען זיי סאַפּער, נאָכדעם געהען זיי שפּיעלען פאַר די ערשטע קלאַסניקעס און נאָכדעם פון טרובאַטשעס ווערען זיי פידעל, וויאָלאָנטשעל און פּיאַנאָ שפּיעלער און געבען אין דייניגג רום פון דער צווייטער קאַיוטע „קאָנצערט" פאַר די פּאַסאַזשירען פון צווייטען קלאַס. פאַר דעם אלעמען קריגען זיי פון דער קאָמפּאַניע אַ מכה, ניט געהאַלט. פון די אלע מלאכות וואָלטען זיי געהאַט וועניג ברכות, ווען ניט דער שנאָרען. און, צווי־שען אונז גערעדט, די שנאָרעריי איז דאָ אזוי גרויס, אז איהר פיהלט אייך שוין פונקט ווי אין דייטשלאַנד... ער שנאָרט ביי אייך אלס באַדע סטיואַרט, אלס צימער סטיואַרט, אלס וויימער, אלס באַגאַזש שלעפּער, אלס שטרייך־אינסטרומענט שפּיעלער, אלס וויימער, אלס דיענער, אלס קנעכט און סתם אלס דייטש...

איך הויב זיך אָן ארומקוקען. ווער זיינען זיי די אמעריקאַנער, די יענקיס, וועלכע פאָהרען אין דער אלטער וועלט זוכען ערהאָלונג און פערגניגען. ווער, מיינט איהר, זיינען זיי? טשעכען, פּאָליאַקען און דייטשען... די דייטשען האַלטען זיך ווי אין דער היים. זיי דול־דען דעם אידען דאָ נור ווייל אפשר איז ער רייך. די נכפה נעהמט זיי ווען זיי דערזעהען אַ קעשעניע מיט געלד... די קעשעניע מעג זיין צוגענעהט אפילו צו אַ אידישע בעקעשע... די דייטשען שרייען מיט פּאַטריאָטישע לונגען. הוררעי! ווען מען שפּיעלט אויפ׳ן דעק „דהע סטאַר ספּענגלד באַננער" און זינגען מיט התלהבות „דייטשלאַנד

איז מיין פאטערלאנד" ווען זיי טרינקען אונטען ביים באר זיין נאַ־ציאָנאלע משקה... איהר ווילט דאָך מסתמא וויסען, אויב עס זייַ־נען דאָ אידען אויפ'ן שיף? א שאלה! ניט נור אין צווייטען, נור זאָגאר אין ערשטען קלאס האָבען מיר קיין עין הרע ביי א 70 פּראָ־צענט אידען. אין ערשטען קלאס כמעט לויטער יהודים... עס זיינען אפשר דאָ דאָרט אויך א פּאָאר אידען. זיי זיינען אָבער אזוי „פאר יהודימט" געוואָרען, אז אפילו דער טייפעל אליין וועט זיי אויך ניט דערקענען. אין צווייטען קלאס האָבען מיר א סך רוסישע ריעל עס־טייט חאפּער־לאפּניקעס, אָבער זיי ווערען בטל בשישים געגען די עסטרייכער, גאליציאנער און טאקע עכט גאליציאנער אידען, וועלכע קנאקען דייטש ווי אמת'ע טערקען... אויסער טערקעשען דייטש הערט איהר דאָ אויך א מערקווירדיגען ענגליש, וועלכער ווערט גע־שפּראָכען בקול רם, און וועלכער ווערט געשפּראָכען, אפשר ניט מיט אן אמעריקאנישען אקצענט, אָבער מיט אן אמעריקאנישע פּריי־הייט... אלס א מוסטער גיב איך אייך א פראזע, וועלכע איך האָב פערשריבען אויפ'ן פּלאץ: „אי, וויש טו טעל יו גוד ביי בע פּאָר אי דאָנ'ט סי יו".

די טיפען, וועלכע איך האָב דאָ בענעגענט, מאנכע פון זיי זעהר אינטערעסאנטע, וועל איך אייך שילדערען שפּעטער. יעצט וויל איך אייך זאָגען א פּאָאר ווערטער וועגען דריטען קלאס. זעהר ווענינ אידען האָבען מיר אין דריטען קלאס. איטאליענער, פּאָליאקען, סלאָ־וואקען פּאָהרען אהיים צוריק מיט זייערע עטליכע אָבגעשפּאָרטע דאָלאר, וועלכע זיינען פערדיענט מיט שוויים און בלוט... זיי פּאָה־רען צוריק צו זייערע דערפער און פעלדער... זיי טרוימען שוין פון זייער רוהיגען געזונטען לעבען אויף דעם שוים פון זייער מוטער ערד און וואָהין פּאָהרט דער איד? דער רוסישער געלד־איד פּאָהרט אין דער וועלט. די דייטשע, עסטרייכישע און איבערהויפּט אונגארי־שע אידען פּאָהרען נאָך זייער אלטער היים... און וואָהין פּאָהרט דער ארעמער רוסישער איד? ער פּאָהרט שטארבען אהין, וואו עס לי־גען די ביינער פון זיינע פריינדע און פערוואנדטע.

איך ווענדע אום מיינע אויגען צום אָקעאן. די זונן זעצט זיך... פון די בלויע וואָלקענס האָט זיך פּאָרמירט א לאנגער, פאנטאסטישער, פייערדיגער אינזעל. דער אינזעל לאָזט זיך אראָפּ אויפ'ן וואסער

און ברענט אויפ'ן אָקעאַן... די זונן איז שוין לאַנג פערשוואונדען געוואָרען, די פינסטערע נאַכט האָט זיך אַראָבגעלאָזט אויפ'ן ים, און דער מיסטישער אינזעל ווייט ברענט, און לייכט, און שיינט... די וועלען רוישען פריילעך און מונטער און די גרויסע שיף געהט אין דער פינסטערנים אריין...

איך שטעה, און קוק, און ווייס ניט, איז אַלעס, וואָס איך זעה ארום זיך, די ווירקליכקייט, אָדער אַ געהיימניספאָלער טרוים, וועלכען איך האָב שוין אַ מאָל לאַנג, לאַנג איבערגעלעבט?...

און דער פייערדיגער אינזעל ווערט בלאַסער און בלאַסער, און די פינסטערנים ארום שיף, ווערט געדיכטער...

.2

די שיף געהט מונטער און לעבעדיג. זי געהט טאָג און נאַכט, זי געהט אונאויפהערליך, איין אויגענבליק בלייבט זי ניט אויפ'ן זעלבען אָרט, און מיר בעמערקען עס ניט. מיר זעהען דעם זעלבען גרויסען ים, מיר פיהרען דאָס זעלבע לעבען. מיר עסען, מיר שלאָפען, שליסען נייע פריינדשאפטען, בעקומען נייע שונאים. דאכט זיך קיין זאַך פערענדערט זיך ניט. מיר געהען אום אויף דער זעלבער ענגער שיפס־דעקע... מיר בעוועגען זיך אויף דעם זעלבען שטיקעלע פּלאַץ פון דער שיפס נאָז ביז איהר הינטערשטע וואנד. מיר קענען ניט געהן ווייטער, מיר קענען זיך ניט אַראָבלאָזען טיעפער פון דעם תהום, וואו די מאשינערי ארבייט... און קענען זיך ניט אויפהויבען העכער פון דעם ערשטען קלאַס... אָבער ווי טיעף איז דער אָקעאַן אונטער אונז, ווי ווייט איז דאָס וואסער ארום אונז, ווי הויך זיינען די בלויע הימלען איבער אונז און ווי ווייט מיר זיינען שוין פון דעם פונקט, וועלכען מיר האָבען מיט אַ קורצע צייט צוריק פערלאָזט. די שיף געהט פאָראויס, פאָרווערטס! געהט ניט אזוי אויך די שיף פון אונזער אַלגעמיינעם לעבען?

זאָגאר די סיסטעם פון סאָציאַלען לעבען די זעלבע דריי קלאסען, אָבגעטיילט איינע פון די אנדערע מיט אייזערנע שטאַכעטען. דער דריטער קלאַס ליגט אונטען אין שמוץ און ארמוטה. ער געפינט זיך פון פאָרענט, וואו עס וואַרפט מעהר און עס קאַטשעט... די אַלע

פראָפּיטען פון שיף קריגט מען פון איהם און ער קריגט דערפאר גראָ־
בע בעהאנדלונג און פעראכטונג. מכות צו עסען און ווענינ פּלאַץ
צו לעבען. איך קוק אָפּט אראָב צו זיי. א גרויע מאסע בערעקט מיט
לומפּען, מענשען מיט דערשראָקענע בליקען, אפּאטישע פּנים׳ער,
ווילדע פערגניגענס, בעגרענעצטע מינימאַלנע פּאָדערונגען... פּיה,
וועלכע ווערט געפיהרט פון איין שלאַכט־הויז צום צווייטען... די
פרויען אין די העכערע קלאסען, אויסגעפּוצט אוי אויסגעשטאַטעט,
די קינדער זאָרגלאָז און לעבהאַפּט. מען גיט זיי עסען פון אלעם
בעסטען, מען בעזאָרגט זיי מיט אלערליי שפּיעלצייגע... דאָרט
אונטען זעה איך אָבגעלאָזענע, אויסגעמוטשעטע, לעבלאָזע פרויען,
בלאַסע, קרענקליכע, אויסגעמאַטערטע קינדער... דאָ וואַרפען די
קינדער אין ים אריין גאַנצע עפּעל מיט אפּעלסינען, און דאָרט רינט
ביי די קינדער דער שוים פון מויל ווען זיי דערמאָנען זיך נור ווע־
גען א שטיקעלע אפּעלסין אָדער א שטיקעלע עפּעל. די „נאָרד זשויר־
מאַן לאָיד״ בעהאנדעלט די דריטע קלאסע פּאַסאַזשירען ניעדער־
טרעכטיג און געמיין!

די צווייטע קלאַסע איז אויך אויף צרות. עס זיינען שוין פער־
ביי די צייטען, ווען מען האָט דעם צווייטען־קלאַסניק בעהאנדעלט
מיט אכטונג און רעספּעקט. היינט שפּיעלען זיי קיין ראָלע ניט מעהר.
און ווער פאַהרט יעצט אין דער צווייטער קלאַסע? אָדער א כאַפּער־
לאַפּניק, א חאַם, וועלכער קריכט פון דער דריטער קלאַסע דורך דער
צווייטער אין דער ערשטער קלאַסע ארויף. אָדער אן ערשטער־קלאַס־
ניק, וועלכער גליטשט זיך אראָפּ דורך דער צווייטער קלאַסע צו
דער דריטער אראָפּ. ניטאָ מעהר קיין בכבוד׳יגע, געסעטעלטע, סאָ־
לידע צווייטע קלאַסע אויפ׳ן שיף! די צווייטע קלאַסע שטאַרבט
אויס און מען בעהאנדעלט זי אויפ׳ן שיף ניט מיט פיעל מעהר כבוד
און אויפמערקזאַמקייט פון דער דריטער קלאַסע...

די גאַנצע שיף, בוכשטעבליך, געהערט צו דער ערשטער קלאַסע.
זייערע קאַיוטען פאַרנעהמען די בעסטע און בעקוועמסטע פּלעצער.
זייערע שפּייזע־זאַלען, קאָנצערט־זאַלען, רויכער־צימערן זיינען פול
מיט רייכטהום און גלענצענדען לוקסוס... זיי זיינען די הערשענדע
געטער און אלעם פאַלט צו זייערע פיס... די קלאַסענצוטהיילונגען,
וועלכע ווערען דאָ דעמאָנסטרירט צו נאָהענט צו אייך, רופען ארויס

שרעקליכע געדאַנקען און ביטערע, פיינדליכע געפיהלע ביי יעדען דענקענדען און פיהלענדען מענשען...! זאָלען זיי אין דער ערד אריין! דאָס צווייטע מאָל, וועל איך בעסער אויך פאָהרען מיט דער ערשטער קלאַסע...

מען זאָגט, אויפ'ן שיף שטעלען זיך זעהר גיך איין אינטימע פערהעלטניסע צווישען פרעמדע מענשען און אַלע ווערען אזוי ווי איין פאמיליע. דאָס איז נור ריכטיג דאן, ווען אַלע פּאסאזשירען ליידען גלייך... ווי אָבער דער מענש הויבט זיך אָן צו פיהרען אויפ'ן שיף ווי אין דער היים, נעהמט ער ארויס פון זיין גייסטיגען בעטלער־זאַק די אַלטע היימישע געפיהלע... א דייטש האָט פיינט א אידען, און א ע כ ט ע ר איד איז פרעמד פון א גוי, אפילו אין די שרעק־ליכסטע מינוטען. דער „טייטש”, איך בין איבערצייגט, האסט מיך זאָגאר דאן, ווען דער ים קאַטשעט ארויס פון איהם זיין לעבער־וואורשט נשמה, און זאָגאר דאן, ווען ער ווארפט פון זיך ארויס דאָס ביער, וועלכע ער האָט אין זיך אריינגעצויגען מיט דעם מילך פון זיין מוטער־ברוסט. קינדער, אויפ'ן שיף האָב איך זיך אויסגעלערנט פיינט צו האָבען דעם דייטש. זאָל מיך דער רבש"ע ניט שטראָפען דערפאר, וואָס איך זינדיג אזוי געגען מיינע אינטערנאציאָנאַלע פּרינ־ציפּען!

דער דורכשניטליכער דייטש איז שטומפּיג ווי א אידישע האַק, ער איז אונפערגעבליך דום און איז אונבעגרענעצט פרעך. איך שרייב דיעזע צייליען אין דער דייטשער שטאָדט בערלין, וואו איך בעוואונ־דער דעם דייטש'ס הויכע קולטור, זיינע אינסטיטוטען, זיין קונסט, אָבער איך האָב מורא, ליעב האָבען וועל איך איהם קיין מאָל ניט קענען. ווען דער דורכשניטליכער דייטש בעדיענט אייך מיט א שקלאַ־פישע אונטערוואָרפענהייט, ווען ער בעגריסט אייך מיט זיסע חן'־דעלעך, ווען ער אמוזירט אייך מיט זיינע פלאַכע וויצען און אָקסענע חכמות, האָט ער אין זינען נור איין זאַך, — ער וויל טרינק־געלד... ער דאַרף האָבען מיט וואָס צו בעצאָהלען פאַר זיין ביער... איז ער בעזאָרגט מיט זיין ביער, האָט ער די גאַנצע וועלט אין דער ערד...

ניט איין מאָל זיינען מיינע אידישע געפיהלע פערלעצט געוואָ־רען אויפ'ן שיף. איך וועל אייך נור איבערצייגען א פּאָאַר פאַקטען. איך בעט אָבער מיינע טעריטאָריאַליסטישע פריינדע זיי זאָלען דער־

פון וועגען מיר ניט ציהען קיינע שליסע. איך לייד און האָב שטענדיג, פיעל און שארף געליטען ווי א איד. איך דענק אָבער ווי א מענש, אם וועניגסטען שטרעב איך דערצו, און איך ווינש דאָסזעלבע יע־דען אידען...

מיר דאכט זיך, איך האָב איך שוין געמעלדעט, אז יעדען אבענד פון ניין ביז צעהן האָבען די צווייטע קלאסיקעס געהאט, במחילה, קאָנצערטען. איך האָב דיעזע קאָנצערטען ניט בעזוכט, וויל איך האָב גערעכענט פאר א געמיינהייט אָבצורייסען זיך פון דעם געטליכען קאָנצערט וואָס דער גרויסער אָקעאן האָט מיר געגעבען, און געהן הערען קאַצענמוזיק. איין אבענד האָט מען מיר אָבער געלאָזט ווי־סען, אז היינט וועט א אידישע מיידעל רעציטירען און דער זעכצעהן יעהריגער זוהן (פון דעם ראבי אליין שפעטער) וועט האלטען א פאָרטראג. איך בין געגאנגען זעהן ווי מיינע קרובים וועלען זיך אויסצייכענען. דער זאל איז געווען געפאקט. אלע דייטשען האָבען גע־טרונקען ביער מיט א בעזונדערן פאָהרגעפיהל. זיי זיינען געווען זי־כער, אז היינט ערוואַרטעט זיי מעהר פערגניגען זאָגאר פון אזא קאָנ־צערט, ווען דער גאנצער אָרקעסטער זינגט און שפיעלט אין איין צייט דאָס ליעד פון אבעמאיער, באבעמאיער, גאבעמאיער, דאבע־מאיער און גלאט אזוי מאיער...

דאָס אידישע מיידעל האָט רעציטירט, זי איז געווען דערשראָקען און אויפגערעגט. זי האָט רעציטירט א לאנגע, אונפאסענדע זאך אין א הויכען ענגליש, וועלכען די אלטע יענקים פון דייטשלאנד, באָהע־מיע און סילעזיע האָבען ניט פערשטאנען. זי האָט אָבער רעציטירט ניט שלעכט און, אין יעדען פאל, איז אָבער געווען אן עכט אידישע מיידעל, מיט זעהר א אידישען נאָז און אידישע בעוועגונגען... איין דייטש האָט געזאָגט א צינישען וויץ... דער אנדערער דייטש האָט א ניס געטאָן ווי אן אָקס... און דאן איז עס לאָז געגאנגען... ווען דעם רעוורענד־דאָקטאָר־ראבי־פופיק'ס לאנגער, דארער בן חכם האָט פערנומען איהר פלאץ, האָב איך ערוואַרטעט אן אמת'ן ביער קאָנצערט... דעם ראבאי'ס זוהן אָבער, א נחמה אויף זיין קאָפּ, ניט אכטענדיג דערויף וואָס זיין פאפא פופיק איז א רב און מורה הוראה פון א ק"ק אין ניו יאָרק, וואָס זיין פאפא, ווי ער האָט מיר געמעל־דעט, איז א ציוניסט און נאציאָנאליסט, — ניט אכטענדיג דערויף,

האָט דער בן אָנגעהויבען צו קרימען א אידען, ווי ער רעדט ענגליש, ווי ער רופט א נול אוי! אוי! ווי ער זאָגט מיט א ניגון: „סענטראל, גיוו מי דהע מירל“, און ווי דער איד ערקלעהרט, אז א נול איז א זאך וואָס האָט גאָר ניט אין מיטען... דער ראבאי האָט געקוואָלען ווי א באָקסער פון דעם זוהנ'ס חריפות און די דייטשען האָבען זיך געפרעגעלט פון נחת. זיי האָבען גערעוועט ווי בהמות, גע־הירזשעט ווי פערד... איך האָב געאיילט פון דעם ליטערארישען־מוזיקאלישען אבענד וואָס גיכער אויף דער פרישער לופט צום גרויסען אָקעאַן... אָה, אידען! ווען וועט איהר זיך אויסלערנען צו האָבען א ביסעל מעהר טאַקט?...

אויפ'ן צווייטען טאָג, ווען איינינע גאַליציאַנישע „פּאטריאָטען“ האָבען געהאַט א הייסען ארגומענט מיט'ן רעוורענד דאָקטאָר ראבאי פּופּיק, האָט פּלוצלונג אימיצער א געשריי געטאָן ביי'ם באָרט. אלע האָבען זיך א וואָרף געטאָן צו יענער זייט. וואָס איז? וואָס איז געשעהען?... א גאַנץ קליינינקע שיפעלע האָט זיך געטראָגען איבער'ן מיטען אָקעאַן טויזענדער מייל ווייט פון לאנד. עס איז געוועזן א שעה־נער פריה מאָרגען, די שטראַהלען פון דער זונן זיינען געוועזן אזוי מילד, אז דאָס וואַסער פון אָקעאַן האָט געשיינט ווי שנעע־ווייסע זילבער. איך בין געשטאַנען לאַנג און האָב געקוקט אויפ'ן איינזאַמען פערלאָזטען שיפעלע. פון וואַנען קומט זי אהער?

האָט זי זיך אָבגעריסען אליין פון א גרויסען שיף און שווימט יעצט איבער'ן גרויסען אָקעאַן ציעל־לאָז אהין, וואָהין די מעכטיגע וועלען טראָגען זי? אָדער די גרויסע שיף איז צו גרונד געגאַנגען און אויף דער קליינער שיפעלע האָט איינער גערעטעט זיין לעבען. ער האָט לאַנג געקעמפּפט מיט די וועלען, געזוכט הילפע, גערופען... ביז א שטאַרקע כוואַליע האָט איהם אויסגעריסען און אוועקגעטראָגען אין דער אונענדליכקייט? די קליינינקע שיפעלע טראָגט זיך אַלץ ווייטער און ווייטער און ווערט פערשוואונדען... איך קוק אין דער קלאָרער בלויער ווייטע אריין און דענק: אויב שטימען און ווער־טער ווערען אָבגעדרוקט אין דעם רוים דער וועלט און ווערען אי־בערגעטראָגען פון איין אָרט צום צווייטען, פאַר וואָס קען ניט זיין אז אויך געגענשטענדע ווערען אָבגעבילדעט אין דער לופטען, און זייערע אָבבילדונגען, טראָגען זיך אום פון איין פּלאַץ צום אנדערען

אין דער אטמאָספערע אזוי ווי מיראזשען ? עס קען זיין, אז דער וואָס האָט פאָעטישע אויגען, זעהט אויפ'ן וואסער די אָבבילדונג פון שיף ארגא מיט די אַלע ארגאנאווטען וועלכע פאָהרען קיין קאלחים נאָכ'ן גאָלדענעם פלוס. ער זעהט, ווי א אידישע שיף געהט קיין תרשיש נאָך גאָלד... ער זעהט די וואונדערבארע שיף פון דעם פליהענדען האָללענדער, וועלכע ווערט אייביג געיאָגט איבער די וועלען, ווייל דער אייביגער וואנדערער קען ניט געפינען קיין אמת'ע, טרייע,אויסלעזענדע ליעבע. ער זעהט אפשר די שעהנע שיף מיט די ווייסע זעגלען, אויף וועלכער טריסטאן פאָהרט מיט דער שעהנער איזאלדע. זיי טרינקען אויפ'ן שיף דעם צויבערליכען ליעבעס געטראנק און די שיף טראָגט זיי נאָכדעם צו דעם אינזעל פון געוויין...

אָה, וואָס וואָלט ווערטה געווען די גאנצע ווירקליכקייט, מיט די גרויסע אייזערנע שיפען, מיט די אַלע פראקטישע אונטערנעהמונגען, ווען אויפ'ן גרויסען אָקעאן פון אונזער מענשליכער פאנטאזיע וואָלטען ניט געשוואומען די שעהנע פאָעטישע שיפען ?...

די שיף געהט מונטער און לעבעדיג, און די וועלען וויעגען זיך, פערטראכטע...

.3

א שיף ! א שיף !

מיט וואָס פאר א פרייד און התלהבות יעדער שרייט, ווען ווייט, ווייט אויפ'ן האָריזאָנט בעווייזט זיך פריהער א לאנגער שווארצער פלאָג פון רויך און דאן הויכע מאסטען. אַלע לויפען צום באָרט, מע בעוואפענט זיך שנעל מיט די קוק-גלעזער, מע דעבאטירט וועגען דער שיפ'ס ריכטונג און איהר נאָמען, מע רעדט לעבהאפט, מע איז מלא שמחה... פרייט מען זיך אזוי מיט דער ערשיינונג, ווייל מע דער־זעהט א נענענשטאנד, וואָס דערמאָנט אונז אויף דער איבעריגער וועלט, אויף אונזערע מיטמענשען ? אָדער מע דערפרעהט זיך פשוט מיט א שטיקעל נייעס ? קיין צייטונגען ניטאָ, קיין סענסאציאָנען ניטאָ, קיין אינצערענטען טרעפען זיך ניט, אויף צו להכעיס געהט אַלעס רוהיג און שטיל. די נערוועז פון דעם „ציוויליזירטען" פאסאזשיר האָבען אויפ'ן שיף טאבאק, סיגארען, אלקאָהאָל, טהע, קאפע

און אַלע איבעריגע נאַרקאָטישע זאַכען צו וועלכע זיי זיינען געוואָהנט. זיי האָבען גאָר ניט קיין סענסאַציאָנעלע נייעס. נו, איז א שיף אויף גוט. אמת, מארקאָני ברענגט אונז אמאָל איינינגע נאַכריכטען: די סטרייקערס האָבען פערלאָרען זייער סטרייק, אין רוסלאַנד האָט מען גע'הרג'עט א קאָמענדאַנט — ביידע נייעסין זיינען ניט קיין נייעס.

אויפ'ן שיף געהט אַלעס מיט א דייטשע אָרדנונג, דייטשע סיס־טעם, און דייטשע דיסציפלין. מע פוצט, מע וואשט, מע הייצט, מע שווימט. דער העדר קאַפּיטאַן, מיט א בויך פונקט ווי ביסמארק'ס, מיט א בערדיל ווי א קלין פונקט אזוי ווי ביי מאָלטקע און מיט אוי־גען און א קאָפּ פון א דייטשען אָבגעשטאָפּטען בוהאַי, — דער העדר קאַפּיטאַן אינספּעקטירט יעדען טאָג זיין מלוכה, זיין מיליטער, און זיינע אונטערטאַנען. ווי גליקליך איז א צווייטע קלאַסניצע אויב דער העדר קאַפּיטאַן גיט א טרייסעל זיין פּאַרצעלייענע קאָפּ און מאַכט איהר „פּאָד קאָזיריאָק" כמעט ווי אַן ערשטער קלאַסניצע. פאר די ערשטע קלאַסניקעס האָט דער קאַפּיטאַן א שטענדיגען שמייכעלע אויף דער גאַנצער ברייט פון זיין מויל, פון איין אויער ביז'ן אַנ־דערען. פאר די צווייטע קלאַסניקעס האָט ער א שטיקעלע שמייכעלע ערגיץ אין א ווינקעלע אונטער די וואָנצעס. און מע ווייס גאָר ניט, איז דאָס א קרים, אָדער א שמייכעלע. דערפאר פאר די דריטע קלאַס־ניקעס האָט ער נור א שטרענגען בליק פון א רעגירער. די דריטע קלאַסניקעס דארפען האָבען מורא און דארפען האָבען דרך ארץ — עסען און דאָרט אַנדערע זאַכען, א מכה!...

די גוי'שע דריטע קלאַסניקעס שפּיעלען אין קאָרטען, לאַכען, שטיפען, מאַכען שפּאַס, שפּיעלען אמאָל אויף א הארמאָניקע. די אי־דען זיצען אויף זייער טעריטאָריע, ווי געוועהנליך, בעזונדער. זיי טרינקען טהעע, דערצעהלען אַנעקדאָטען און טרינקען טהעע. האָבען ניט וואָס צו עסען דערצעהלען זיי גלייכוועדטלעך, פּשטלעך אויף א פסוק און טרינקען טהעע. אַן אַלטען שוואַכער איד, וועלכער איז געוועזן אין אַמעריקא פינף און דרייסיג יאָהר א שניידער און וועלכער פאָהרט איצט קיין רוסלאַנד, צוריק אין זיין אָרעם שטעטעל שטאַר־בען, — האָט זעהר געבעטען, מיר זאָלען ברענגען עטוואָס צו דער־קוויקען זיין פערשמאַכטעטע נשמה... „א שטיקעלע אַפּעלסינע, אָדער אַן עפּעל — אי, וועה!" מיר האָבען ניט געקענט קריגען קיין

אפעלסינען, עס איז אונז אָבער געלונגען צו קריגען א צעהן עפּעל. ווי שטארק ביים דייטש זאָל ניט זיין ענטוויקעלט די געפיהלע פון געזעצליכקייט און רעגולאציאָן, — מיט צוויי מארק טויטעט מען איהם דעם שטארקען אָרדנונגס־דייטש, און מע מאכט איהם פאר א זינדיגען בשר ודם. און ווענמען קען דער איד ניט אָבקעהרען פון גע־זעצליכען וועג? — מיר האָבען געקראָגען עפּעל. דאָ אָבער האָט פּאַ־סירט א זאך, וואָס האָט מיך זעהר דערשראָקען און וואָס וועט ניט גיך אויסגעמעקט ווערען פון מיין זכרון. ווען די גוים פון דריטען קלאַס האָבען דערזעהן, ווי אידען טהיילען עפּעל צווישען אידען, האָט זיך אין זיי אָנגעצונדען א שרעקליכער געפיהל פון קנאה, שנאה, פעראכטונג, האָס . . . . הונדערטער מענשען זיינען פלוצלונג אויפגעברויזט געוואָרען ווי ווילדע חיות, ווי פּאָגראָמשטשיקעס, ווי גזלנים! די טרפה בלוט האָט זיך אין זיי אָנ־געצונדען. עס האָט זיך אויפגעהויבען א ווילדע פייפעריי, הוקעריי, קללות, שימפּפעריי‏ען, פלוך... איך האָב געמיינט, באלד וועט ווערען א רייאָט, א בונט, א פּאָגראָם!... איך וועל דאָס בילד קיין מאָל ניט פערגעסען...

יא, זיי האָבען געמעגט מקנא זיין — זייערע צווייטע קלאַסני־קעס האָבען אין זיך ניט קיין מִיטלייד און מענשען־געפיהלע אפילו וויפיעל א זויערער דייטשער עפּעל איז ווערט... זייערע צווייטע קלאַסניקעס וואָלטען ניט געמאכט קיין קאָלעקציאָן, אום מע זאָל א קראנקען יונגען מאן פון דריטען קלאַס אריבערנעהמען אין צווייטען, אונזערע אידלעך האָבען עס געטאָן. זאָגאר ריעל־עסטייט כאפּערלאַפּ־ניקעס האָבען מיט פערגעניגען געגעבען צו דאָלאר... יא, זיי האָבען געמעגט ווערען ווילד, שרייען און פלוכען, אָבער, חמורים, וואָס זיינען די אידען שולדיג?... זייער גערעכטען צאָרן און פלוך שיקען זיי ניט מיט דער ריכטיגער אדרעסע, ווייל זיי זיינען אונוויסענד. דער איד וועט דארפען פאר דיעזע אונוויסענדע מענשען די ריכטיגע אדרע־סע אָנשרייבען... יא! דער איד וועט אָנשרייבען!

מיט א דייטשע אָרדנונג און דייטשע דיסציפּלין געהט אלעס אויפ׳ן שיף. מען וואשט, מע פוצט, מע רייניגט, מע ארבייט — איין זאך ווארפט זיך מיר אין די אויגען: די גרעסטע העלפט פון די וואָס ארבייטען זיינען קינדער. קינדער מאטראָזען, קינדער קעכער, קינדער־

אַרבייטער... עס קאָסט ביליגער, און מעהר דיסציפּלין. אויף אַן אַמעריקאַנישע שיף וואָלט מען זיך געשעמט אַזוי צו עקאָנאָמיזירען... שפּעטער אין בערלין האָב איך געזעהן, ווי קינדער רייניגען די בריי־טע גאַסען און די שעהנע אַלעען פון טיר־גאַרטען. קינדער „סטריט קלינערס!"... די אַלטע שטאָלצע בוימער, קאַסקאַדען, פאַנטאַנען, מראַמאָרנע סטאַטוען, בראָנזענע מאָנומענטען און קינדער מיט ביי־זעמער אָבער... אָבער אַרבייטען דען ניט אין אונזער רייכער אַמע־ריקא הונדערטער טויזענדער יונגע קינדער אין די מילס אין דער סאוט, אין שאַפּ און אין פעקטאָרעס אין גרויסע שטעהט? מוזען יונגע קינדער שוין יא אַרבייט, איז דען ניט בעסער זיי זאָלען אַרביי־טען אויפ'ן גרויסען פרייען אָקעאַן, אויף די לופטיגע שעהנע שטראַ־סען פון טיר־גאַרטען?... דער סענטימענטאַלער דייטש איז גאָר ניט סענטימענטאַל ווען עס קומט צו פּראַקטישע זאַכען... שעהנע יונ־גע קינדער רייניגען זיינע גאַסען און אַלטע גאָר ניט פּאָעטיש־אויס־זעהענדע פרויען פערקויפען אויף די גאַסען בלומען... א שעהנע יונגע בלומענהענדלערין איז טאַקע פּאָעטיש, אָבער וואָרום זאָל אַן אַלטע פרוי ניט פערדיענען א פּאָאָר פּפעניג?... א בלום הערט ניט אויף צו זיין א בלום, ווען איהר קריגט זי זאָגאַר פון א פרוי וואָס רעדט צו אייך מיט א באַסענשטימע און האָט א רויטע נאָז פון ביער...

שיפען הויבען זיך אָן ציינען עפּטער און עפטער... עטליכע וואַסער פויגלען האָבען אונז געבראַכט א גערוס פון דער מוטער ערד... באַלד, באַלד, זעהר גיך, וועלען מיר דערזעהען פייערלעך פון די לייכט־טורעמס... און דאַן וועט ערשיינען דאָס לאַנד. פריהער אַזוי ווי א וואָלקען, וואָס הענגט אין דער לופטען, דאַן אַלס א שוואַרצע מאַסע... גיך וועלען מיר זיך דאַרפען שיידען מיט אונזערע מיט־פּאַסאַזשירען. רעוועראַנד דאָקטאָר ראַבאַי פּופּיק, א קליינינקער, ווי קוועקזילבער אונרוהיגער אידעל, וועלכער שטעלט אויס זיין בייכעל און ציהט אויס זיין האַלז, ווי ער בעגעגנט נור איינעם און וועלכער זאָגט, אַז ער איז פרום, נור ער גלויבט ניט... ער האָט געשטודירט די „דראַמע" אין יוניווערזיטי אָף ניו יאָרק און ווייסט ניט, ווער האָט געשריעבען „די הײמאַט"... און אָט איז א רומענישער ריעל־עסטייט באַפּער־לאַפּניק, וועלכער איז נאָך גאָרניט לאַנג געווען אַן אַרבייטער

און א מאשין האָט איהם אָבגעשניטען צוויי פינגער, איצט רעדט ער דייטש, שפּיעלט פּינאָקל און לאַכט פון די ארבייטער. ער רייסט די הויט פון זיינע שכנים און פיהרט זיין אלטער מאמע קיין רומעניע א פּרעזענט, א האלבען פונט קאפע. ווארום אין רומעניען קען מען ניט קריגען קיין גוטען קאפע... די וואָס קענען איהם, זאָגען, ער פער־מאָגט הונדערט טויזענד — און ער טראָגט פערשמאָלצענע הויזען, וועלכע זיינען א מאָל פערצייטען געווען בלויע, נאָך אין די יאָהרען ווען באָיארין קאָנטאקוזען האָט געהערשט איבער מאלדאוויע אין וואלאכיע. ער טראָגט א שמוציגע העמד מיט א גרויסען דימאַנט...
און אָט איז א אידעל פון טשיקאגאָ, וועלכער בייזערט זיך אויפ'ן סטוארט, ווייל ער, דער טשיקאגאָער עושר קען ניט לעזען וואָס אין דער שפּייזע קארטע שטעהט געשריבען. ער האלט זיך זעהר שטאָלץ און ווייס ניט ווי צו זיצען ביים טיש... ער מאכט זיך הארץ און פּיהלט זיך במחילה. און אז מען בעט איהם אונטערשרייבען זיין נאָמען אויף דער ליסטע פון קאָלעקשיאָנס פאר די מוזיקאנטען, ענט־פערט ער מיט א נגון: „נו, און אז אָהן א נאָמען, וועט איהר ניט נעהמען מיין געלד?... איך וועל אונמיסטען ניט אונטערשרייבען מיין נאָמען און וועל זעהן, אויב איהר וועט נעהמען"... נו, וואָס מיינט איהר? ער האָט זיין נאָמען טאקע ניט אונטערגעשריבען און דער דייטש האָט גענומען... און ביי זיי, ביי די גוים, מיינט איהר, איז ניטאָ קיין טיפּען? א טשעך, א רייכער סאלון קיפּער, וועלכער וועגט א צעהן פּוד, טראָגט ניט קיין קאָלנערס מיט קיין האלזטי־כער, עסט אויף אלעם וואָס אויפ'ן טיש, טרינקט ווי אן אָקס, חכמ'עט זיך ווי אן אפּפּע און מאכט מיט'ן מויל א קונץ. איהר ווייסט ניט פון וואנען, פּלוצלונג הערט איהר, ווי עס גיסט זיך עפּעס פון א פלעשעל און עס מאכט: בול, בול, בול!... געזונד זאָל ער זיין! דאָס מאכט ער דעם קונץ... און אָט איז א דייטש וואָס טרינקט ביער פון אין דער פריה ביז נאכט און מאכט גרויסע פּראָבלעמען אויפ'ן טיש מיט דרייצעהן צינדהעלצלעך... א דאמע, וועלכע זעהט אויס ווי א מאָנומענט... בייט איבער יעדען טאָג איהרע קליידער און ווען איהר געהט אויפ'ן דעק, פּערטשעפּעט זי אייך מיט א ווינקעל פון איהר געביידע... און נאָך, און נאָך... אזוי פיעל פערשיעדענע מענשען, פערשיעדענע טיפּען, וועלכע איך פלעג בעגעגענען יעדען

טאָג... זיי אַלע וועלען באַלד פערלאָזען די שיף און צושמאָלצען ווערען אין דער גרויסער אַלטער וועלט, וועלכע רופט זיך אייראָפּא...

א האַלבע לבנה איז אויפגעגאַנגען אויפ'ן בלויען הימעל און שווימט לאַנגזאַם נאָכ'ן שיף. דער אָקעאַן מאַכט פון זיינע שוואַרצע וועלען א ווייסען קלאָרען זילבערנעם שפּיעגעל, אום די לבנה זאָל פון בלויען הימעל אַראָפּ אויפ'ן וואַסער... לאַנגזאַם און טרוימעריש לאָזט זי זיך אַראָפּ און שווימט פון איין זייט שיף, און פון דער אַנדער זייט הערשט א געדיכטע פינסטערניס. א מיסטישער, געהיימניס־פאָלער, שוואַרצער, רוישענדער אַבגרונד קוקט אייך אין די אויגען... דאָרט אפשר שטיפען יעצט די וואַסער געטער מיט די שעהנע סירענען, א ווילדע, שטירמישע לײַדענשאַפט צינדט זיך אָן אין זיי און די וואַסערען הויבען אָן שטאַרקער צו רוישען... אָדער דאָס קוקט אויף אייך פונ'ם שוואַרצען אַבגרונד דאָס שרעקליכע, דאָס אונבעוואוסטע, דאָס אונבעקאַנטע?

ווייט, ווייט האָט פּלוצלונג א ציטער געטאָן א פייערעל און איז פערשוואונדען געוואָרען... אָט צייגט עס זיך ווידער, שוין א סך העלער און ליכטיגער... נאָך א פייערעל!...

לאַנד! לאַנד! מאָרגען פריה זיינען מיר אין פּלימוט.

.4

לאַנד! לאַנד!

די ליכטיגע קלאָרע זונן בעגיסט מיט העלע פאַרבען די הויכע ברעגען. ווייט זעהען זיך רוהיגע שטילע בוימער, בעדעקטע מיט היט־לען פון געדיכטע בלעטער און גרינע שלעפעריג־אויסגעצויגענע פעלדער, — בילדער, נאָך וועלכע דאָס פערמאַטערטע אויג האָט אַזוי לאַנג געבענקט. רוהיג, שטיל און מעלאַנכאָליש בליקט די ערד אַראָפּ אויפ'ן וואַסער וואָס פאַר א קאָנטראַסט! דער אייביג רוישענדער, אייביג אַקטיווער, ענערגישער, לײַדענשאַפטליך זידענדער, אייפער־זיכטיגער און ליעבענדער, צאָרניגער און צאַרטער, קושענדער און שלאָגענדער אָקעאַן און די פערטראַכטע, פאַסיווע, ווילענלאָזע, סקלאַ־וויש געהאָרכזאַמע און אייביג־פרוכטבאַרע מוטער־ערד... דער אָקעאַן

— דאָס איז די אָביעקטיוועדראמע, די ערד — דאָס איז די סוב־יעקטיווע ליריק...

צוזאמען מיט'ן לאַנד קומען צו אונז צוריק אויפ'ן שיף טרויע־ריגע שמערצענדע געפיהלע, דיזעלבע געפיהלע, וועלכע מיר האָבען אי־בערגעלאָזט אויפ'ן לאַנד פון יענעם זייט אָקעאַן... זיינען די דאָזיגע געפיהלע פריהער פון אונז אריבערגעשוואומען דעם ים הגדול און האָבען דאָ אויף אונז געווארט? אָדער זיי זיינען געפאָהרען צוזאמען מיט אונז, בעהאלטען און צוגעשטיקט ערגיץ וואו אין פערבאָרגענע ווינקאלעך? וואָס איז דער אונטערשיעד, — זיי זיינען דאָ!... און עס הויבט זיך שוין אָן גריבלען: מאין אתה בא ולאן אתה הולך? וואָס הערט זיך דאָרט, פון וואַנען מיר זיינען אוועק און וואָס ער־וואַרטעט אונז דאָרט, וואָהין מיר געהען?

אונזער שיף שטעהט רוהיג און אָטהעמט שטיל דורך איהרע גרויסע קוימענס מיט אַ געפיהל פון שטאָלצע צופריעדענהייט און אַרום איהר גליטשען זיך קליינינקע שיפעלעך. ים פויגלען פּאַטשען מיט די ווייסע פליגלען איבער'ן וואַסער, שווימען ארויף הויך צו די וואָלקענס, און געהען אום מיט ריטמישע הקפות ארום שיף. זיי זוכען רויב, זיי זוכען מיטלען צום לעבען... אַ סך פּאַסאַזשירען פערלאָזען אונז, אויסגעפּוצטע, יום טוב'דיג געשטימטע... זיי גע־העז אריבער פון „קייזער ווילהעלם דער צווייטער" אויף אַ קליינעם דאַמפּפער ... מיר אַלע שטעהען אין אַ געדיכטע מאַסע, בעגלייטען זיי מיט אונזערע בליקען און זאָגען זיי שטיל אונזער לעצטען זייגע־זונד. ווידער דריקט דאָס הארץ אַ שאַרפער שמערצליכער געפיהל... איך קען זיי ניט, איך ווייס ניט ווער זיי זיינען, איך האָב גאָר נישט געמיינשאַפטליכעס מיט זיי, און דאָך טוט וועה דאָס הארץ... אַ גע־ווויסע צייט געוועזן צוזאַמען, געזעהען זיי יעדען טאָג און יעצט נעהמט זיי אַ קליינע שיפעלע אוועק פון אונז.

וועלען מיר זיך ווען עס איז לעבען ווידער בעגעגענען? אָדער ווען די שיפעלע וועט זיך פערבאָרגען אונטער דעם שירם פונ'ם לאַנד, וועלען זיי פערשווינדען ווערען פון אונז אויף אייביג און וועלען זיך צושמעלצען אין דעם גרויסען אָקעאַן, וועלכער רופט זיך „מענש־הייט"? דער אָרקעסטער שפּיעלט. די טענער טראָגען זיך טרויעריג איבער'ן וואַסער. די ים פויגעלעך, הויבען זיך אויף דערשראָקענע,

שרייען און פלאַטערען מיט די פליגלען... אין דער לופט זעהען זיך רויטע הענד, ווייסע טיכלעך, שווארצע קאַפּעליושען... עס הערען זיך שטימען, מען ווארפט זיך איבער מיט פראזען... אדיע! אדיע! ווער איהר זייט און וואָס איהר זייט, לעבט וואָהל! אה, מיינע צייט־ליכע מיטרייזער, קליינינקע מענשעלעך, עגאָאיסטישע בעשעפעני־שען, ליידענדע און קעמפּפענדע, שטרעבענדע צו א געוויסען צוועק געהענדיג בעוואוסטלאָז אויף די שטעגען פון לעבען, שלעכטע און גוטע, — לעבט וואָהל אַלטע!... איהר זייט איצט א טייל פון מיין „איך", וועלכער געהט אוועק פון מיר.

דער „קייזער ווילהעלם" הויבט אָן שווער צו אטהעמען דורך זיינע גרויסע נאָז־לעכער. א שווארצער רויך געהט פון איהם צום לאנד... ער גיט א לאנגען בייזעריגען געשריי און הויבט זיך אָן ווידער צו בעוועגען מיט זיין גאנצער מאסע... אייניגע פון אונז שטעהען נאָך אַלץ ביים באָרט און קוקען אויפ'ן לאנד. איך געה אוועק אין א ווינקעלע און ווארף זיך ארויף מיט נייגירדע אויף דער ערש־טער צייטונג, וועלכע מען האָט אונז געבראכט פון פלימוט. נו, יא! דער קיסר און סטאָליפּין האָבען צוטריבען די צווייטע דומא אין רוסלאנד, אויפ'ן הארצען ווערט נאָך שווערער..

איך זעה לאנד פון ביידע זייטען. אייראָפּא! די אַלטע וויעג פון אונזער ציוויליזאציאָן, דער אַלטער נעסט, וואו עס זיינען אויסגעוואק־סען און ערצויגען געוואָרען אונזערע געדאנקען און אידעען, אונזערע שוואכקייטען און עראייגניסע, אונזערע טרוימערייען און פּראקטישע שטרעבונגען... אויף די זעלבע וואסערען זיינען א מאָל, לאנג אומגע־שוואומען די סקאנדינאווישע וויקינגען, וועלכע זיינען געגאנגען נאָך שלל קיין בריטאַן און נאָרמאנדיע, און איצט שיקען אונז די סקאנדי־נאווישע פעלקער די ווערקע פון איבסען און סטרינדבערג... אָט זיינען די זאָגנאנטע ווייסע טויערן פון דאָווער... ווייסע בערג און ווייסע פעלזען שטעהען אויף לאנגזאם פון וואסער און ציהען זיך אין דער הויך. דאָ האָט דער נייער רוסישער דאָן קיכאָט, אדמיראל ראָ־זשדעסטווענסקי אנשטאָט ווינד־מיהלען דערזעהן אין זיין צודולטע פאנטאזי די שרעקליכע יאפּאנעזער און האָט אָנגעהויבען פייערען מיט קאנאָנען אויף די אַלטע רוהיגע פישער, וועלכע זיינען פון טויזענדער יאָהרען א פריעדליכע טהייל פון דיעזע ווייסע פריעדליכע בערג...

און דאָרט אויפ'ן לאַנד ווייט, איבער די בערג פון די פירעניען, אי־בער די אַלפּען, צו די טהאַלען פון רהיין, — האָט אומגעוואַנדערט טאָקע דער אמת'ער דאָן קיכאָט, דער ריטער פון טרויעריגען גע־שטאַלט, רייטענדיג אויף אַ מאַגערע אידעאַליסטישע קליאַטשע, בע־דעקט מיט פערשאַווערטען מאָראַלען געוועהר, צו קעמפּפען פאַר אָב־געלעבטע אידעאַלען, וועלכע וועלען קיין מאָל ניט שטאַרבען... נאָך איהם, אויפ'ן פּראַקטישען עזעל דער געשעפטס־פעהיגער סאַנחא פאַנטשא, מיט זיינע שטרעבונגען צום שיסעל מיט קאַשע און מיט זיין פעראַכטונג און פערשפּאָטונג צו די אַלע זאַכען, וועלכע מען קען ניט עסען מיט ברויט און מיט קרויט. פון „קייזער ווילהעלם" זעהט מען עס ניט, אָבער איך בין זיכער דיעזע צוויי חברה־לייט וואַנדערען נאָך עד־היום ארום, דאָרט ווייט, איבער די ברייטע פעלדער פון אייראָפּאַ, וועלכע זיינען בעדעקט יעצט מיט אַ נעבעל און זיי וועלען ארום וואַנדערען אזוי לאַנג ווי עס וועט לעבען די דאָזיגע בריאה, וועלכע רופט זיך מענש. איבער דיעזע אַלטע אייראָפּעאישע פעלדער וואַנדע־רען נאָך ארום אויך אנדערע אַלטע בעקאַנטע וואַנדערער פון געדאַנק און אידעע. דער סקעפּטיקער האַמלעט געהט אום אַ טיעף פערטראַכ־טער און פרעגט נאָך אַלץ: זיין אָדער ניט זיין? דער מעטאַפּיזיקער פאַוסט שפּאַצירט אום מיט'ן ראַציאָנאַליסטישען מעפיסטאָ. דער עפּיקורייער דאָן זשואַן זוכט פערגעניגען... „דער עוויגער איד" וואַנדערט דאָ, פערפאָלגט פון יעזוס'עם ברידער... אָה, אַלטע איי־ראָפּאַ! אה, איהר רוהעלאָזע, אייביגע וואַנדערער!...

וואָס קען מען זאָגען וועגען דער שטאָט ברעמען? דייטשלאַנד, אָרדנונג, גוטע ביער, שעהנע געשמאַקפאָלע געביידעס, ריינע גאַסען, לאַנגזאַמע קריכענדע עלעקטריק קאַרס, אָרדנונג, ווייניג ברויט, מעהר קאַרטאָפעל, שטרענגע עקאָנאָמיע, „זונטאָג מוז איך לוסטיג זיין", טרינק־געלד, — צאָהלען ביטע, טרינק געלד — דאַנקע שעהן. טרינק געלד — האַבע די עהרע. טרינק געלד — ווינשע אַ גליקליכע רייזע... און מיר זיינען שוין אין אַ וואַגאָן, וואו עס איז ענג און הייס און שמוציג און מיר פאָהרען נאָך טיעפער אינ'ם לאַנד פון מעטאַפּיזי־שע פילאָזאָפּי, סאָלדאַטסקע דיסציפּלין, קלאַסישע מוזיק, ראָמאַנטישע פּאָעזי און מאַטעריאַליסטישע טרינק געלד.

מיר פאָהרען קיין בערלין, ערגעץ וואו אויף אַ סטאַנציע געהען

אריין אין אונזער קופּע צוויי אמת דייטשע דייטשען. איינער א רוי־טער, א קײלעכדיגער, א פולער, — א גלעזערנער סקונער״ אָנגעגאָ־סען מיט ביער. דער צווייטער, מיט א אינטעליגענטען פּנים, — פון די פּנים׳ער וועלכע מיר זעהען אזוי זעלטען ביי אונז דאָרט אין אמערי־קא... דער „סקונער״ קוקט אריין אין א וויץ־בלאַט און זיין בייכעלע טרייסעלט זיך פון פערגניגען. דער צווייטער גיט א קוק אויף אונז איבער זיינע פּענסנע און הויבט אָן צו רעדען מיט אונז ענגליש. ער גיט צו, די אמעריקאנישע אייזענבאהנען געבען מעהר בעקוועמליכ־קייטען, און פיהרען שנעלער, אָבער וויפיעל מענשען ווערען גע׳־הרג׳עט, ווייל עס איז ניטאָ קיין פעראנטוואָרטליכע פּערזאָן, ווייל ביי די אריבערפאָהרונגען איבער די רעלסען זיינען ניטאָ קיין „וואטש־לייטע״? היינט ווען קומט דאָרט א צוג א צוג אין צייט? אין אמעריקא טרעפט זיך גיכער א צוג זאָל פערשפּעטיגען אויף 36 שטונדען, איי־דער אין דייטשלאַנד זאָל זיך טרעפען א צוג זאָל זיך פערשפּעטיגען אויף 36 סעקונדען קוים האָט דער דייטש געענדיגט זיינע בעמערקונ־קען, ווי דער צוג האָט א ציטער געטאָן און האָט זיך אָבגעשטעלט... מיר זיינען אַלע ארויס פון די וואַגאָנען. וואָס איז געשעהען? דער וואטשמאַן האָט צו פריה געעפענט דעם אריבערפאָהר און אונזער צוג האָט זיך אָנגעשטויסען אויף א וואָגען מיט צוויי פערד... די פערד זיינען דער׳הרג׳עט געוואָרען, דער קוטשער האָט נור פערלוירען א פוס און דער לאָקאָמאָטיוו פון אונזער צוג איז אין גאַנצען פערקריי־פּעלט געוואָרען. מיט איין אויגענבליק פריהער איז אריבערגעלאָפען א שווערער אויטאָמאָביל... אונזער צוג זאָל זיך אָנשטויסען אויף דער מאַשינע, וואָלטען מיר געווים געווען אַלע קאַפּוט און איך וואָלט אייך איצט ניט גערולט דעם קאָפּ מיט רייזע־בילדער... אָרעמער דייטש, ער האָט זיך נעבעך געפיהלט ניט גוט, ווי א שולדיגער... מיר זיינען לאַנג געשטאַנען און געוואַרט אויף א צווייטען צוג... געגען אונז איז געלעגען א שטעטעל ביז׳ן האַלז איינגעטונקט אין גרינס... ניט ווייט אין א שאָטענדיגע אַלעע פון אַלטע בוימער האָבען זיך פערזאַ־מעלט גרופּען פון דייטשע קינדער. וואָסערע ליעבע קינדער מיט רויי־טע געזונטע בעקלעך, מיט בּאָרוועסע פיסלעך, א ביסעל נאַרישע, אָבער אזעלכע נאַאיווע, שעמעוודיגע, גוטע אויגען. ניין! ניט אונ־זערע אמעריקאנישע אויסגעפּוצטע קינדער מיט פרעכע אויגען און

בלאַסע קריינקליכע פּנים'ער! אָבער דער הערר שאַפנער שרייט: הע־רײנשטייגען. און מיר פאָהרען ווייטער. פון דעם געשפּרעך פון אונ־זערע צוויי שכנים, די דייטשען, ערפאהרען מיר, אז דער וואַטשמאַן, וועלכער האָט צו פריה אויפגעהויבען דעם שלאַג־בוים, און וועלכער איז „אַן ארמער קערל" זעכציג יאָהר אַלט, — אז דער וואַטשמאַן איז באַלד נאָך דער קאַטאַסטראָפע ארויף אויפ'ן בוידעם פון זיין שטי־בעל, האָט זיך געמאַכט פון דראָהט א תליה און האָט זיך שוין געווען אויפגעהאַנגען, נור זיין פרוי און די בעאַמטע האָבען איהם ארונטער גענומען. דער „סקונער" האָט אונז זאָגאַר געוויזען דעם דראָהט פון וועלכען דער „שלייף" איז געווען געמאַכט... „אָבער ער איז גערע־טעט, און ער זאָלטע שטרענג בעשטראָפט ווערען נאָך די געזעצע, יעדער דייטשער זאָל זיינע פליכט טהון"... הם! אליין אויפהענ־גען זיך! און וואָס וועלען די קעניגליכע בעאַמטען טאָן?

פון דער צווייטער קופּע קומט צו אונז אריין אַן עכט אמעריקאַ־נער רויכערן און שמועסען... פריהער איז ער א יענקי... ביסלעכ־ווייז ווערט ער אַן אמעריקאַנער יהודי און נאָך א ביסעלע שפּעטער ווערט ער אַן אונגאַרישער איד. ער איז זעהר רייך, פאָהרט מיט זיין פרוי און א זעכצעהן־יעהריגען זוהן אין א שטעטעל לעבען בודאַ־פּעסט. מיט פיער און צוואַנציג יאָהר צוריק איז ער אַלס א יונגער „קנאבע" אריבער געקומען קיין אמעריקאַ... ער האָט פיעל געליטען און געליידעט. איצט לעבט ער ווייט אין דהעע סאוט, איז זעהר רייך און פאָהרט צו א שוועסטער אויף חתונה... די שוועסטער איז געבוי־רען לאַנג נאָך זיין ארייננוואַנדערען — ער קען זי ניט. מיט עטליכע יאָהר צוריק איז זיין פאָטער געשטאָרבען און איהם איז ניט בעשערט געווען צו זעהן איהם. אָבער ווי ער וועט נור קומען אין זיין שטעט־טעל, וועט ער פאָהרען אויפ'ן בית עולם אויסוויינען זיך א ביסעל אויפ'ן טאַטענס קבר... דערפאַר די מאמע? אה, דיער אַלד וואומען, איך האָב איהר פון ברעמען טעלעגראַפירט, זי זאָל ניט קומען קיין בודאַפּעסט מיט בעגעגענען, וואַרום עס וועט איהר זיין צו שווער... עס וועט אונזביידען זיין שווער... פיער און צוואַנציג יאָהר ניט גע־זעהן זיך! און יעצט פיהר איך א זוהן, וועלכער איז אזוי אַלט, ווי איך בין געווען, ווען מיר האָבען אונז געשידען... איך פיהר רייכע פּרעזענטען פאַר מיין אונבעקאַנטע שוועסטער און פאַר מיין ליעבע

מוטער... אָבער וואָס דאַרף זי די פּרעזענטען? איהר זוהן קומט... איהרע קינדער קומען פון דער ווייט... זי האָט אַזוי לאַנג געוואַרט אויף מיר... אה, מאַי פּוּאוּר מאָדהער!

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף איהם: ווער איז ער, דער אידעל פון דהע סאוט? אַ קלאָדהינג געלד מאַכער? אַ פּרויענ־הענדלער? אַ געמבלער און קעשעניע שניידער? אַ ריעל־עסטייט־כאַפּער לאָפּ־ניק? אָדער גלאַט אַזוי אַ ביזנעס מאַן?... ווער ער זאָל ניט זיין דאָרט אין דהע סאוט, דאָ אין וואַגאָן איז געזעסען געגען מיר אַ מענש, אַן אַלטעס קינד, אַ ליעבענדעס קינד, וואָס איז געפאָהרען ברענגען זיין אַלטע מאַמע אַ ביסעלע נחת. אה, אָרעמע גליקליכע אַלטע מאַ־מע!...

אַ סך הויכע קוימענס מיט רויך לויפען פערביי אונז, אַ סך רעלסען, אַ סך וואַגאָנעס, קליינע אָרעמע הייזלעך, דער צוג פערהאַלט זיין געלויף, עס סקריפּעט עטוואָס, מען פייפט, אימיצער שרייט, מיר בלייבען שטיין... הערויסשטייגען! בערלין! פּיאַקרען, דראָזש־קעס, שוצלייטע, קיווערען, סאָלדאַטען איבער די געפלאַסטערטע גאַ־סען איז אַזאַ גערויש פּונקט ווי אויפ'ן אָקעאָן.

מיר זיינען אין בערלין!...

.5

איך בין פערליעבט אין בערלין! בערלין איז געגליכען צו אַ שעהנע, יונגע, בליהענדע, ציכטיגע, לעבענספּעהיגע און לעבענסלוס־טיגע פרוי, וועלכע לעבט מיט אַ פּראַקטישען רעכנונג און טרוימט מיט אַ זיסען טרוים. זי פערשווענדעט ניט איהרע קרעפטע ווי לייכטזינ־ניגע קאָקעטקע און פערליערט ניט קיין געלעגענהייט צו געניסען. זי לעבט מיט אַ סיסטעמע. עס איז ניטאָ אין דער וועלט קיין שעהנע־רע שטאָט פון בערלין! פּאַריז האָט וויכטיגע, זעהר שאַצבאַרע היס־טאָרישע מאָנומענטען, פּאַריז האָט זעהר רייכע אוצרות פון קונסט, פּאַריז האָט גרויסע פּרעכטיגע פּאַלאַצען, וועלט בעריהמטע בולוואַ־רען, אָבער, איך בין איבערצייגט, אַזאַ „גאַנצען" איינדרוק ווי בער־לין מאַכט זי ניט. אין בערלין זיינען ניטאָ קיין ווידערשפּריכע. אַלעס איז סיסטעמאַטיש און האַרמאָניש. עס איז שעהן ניט טהיילען ווייז,

נור אַלעס אין גאַנצען געגומען איז שעהן, אויסגעהאַלטען, צוגעפּאַסט. דער דייטש קען דאָס ביסעלע רייכקייט און שעהנקייט, וואָס ער האָט אַזוי ארויסציינען, אַזוי גרופּירען, אַז עס זאָל ארויסרופען דעם גרעסטען עפעקט און מאַכען דעם שטאַרקסטען איינדרוק. דער דייטש איז דער איינציגער מענש אין דער וועלט, וועלכער בעזיצט פאָלקאָמען די קראַפט פון עקאָנאָמיע. דאָס לעבען איז ניט אינ׳ם פערשווענדען, נור אין דעם עקאָנאָמיזירען. דער דייטש לעבט, ער איז לוסטיג. ער האָט הנאה, ווייל ער קען נעהמען פונ׳ם לעבען אַלעס, ביי איהם געהט קיין זאַך ניט פערלאָרען. ער עקאָנאָמיזירט לעבענד און לעבט עקאָ־נאָמיזירענד. עס זיינען דאָ אין פיעלע שטעדט מעהר סטאַטוען, מעהר שעהנע געביידען, מעהר בולווארען ווי אין בערלין. אָבער אַזוי שעהן גרופּירט, אַזוי קלוג סיטואירט, מיט אַזא גוסט אויסגעשטעלט ווי אין בערלין — ניטאָ.

אַ גרויסע וועלט־שטאָט און האָט דאָך ניט דעם ווילדען געפּיל־דער און דעם בעטויבענדען ליאַרעם פון ניו יאָרק אָדער לאָנדאָן. אַ גרויסע צו־וואָרפענע שטאָט און דאָך ניט נור אין געוויסע קוואַר־טאַלען, אומעדום איז ריין, אומעדום, בוימער, בלומען, פאָנטאַנען. בערלין איז אומעדום בערלין, וועהרענד אין ניו יאָרק אין אפילו די פינפטע עוועניו כאַראַקטערלאָז... איך בעצאָהל פינף פפעניג פאַר דעם, וואָס איך זעץ אויף אַ ביינקעל „אונטער די לינדען״, עקע פריעדריך שטראַסע. וויפיעל אויטאָמאָבילען! וויפיעל פיאַקרען, אָמ־ניבוסען, וואַגאָנען! עס מאַרשירען ניט אום איבער די גאַסען אַזוי פיעל סאָלדאַטען, ווי מיט זעכצעהן יאָהר צוריק. איז פאַר דער צייט דער גייסט פון מיליטאַריזם שוואַכער געוואָרען, אָדער שוואַכער זיינען געוואָרען די, וועלכע דער „מיליטאַריזם״ פלעגט ארויסגעהן שרעקען אויף די גאַסען? פערביי מיר געהען מענשען, זיי לויפען ניט, זיי איילען זיך ניט, זיי ציינען קיין אונגעדולד. אויף יעדען שריט און טריט בעגעגענט איהר שעהנע געזונטע מענער און זעהר, זעהר זעלטען אַ שעהנע פרוי.

אָה, דו שעהנע, בלאָנדע, בלויע־אויגיגע גרעטכען, וועלכע האָט אַמאָל אַזוי בעצויבערט דעם אונצופריעדענעם דאָקטאָר פאַוסט, וואו ביסט דו יעצט? ביסט אין גאַנצען פערשוואונדען געוואָרען פון גער־מאַניא, אָדער דו בעהאַלטסט זיך אין די אַלטע קליינע שטעטלעך, וואו

עס זיינען נאָך געבליבען פון די מיטעלעלטערע יאָהרען די אלטע גאָ־טישע קירכען, ראַטהייזער און געוועלבען ? . . אין בערלין בעגעגענט מען זעהר אָפט א פּאוסט, וועלכער וואנדערט אום אליין אין די שאָ־טינדיגע אַלעען פון טיר־גארטען, אָדער אין די זאלען פון די קונסט־אויסשטעלונגען, קיין גרעטכען אָבער איז ניט צו געפינען. שעהנע פרויען זעהט מען אין וויען.

וויען איז א זאָאָלאָגישער גאַרטען פון שעהנע פרויען. איך גע־ברויך דאָס וואָרט „זאָאָלאָגיע" דאָ, ווייל איך מיין די וויענער פרויען — די שעהנע — פיהרען מעהר א זאָאָלאָגישען לעבען. מע פיטערט זיי גוט, מע פוצט זיי, מע היט זיי אָב נור צוליעב זאָאָלאָגישע ציעלען. די שעהנע פרויען וואָס מע בעגעגענט אין די וויענער גאסען זיינען א סימבאָל פון זאָאָלאָגישע צופריעדענהייט, אָבער קיין אהנונג פון א'ן אינטעליגענטען געדאנק. אין וויען איז די פרוי אָדער א הויז־ווייב, אָדער א גאס־ווייב, אין בערלין איז זי אָדער א הויז־פרוי, אָדער א איבערגאנגס־פרוי. די לאגע פון א הויז־פרוי איז שווערער פון דער לאגע פון א הויז־ווייב, אָבער פיעל רעספּעקטאבלער. א הויז־ווייב עסט, שלאָפט, שפּאצירט, פוצט זיך, זי איז א „זי" פאר וועלכע אן „ער" זאָרגט. א הויז פרוי איז אָבער ניט נאָר א ווייב, זי איז א מוטער, א דיענסט אין שטוב, א ווירטין, א ערציהערין. זי האָט פיעל צו טאָן, צו זאָרגען און צו ליידען, זי פערדיענט אָבער די אכטונג זאגאר פון די, וואָס אונטערדריקען זי. די איבערגאנגס פרוי, איז די פרוי וואָס שטרעבט צו עטוואָס, לערענט, קעמפּפט פאר איהר זעלבסטשטענדיג־קייט. די דאָזיגע פרויען זיינען אם מיינסטען בלאסע, אויסגעמאטער־טע, זעהר אָפט הונגעריגע און ניט שעהן געקליידעטע, אויף זייערע בלאסע פנים'ער אָבער שיינט דאָס ליכט פון געדאנק און פון אינטע־ליגענץ. איך האָב אויף דער וועלט ניט געזעהן אזוי פיעל קינדער, וועלכע זאָלען זיין אזוי פערקנעכט און פערשקלאפט ווי אין בערלין. צעהן־צוועלף יעהריגע בורשען נייגען זיך פאר אייך צו דער ערד, לויפען אייך נאָך ווי הינטלעך, בעדיענען אייך ווי קנעכט. עס איז דערפאר ווייל זייערע מאמעס זיינען נאָך הויז־פרויען... דער זוהן פון א שקלאפין מוז זיין א קנעכט.

איך זיץ אונטער די לינדען, הער זיך צו און קוק. אָט געהט פערביי מיר א נעגער און קוקט ארום זיך מיט גרויסע ווייסע דער־

שראָקענע אויגען. ווי קומט ער קיין דייטשלאַנד? האָט איהם פער־
פיהרט אהער א „דזשענטעלמאַן“, וועלכער האָט געוואָלט איבעראַשען
איירָאָפּאַ מיט זיין שוואַרצען קנעכט? אָדער איז ער געלאָפען פון
שקלאַפעריי, פון ערניעדרונג, פון לינטש־געזעצע צו זוכען פאַר זיך
פרייהייט און מענשענרעכטע? און אָט געהען רוסישע נעגרען. זיי
זיינען ניט שוואַרץ נור פערשוואַרצט. זיי רעדען ניט די שפּראַך פון
דעם פרייען אנגלאַזאַקס, זיי רעדען רוסיש... רוסישע אידען בלאָנ־
זען דאָ אום איבער אַלע גאַסען און געסלעך. זיי לויפען אויך פון שקלאַ־
פעריי, ערניעדרונג, לינטש־געזעצע. אָבער וואו אין דער וועלט ווע־
לען זיי געפינען פאַר זיך פרייהייט און מענשען־רעכטע? אין דייטש־
לאַנד געוויס ניט.

בערלין איז בוכשטעבליך פערפלייצט מיט רוסישע. אין האָטעל,
וואו איך שטעה רעדט מען מעהר רוסיש ווי דייטש. אויף פריעדריך
שטראַסע רעדט מען רוסיש ניט ווענינער פון דייטש. אונטער די
לינדען הערט מען רוסיש, אין טיער גאַרטען רוסיש, אויף דער זיעגעס־
אַלעע — רוסיש. איך האָב ארויפגעקלעטערט אויף דער זיעגעס קאָ־
לאָנע, דאָרט רעדט מען רוסיש. אויף די קונסט אויסשטעלונגען —
אין די טעאַטערע — רוסיש. ניט נור אידען לויפען איצט פון רוס־
לאַנד, איך האָב דאָ בעגעגענט א סך רוסישע קויפלייטע און נאָך
מעהר רוסישע גוטס־בעזיצער (פּאָמיעשציקעס). די פּאָמיעשציקעס
זאָגען, זיי פּאָהרען קיין בערלין זוכען פערגעניגען. ווירקליך, ווען איהר
זעהט זיי שפּאַצירען מיט שטאָלץ־פעררייסענע קעפּ, ווען איהר הערט
ווי זאָרגלאָז זייערע דאַמען האַקען אויף די שטראַסען א ניזשניגאָ־
ראָדסקי פראַנצויזיש, ווען איהר קוקט אויף זייערע אויסגעפּוצטע
קינדער, די גובערנאַנטקעס און ניאַנקעס, ווען איהר זעהט ווי זיי
פרעסען מיט אַפּעטיט אין די רעסטאָראַנען און זויפען שאַמפּאַניער,
— קענט איהר געוויס גלויבען אז זיי זיינען גליקליכע, רייכע, רוהיגע
בירגער פון א גליקליכען, רייכען, רוהיגען לאַנד — מע דאַרף אָבער
קענען דעם רוסע, זיין ווילענלאָזיגקייט, זיין אונפעהיגקייט, צו באַרע־
כענען וואָס מאָרגען וועט זיין און ווילדע צופריעדענהייט מיט דעם
וואָס איז איצט, — מע דאַרף וויסען וואָס טוט זיך איצט אין די דער־
פער און לעזען וואָס עס קומט פאָר אין די שטעט, אום מען זאָל
זיך ערקלערען, וואָס עס טרייבט זיי איצט פון רוסלאַנד. די פערצוויי־

פעלטע רוסישע אידען מיט פערזאָרגטע פּנים'ער און די צופריעדענע רוסישע „בירגער" מיט פרעכע פריילִיכע פּנים'ער, — דאָס אַלעס גיט זעהר ווענִיג רעכט צו האָפען אויף אַ גיכער פערענדערונג אין רוסלאַנד. וואָס דאַרף האָבען ליכט אַ חיה, וואָס לעבט אונטער דער ערד? און וואָס דאַרף פרייהייט אַ קנעכט, וואָס שטאָלצירט מיט זיינע קייטען פון שקלאַפעריי?...

אָט געהען פערביי מיר צוויי אַמעריקאַנער. נאָך איידער איך האָב געהערט זייער שפּראַך, האָב איך זיי שוין דערקענט. זייערע קליידער, ברייטע און בעקוועמע, צייגען אַז זיי קומען פון אַ לאַנד וואו מען האָט פיינט צו זיין געבונדען, זייער האַלטונג, און הויפּטזעכליך זייערע אויגען זאָגען, אַז זיי קומען פון אַמעריקאַ. אַ איד קוקט מיט דערשראָקענע, טרויעריגע, פרעגענדע אויגען, אַ רוסע קוקט מיט אַ פאַלש־געמאַכטען פרעכען בליק, אַ דייטש קוקט אַביסעל מיט חניפה און אַביסעל מיט העזה, אַן אַמעריקאַנער קוקט מיט אַ פרייע זעלבסט־בעוואוסטע רוהיגקייט. ער פיהלט זיך אונטער די לינדען אַזוי זיכער גראַדע ווי אויף בראָדוויי אָדער וואָלל סטריט. אה, גליקליכע פרייע לאַנד, ווי גרויס דו זעהסט אויס, ווען מען קוקט אויף דיר פון דער ווייטען!...

וואָס איז דאָס? אַלע שטעהען אויף פון זייערע פּלעצער און לויפען פון בולוואַר אויף דער שטראַסע. ווייט אויף די טראָטואַרען זעהט מען ווי שליאַפּעס הויבען זיך אין דער לופטען, הענד בעוועגען זיך אַרויף און אַראָפּ. אַן אויטאָמאָביל, אַ שעהנער גרויסער אויטאָמאָביל פליהט פון קייזערליכען פּאַלאַסט, געוויס, קיין פּאָטסדאַם... דער שאָפער זיצט מיט אַזאַ ערנסטע מינע, — ער האַלט זיך פאַר אַ גרויסען מאַן, — לעבען איהם זיצט אַ האַרניסט געקליידעט אין אַ האָף־קאָסטיום און גיט יעדע ווײַלע סיגנאַלען מיט זיין האָרן... אַ געזונטער יונגער אָפיציער זיצט אין אויטאָמאָביל און לעגט יעדען אויגענבליק זיין האַנד צום „קאַזיריאָק"... די בערלינער כאַפּען אַראָפּ די היטלען מיט פרייד, מיט התלהבות, מיט שטאָלצקייט. ווער איז דאָס?

— אָבער יאָ! דאָס איז דאָך אונזער קראָנפּרינץ!

לעסינג, הערדער, פיכטע, פייערבאַך, העגעל, שאָפּענהויער, ניטשע, באַך, הענדעל, מאָצאַרט, בעטהאָווען, וואַגנער, שטראַוס, געטע, שי־

לער, לאסאל, מארקס, בעבעל, וואָס בעדייטעט איהר מיט אייער גאַנ־צע ארבייט נעגען אונזער דעקלארײשאָן אָף אינדעפּענדענס ?... אויסדריקען אזא אידיאָטישע־חסידישע התלהבות, ווען מע דערזעהט אָט דעם אָבגעשטאָפּטען סאָלדאטעל מיט רויטע באקען, וועלכען מע רופט קראָנפּרינץ ? ! ניין ! ווי איך קום נור צוריק, נעהם איך ארויס מיינע סיטיזען־פּייפּערס.

## .6

דער וואָס אינטערעסירט זיך מיט טהעאטער, דארף קומען אין אזעלכע שטעט ווי בערלין און וויען ניט ענדע יוני, ווען דער טהעאטער סעזאָן איז פאַראיבער. איך בין ליידער געקומען צו שפּעט, און איך האָב פערלאָרען דאָס, וואָס איך וועל אין אמעריקא ניט קענען גע־פינען. דאָ „ביי אונז" אין אייראָפּא איז אויך דאָ טהעאטער, וואָס עק־זיסטירט נור צוליעב צייט פערטרייב, נור צוליעב געשעפט, און עס איז אָבער דאָ טהעאטער, וואָס האָט א גרויסע אקאדעמישע בעדיי־טונג, וואָס שטעהט גלייך מיט אלע העכסטע אקאדעמיען פון ווי־סענשאפט און קונסט. מע שרייבט פאר דער ביהנע אזעלכע ווערקע, וועלכע דארפען אויך בעלאַנגען צו די אוצרות פון ליטעראטור. ביי אייך אין אמעריקא עקזיסטירט טהעאטער נור צום צייט־פערטרייב און צום געלד מאכען. מע שפּיעלט אמאָל ביי אייך א גוטע שטיק נור אין דעם פאל, ווען די טהעאטער ספּעקולאַטאָרען טראכטען : אפשר קען מען מיט א גוטע פּיעסע אויך מאכען געלד. די דראמע ווערט געשאפען נור פאר דער קאסע און ניט פאר דער ביבליאָטהעק. אין אמעריקא ביי אייך איז דערווײלע נור דאָ דענסינג אקאדעמיעס, און די דירעקטאָרען פון טהעאטער טאנצען א דזשיג אויף דער ביהנע. עס איז ניטאָ קיין אקאדעמיש פּובליקום, וועלכע מע דארף בעפריע־דיגען, עס זיינען ניטאָ קיין העכערע ליטערארישע פאָדערונגען, וועל־כע מע דארף אנקעגען קומען, עס זיינען ניטאָ קיין געוויסע דייטליך אויסגשפּראָכענע בעדירפניסע מיט וועלכע די טהעאטראלע געשעפטס־פיהרער דארפען זיך רעכענען, עס איז ניטאָ קיין עפענטליכע אינטעלי־גענטע מיינונג, וועלכע קען אן איינפלוס האָבען, עס איז ניטאָ קיין אמת'ע אונפּארטייאישע, אווטאָריטעטנע קריטיק, פאר וועלכע מע דארף דרך ארץ האָבען. פערד־הענדלער פיהרען ביי אייך דאָס טהעא־

טער און איזוואָשציקעס שרייבען ביי אייך קריטיקען! און ווער שרייבט פיעסען? נו, יא! וואָס פאר א קאָפּ אזא היטעל...

איך נעהם א בערלינער צייטונג און זוך, וואָס שפּיעלט מען היינט אין די עטליכע נאָך ניט געשלאָסענע טהעאטערע. אין שויספּיעל הויז געהט היינט, זונטאָג, דעם דריי און צוואַנציגסטען יוני, דאָס נייעסטע ווערק פון ווילדענברוך „די ראבענשטיינערין". אין קייזער־קעניגליכען שוישפּיעלהויז, פּונקט געגען קייזער קעניגליכען פּאלאַץ, ניט ווייט פון קייזער־קעניגליכער קירכע, ווערט גאַנץ אָפען געשפּיעלט אום זונטאָג! קייזער קעניגליכע שוצלייטע מיט מעשענע קיוורען רייטענדיג און צופּוס שטעהען ארום טהעאטער און מאַכען זונטאָג אָרדנונג, און מענשען, קריסטען, געהען זונטאָג אין טהעאטער זעהן ווי אקטיאָרען ווערען זונטאָג שפּיעלען.

און אזא חילול השם טוט זיך בפרהסיא! מע שרייבט ניט אויף די אַפישען „סאקרעד קאָנצערט", מע צאָהלט ניט קיין פּראָטעקציאָן־געלד, די גלחים מאַכען ניט קיין פּראָטעסטען. די דעטעקטיווס פערשרייבען ניט וואָס עס קומט פאָר אויף דער ביהנע.

די געביידע פון טהעאטער איז ניט א קאזארמע ווי אייער מעטראָפּאָליטאַן אָפּערא הויז, ניט אַן ענגער שטאַהל, וועלכע איז איינווענינג אויסגעפּארבט און אויסגעפּוצט מיט רויטע און גרינע צאַצקעס, ווי אַלע אייערע טהעאטערע. עס איז א הערליכער טעמפּעל. די געביידע אליין איז א קונסט ווערק. מענשען געהען אין טהעאטער מיט אַן ערנסטען רעליגיעזען געפיהל. ווי שעהן עס איז ארום אייך, ווי הייליג! פאר זעהר ווענינג געלד קויפט איהר דעם בעסטען „סיט" אין הויז. איהר זיצט בעקוועם. עס איז גערוים, ליכטיג, סאליד. אלעס פול מיט געשמאַק. אלעס הארמאָנירט מיט'ן וואָרט קונסט און אלעס רופט ארוים אַן ערנסטע שטימונג. איהר קוקט זיך ארום ווער זיצט דאָ מיט אייך? איך האָב שוין לאַנג, לאַנג, אזא פּובליקום ניט געזעהן! מע קלינגט איין מאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל, — איהר ערוואַרטעט מיט אַן אנגענעהמען געפיהל פון אונגעדולד און נייגיעריגקייט. אלע געזיכטער ווערען ערנסט פּונקט ווי צו פּתיחת הארון און דער פאָרהאַנג געהט ארויף, אויף דער ביהנע לעבט אלעס. דאָס לעבען ווערט ניט פאָרגעשטעלט, נור ווי דער דייטש זאָגט, דארגעשטעלט. דער „סטאר" געהט אום אויף דער ביהנע און רעדט און עסט, ווי

א מענש. קיינע פריווילעגיען פאר דעם סטאר! די קליידער, דאָס מעבעל, די אומגעבונג, די בעלייכטונג, די שטימונג, דאָס בענעהמען זיך, די הויז־זאכען, די אטמאָספערע, געגענשטענדע פון גרויסע וויכ־טיגקייט און גאַנץ אונבעדייטענדע קלייניגקייטען — אַלעס נאַטיר־ליך און ריכטיג. קיינע פאַלשע עפעקטען, קיין האָמבאָג! איהר זעהט, די מענשען דאָ אויף דער ביהנע זיינען ניט „געדרילט" געוואָרען פון א טהעאטראַלען פעלדפעבעל, ווי אזוי צו שטעהן, בעוועגען זיך, אויס־דעקלאַמירען די מאָנאָלאָגען, שנייצען די נאָז, און הוסטען, ווי אין אייערע בראָדוויי טהעאטערע, און זיינען ניט געקומען צולויפען ערשט פון קאפע וואו זיי האָבען זיך געקיבעצט אָדער געמבלינג הויז, וואו זיי האָבען געפּאָקערט, צו מאכען „קאָמעדי" ווי עס וועט וועמען איינפאַלען אין זיין פערדישען קאָפּ, ווי מע טיט ביי אייך דאָרט טאָן.

— ניין! איהר זעהט, דאָ איז אַלעס געפיהרט פון א געניטע האנד פון א קינסטלער און אַלע בעמיהונגען זיינען געמאכט געוואָרען צו רעפּ־ראָדוצירען דאָס לעבען ווי עס איז אין דער ווירקליכקייט. איך האָב א טראכט געטאָן וועגען אונזער אידישע ביהנע, איך האָב זיך דער־מאָהנט אויף מיינע ארעמע פּיעסען און מיר האָט אָנגעהויבען וועה צו טאָן דאָס הארץ...

ערנסט פאָן ווילדענברוך איז איינער פון די בעריהמטעסטע דייטשע דראמאטורגען. ער איז א „לאָיאַלער" קייזער קעניגליכער שרייבער, א גרויסער פאטריאָט פון זיין פאָטערלאנד און א פער־עהרער ניט נור פון זיין רעאַלער נאציאָן, נור אויך פון דעם לעבען פון דעם אָבגעשטאָרבענעם דייטשען ריטערטום. ער פאָעטיזירט דעם אָבגעשטאָרבענעם פעאָדאַליזמוס, ער איז אָבער א דיכטער מיט א בעדייטענדען טאַלענט און איך האָב ערוואַרטעט פון זיין נייען שטיק אן אמת'ן עסטעטישען פערגניגען. מיינע ערוואַרטונגען זיינען ערפילט געוואָרען. די „ראבענשטיינערין" בעלאַנגט ניט צו זיינע בעסטע ווער־קע. די לעצטע צוויי אקטען זיינען זאָגאר געשריבען מעהר פאר די נערוועו ווי פאר'ן קאָפּ, מעהר פאר'ן אויג, מעהר פאר'ן געפיהל ווי פאר'ן געדאנק. אויף אונזער אידישער ביהנע וואָלט אזא שטיק ניט בעפריעדיגט ניט די פערעהרער פון „שטארקעס" און ניט די פער־עהרער פון „גרינעס", און עס וואָלט געווים דורכגעפאַלען מיט פּוי־קען און טרומפּעטען. אָבער די „טייטשען" געבען זיך אָב ערנסט

צו די ווערקע פון זייערע דיכטער. די אויספֿיהרונג, דאָס שפּיעלען, די דעקאָראַציאָנען — אַלעס צוזאַמען האָט דעם פּערפאסער געשטיצט און געהויבען... דער צווייטער אַקט ענדיגט זיך מיט אַזאַ שעהנע, ריהרענדע, זיסע, ראָמאַנטישע סצענע, וועלכע איז דורכגעפיהרט גע־וואָרען מיט אַזוי פיעל חן און שעהנקייט, אַז גאַנץ אונערוואַרטעט האָבען זיך מיינע אויגען אָנגעגאָסען מיט טרערען און איך האָב אָנגעהויבען צו וויינען. אַך! וואָס פאַר אַ ליעבער, זיסער געוויין!... אַן אַלטער דייטש, וואָס איז געזעסען לעבען מיר און וועלכער איז אויך געוועזען ענטציקט פון דער סצענע, האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר, דעם „פרעמדען", מיט אַ גליקליכען צופריעדענעם בליק, און ווען ער האָט דערזעהן מיינע טרערען, האָט ער פערוואונדערט אויסגעשריען: „אַבער, מיין הערר, זי וויינען גאָר?" יאַ, מיין פריינד, איך וויין, ווייל איך בין געריהרט, ווייל איך האָב שוין לאַנג אַזאַ ריינעם גוטען גע־נוס ניט געהאַט, ווייל מיין אָרעמע, קראַנקע אידישע נשמה האָט זעכ־צעהן יאָהר געצויגען פון זיך פאַר אַנדערע און האָט אַליין פאַר זיך גאָר נישט ניט עמפאַנגען.

דער פּאַרטיער פון האָטעל וואו איך שטעה, אַן אַלטער דייטש מיט גרויסע באַקענבאַרדען, מיט אַ נאָז וועלכע האָט געשמעקט אַ סך ביער, מיט אַ זיסע צונג, וועלכע וויל יעדען גאַסט פערזיסען דאָס לעבען, און מיט אויגען, וועלכע פרעגען שטענדיג: וועט דער דאָזיגער חברה־מאַן מיר עפּעס איבערלאָזען טרינק־געלד. — דער פּאַרטיער האָט מיר עטליכע מאָל געראַטהען צו געהן זעהן די אָפּערא „האָפמאַנ'ס געשיכטע". דיעזע אָפּערע, זאָגט ער, איז ניט לאַנג געשפּיעלט גע־וואָרען אין לאָנדאָן מיט זעהר אַ גרויסען ערפאָלג. דער פּאַרטיער מאַכט זיך, אַז ער, דער גנב, גלויבט, דאָס איך בין אַן אמת'ער יענקי און ער מיינט, אַז ווי באַלד מיינע קרובים, די אַנגלאָ־זאַקסען פון ענגלאַנד איז דאָס געפעלען געוואָרען, וועט עס מיר, דעם אַנקלאָ־זאַקס פון אַמערי־קאַ אויך געוויס געפעלען. איך אָבער, אַלס איד און אייביגער סקעפּ־טיקער, הויב אָן באַלד צו פרעגען: און טאָמער פערקעהרט? וואָרום טאַקע ווי באַלד עס איז געפעלען אין לאָנדאָן, וועט עס דאַך אין אַמעריקאַ אויך געפעלען. און דאָס אַליין איז דאָך דער בעסטער בע־וויז, אַז מיר וועט עס ניט געפעלען. אָבער האָפמאַנ'ס געשיכטע?! האָפמאַן דער מיסטישער ראָמאַנטיקער, וועלכער האָט אַ מאָל געהאַט

אזא גרויסען איינדרוק אויף די דייטשע פראנצויזישע און רוסישע שרייבער, אונטער דעם איינפלוס פון וועלכען פושקין האָט אויפגעשריבען זיין „פּיקעווע דאמע" און דער גרויסער גאָגאָל האָט געשריבען „די נאָז" — וואָס פאר אן אָפּערא האָבען זיי געמאַכט פון זיינע „שרעקליכע" נסים׳דיגע געשיכטען? איך האָב געפאָלגט דעם פאָרטיער. איך האָב געזעהן א געהיימניספאָלען „ער", וועלכער איז ניט דער טייוועל, ניט מעפיסטאָ, ניט א שווארצער קינסטלער, און וועלכער האָט דאָך א פאטאלען איינפלוס אויף דעם לעבען פון מענשען. איך האָב געזעהען קונצען, נסים, נפלאות, שרעק, איבערשרעקענישען, גענומען פון האָפמאַנ׳ס ערצעהלונגען און צוזאַמענגעמישט מיט מוזיק, געשריי און געפילדער, און בין געקומען שפּעט אהיים, זעהר מיעד... ניט ווילענדיג האָב איך א טראַכט געטאָן פון אָפענבאך׳ס אָפּערעטען... אָפענבאך׳ס אָפּערעטע האָט אָבגעלאכט פון דעם פאַלשען קלאסיציזמוס. זי האָט געהאַט אין זיך א גיפטיגע פּאָליטישע סאַטירע, זי האָט אָבגעלאַכט פון דעם זיסען סענטימענטאַליזם און האָט פאָרבערייטעט די געזעלשאַפט צום מאַטעריאַליזם... איצט איז די געזעלשאַפט ווידער מיעד געוואָרען מיט דעם מאַטעריאַליזם און עס קעהרט זיך אום צוריק צום סענטימענטאַלען ראָמאַנטיזם... דער גייסט פון דעם ראָמאַנטיזם טרייבט ארויס דעם מאַטעריאַליזם פון דער וויסענשאַפט, טרייבט איהם פון דעם ראָמאַן און דראַמע. דער ראָמאַנטיזם געהט אויך אריבער אפילו אין דער אָפּערעטע... און אין דער ערנסטער אָפּערא.

איך בין געקומען אהיים שפּעט. אַלעס האָט שוין געשלאָפען און עס איז געווען גאַנץ שטיל. מיינע נערוועז זיינען געווען מיעד און שלאָפען האָט זיך ניט געוואָלט. איך האָב פערדרויכערט א סיגאר און געעפענט דאָס פענסטער פון מיין צימער. פון איין זייט זיינען די הויכע בערלינער געביידעס געלעגען בעדעקט אין דונקעלע שאָטענס, פון דער אנדער זייט איז אַלעס געווען בעגאָסען מיט די ווייסע שטראַהלען פון דער ראָמאַנטישער לבנה. די נאַטור אליין האָט אין זיך אזוי פיעל ראָמאַנטישעס, ווי אזוי וואָלט דער מענש געקענט אויסקומען אָהן ראָמאַנטישעס אין זיין דיכטען און אין זיין דענקען?... די לבנה הויבט זיך אויף העכער און שווימט אריבער איבער׳ן הויכען באַנהאָף. בערלין שלאָפט. וואָס טוט זיך יעצט דאָרט, פון יענער זייט אַטלאַנטישען אָקעאַן?...

.7

איך האָב בעזוכט די בערלינער מוזעאומס. די וואַרהייט געזאָגט, דער נאַציאָנאַלער מוזעאום האָט אויף מיר קיין שטאַרקען איינדרוק ניט געמאַכט. פון דרויסען די אַרכיטעקטור פון דער געביידע, די סטאַטועז אין די ווענד און די גאָלד־פאַרביגע בילדער מיט סיוזשע־טען פון דער „הייליגער״ געשיכטע אויף די ווענד, די געגענד אַרום, א שעהנער סקווער, א שעהנע קירכע, א גרויסאַרטיגער בריק מיט מערקווירדיגע מראַמאָרנע פיגורען, שווערע קלאַסישע קאָלאָנען, דעם קייזערס פּאַלאַץ, פערשיעדענע מאָנומענטען, — דאָס אַלעס האָט אויף מיר געמאַכט א טיעפען איינדרוק, ווי דער אינהאַלט פון מו־זעאום אליין. עס קען זיין, מיין שטימונג איז ניט געווען א פּאַסענדע, — עס קען זיין, איך פערשטעה סקולפּטור נאָך ווענינער, ווי איך פערשטעה געמאָהלטע בילדער, עס קען אויך זיין, אז סקולפּטור מאַכט בכלל ניט קיין שטאַרקען איינדרוק אויף דעליטאַנטען. שטיין און גיפּס געבען איבער מעהר פון אַלעס פיזישע, קערפּערליכע קראַפט און שעהנקייט. געוויס, סקולפּטור האָט אויך אין זיך גייסטיגע, אידעאַלע שעהנקייט. זי גיט אָבער איבער נור איין מאָמענט פון אַן אידעע, נור איין אויגענבליקליכען טהייל פון א געדאַנק — דער מאָמענט ווערט פערגליווערט און פערשטיינערט אויף אייביג. איהר זעהט ניט דעם פּלאַן פון דער האַנדלונג, ניט דעם צוזאַמענהאַנג פון דעם וואָס איז פאַרגעשטעלט מיט דעם וואָס איז געווען אין דער פערגאַנגענהייט און וואָס עס וועט געשעהן אין דער צוקונפט. סקולפּטור איז אַן איי־ביגע מאַטעריע, וועלכע פערקערפּערט איין הרף עין פון א מענשליכען געדאַנק. מע דאַרף זיין א גרויסער מבין אויף דער טעכניק, אום מע זאָל ענטציקט ווערען פון סקולפּטור, ווי קומען מיר דעליטאַנטען דערצו! ... גרויסע מאַרמאָרנע גרופּען מאַכען אויף אונז א גרעסערען און א שטאַרקערען איינדרוק, ווייל זיי שטעלען שוין פאָר עטוואָס מעהר גאַנצעס...

איך ווייס, די אמת'ע מבינים וועלען לאַכען פון מיר. איך מוז זיך אָבער מודה זיין, אז דעם שטאַרקסטען איינדרוק אין נאַציאָנאַלען מוזעאום האָט אויף מיר געמאַכט ניט א קונסט ווערק, נור אַן אַלטע

ארכעאָלאָגישע זאַך. אין דער עגיפּטישער אַבטיילונג האָב איך געזעהן אַן אַלטען מזבח, אויף וועלכען אַ מצרי פּלעגט מיט 4—5 טויזענד יאָהר צוריק ברענגען אין דער היים קרבנות צו זיין גאָט אָזירים. אין זיין אָרעמע וואָהנונג איז דאָס געווען די שענסטע ציהרונג און דער הייליגסטער געגענשטאַנד... ער פּלעגט אויף דעם קליינעם מזבח פערברענען אַ טויב אָדער אַ ביסעל מעהל, פּלעגט אויפהויבען זיינע אויגען צום הימעל מיט האָפנונג און ערנסטען גלויבען, און פלעגט אויסדריקען מיט ווארהייט און אויפריכטיגקייט זיינע אינער־ליכע געפיהלען.

אז מע קוקט זיך צו גוט צו דעם אַלטען מזבח, זעהט מען, אז דאָס איז די פּרימיטיווע פאָרמע פון אונזער היינטיגען אייזערנעם אויוועז, וואָס געפינט זיך יעצט אין דער וואָהנונג פון יעדען מאָ־דערנעם מענשען. דער אמאָליגער מענש האָט אַלעס געגלויבט ביי זיך און האָט עס געגעבען צו גאָט. אַ שעהנע רייכע וואָהנונג האָט ער געמאַכט נור פאַר גאָט, פליישׁ און מעהל האָט ער מקריב געווען צו גאָט. ער אַליין האָט געהאַט אַ קליינע בעדייטונג. גאָט איז געווען אַלעס. דער מאָדערנער מענש מאַכט פון זיין וואָהנונג אַ טעמפּעל פון לוקסוס פאַר זיך אַליין. אַ מזבח, וואו מע ברענגט קרבנות פון פליישׁ און מעהל, בויט ער נור פאַר זיך אַליין. ער רויבט אַלעס ביי גאָט אום צו געבען וואָס מעהר נור זיך... דער מענש איז געוואָרען דער גאָט פון זיך אַליין! גאָט האָט אַ קליינע בעדייטונג, דער מענש איז אַלעס. יאָ, עס וואָלט געווען גוט... אָבער דאָס בלוט וואָס מע האָט אַמאָל פערגאָסען אין נאָמען פון גאָט, אין נאָמען פון דעם וואָס מע האָט געהאַלטען הייליג, — דאָס בלוט פאָדערט דער מענש פאַר זיך אַליין... ביי דעם מזבח, ביי וועלכען דער איצטיגער מענש ברענגט קרבנות, ווערען ניט אויסגעדריקט קיין ריינע אויפריכטיגע געפיהלע. ער הויבט ניט מעהר זיינע אויגען צום הימעל... דער „איך" פון׳ם איינציגען איז געוואָרען גרויס. אויף וויפיעל אָבער איז גרעסער געוואָרען זיין „דו"?...

אין דער בערלינער יעהרליכער קונסט אויסשטעלונג האָב איך געהאַט מעהר פערגניגען. מעהר ווי צוויי טויזענד ווערקע האָבען דעם יאָהר די דייטשע קינסטלער אויסגעשטעלט נור אין בערלין. און דאָס איז נור אין דער אַנערקענטע „לאַיאַלע" אויסשטעלונג. די יונגע, די

סעצאניסטען, די אָבגעגטהיילטע אפיקורסים האָבען זיך אייגענע אויסשטעלונג אין אן אנדער טהייל פון דער שטאָדט. לאנג האָב איך אומגעוואנדערט איבער די זאלען פון דער קינסטלערישער אויסשטע־לונג. אין יעדען זאל (אין גאנצען זיינען דאָ ביי א זעכציג זאלען) האָבען מיינע אויגען בעגעגענט בילדער, וועלכע האָבען ארויסגערופען א געוויסע שטימונג, אָדער האָבען אָנגעפילט דאָס הארץ מיט א וואַ־רעמען געפיהל, אָדער האָבען ארויסגערופען א שמייכעל פון פערגניגען. לאנדשאפטען האָב איך געטראָפען אזעלכע שעהנע, אידיליען אזעלכע זיסע, בילדער אזוי פיעל מיט פּאָעזי פון דער נאַטור, אז עס איז פשוט געווען שווער אָבצורייסען די אויגען. גוטעס און שעהנעס האָב איך געזעהן זעהר פיעל, ווירקליך גרויסעס זעהר וועניג. די היינטיגע קינסטלער געבען צו ביסלעך גוטעס אין א גרויסען צאָהל בילדער גע־גען דאָס גרויסע וועניגע פון די אלטע און, ווי איך מיין, די היינטיגע געבען זעהר וועניג אָריגינאלעס. אָט די פערוועמעלטע שאָף, פערשלאָ־פענע פעלדער, מיט א בערגעלע און ווינדמיהל פון פרענצעלס ביל ד ווייזט זיך מיר אויס האָב איך שוין געזעהן ביי מילע. די אלע ווינ־טערנעכט, זונען אויפגאנג, זונען אונטערגאנג, זומער נעכט, פריה־לינג, און הערבסט בילדער האָב איך שוין געזעהן. אלטע מאָטיווען אויף א נייעם ארט געזונגען. אויסערדעם די קינסטלער ווי מיר ווייזט זיך אויס, בעשעפטיגען זיך צופיעל מיט זיך און מיט זייערע קרובים — זיי שטעלען זיך אליין צופיעל אויס. אויף דער אויסשטעלונג דאָ זעהט איהר „מיין בילד״, „מיין פרוי׳ס בילד״, „מיין פרוי און איך״. „איך און מיין פרוי״, מיין פאָטערס בילדניס, מיין ברודער. איך און מיין קינד, מיין פרוי און מיין קינד. מיין פרוי׳ס פּאָרטרעט, מיין אייגענער פּאָרטרעט, מיין טאָכטער, מיין זוהן. זעלבסבילדינגס און ז. וו. אָהן א שיער און אָהן א גרענעץ. צופיעל אויסשטעלונגען פון זיך אליין. קען מען דען ניט געפינען קיין מעהר אינטערעסאנטע טהעמאַן? . . .

מיר געפעלט, וואָס אייניגע מאָהלער מאַכען צוריק מענשליך דעם פערגעטערטען מענש. פוהלעס בילד „מוטער און קינד״ שטעלט ניט פאָר א אידעאלע פרוי, וועלכע לעבט נור צו ווערען א גאָט. ער מאָהלט א יונגע, ליעבע, בליהענדע, געזונטע, אינטעליגענטע מוטער, וועלכע ליעבט און לעבט, און זויגט איהר ליעבעס קינד מיט איהר

מילך, אום ער זאָל ווערען א מענש... א בילד „כריסטוס קאָפּ״ —
איז ניט קיין קאָפּ פון א פאנטאסטישען מענשען, ניט א קאָפּ פון א
איטאַליענער אָדער א פעטען האָלענדער, — עס איז א שעהנע אינטע־
ליגענטע קאָפּ פון א געוועהנליכען אידען, מיט אַ אידישע נאָז און מיט
אידישע ליפּען. אַן אנדער בילד, וואָס שטעלט פאָר „דעם טויטען
כריסטוס״, — איז אויך א בילד פון א יונגען אידישען מאַן, וועלכער
איז פערוויקעלט אין א אידישען טלית... זאָל זיי די קונסט אם וויי־
ניגסטען איבערצייגען און דערמאָהנען דאָס, וואָס זיי ווילען פער־
לייקנען און פערגעסען! א גרויסען פּלאַץ אייפּ׳ן וואנד פערנעהמט,
און כאָטש וויפיעל עס איז פּלאַץ אין הארצען און אין קאָפּ פון די
וואָס קומען אהער דארף פערנעהמען, דאָס בילד פון הירשבערג, „די
פערטריבענע״. (אין פערבאנונג), איהר זעהט א וויסטע פעלד פער־
וואָרפען מיט שנעע עס איז זעהר קאלט. און איבער׳ן שנעע טרעטען
דערפרוירענע, ניעדערגעשלאָגענע, איבערגעשראָקענע אידישע וואנדע־
רער. אלט און יונג, קינדער, זקנים, זקנות, שוואכע, קראנקע, זיי שלע־
פען מיט זיך זייערע אָרעמע קלומקעס, טוליען זיך אין זייערע שמאַ־
טעס. א מיידעלע איינגעוויקעלט אין לומפּען טראָגט א טשאַיניק און
לעבען איהר טראָגט אַן אלטער איד א תורה פערוויקעלט אין אַן
אלטען טלית... זיי געהען שטיל מיט זייער לאנגען וועג פון גלות
און פערבאנונג... א שטילעס בילד, וואָס דערצעהלט א סך. איך האָב
ניט געזעהן, אז גוים זאָלען שענקען אויפמערקזאמקייט דעם בילד.
זיי געהען פערביי, גלייך אויפ׳ן וואנד איז גאָר קיין בילד ניטאָ. און
איך גלויב ניט, אז די פון זיי וואָס קוקען שוין יא אויפ׳ן בילד, זאָלען
הערען און פערשטעהן וואָס דאָס בילד זאָגט... צו לאנג געפינט
זיך דאָס טרויעריגע בילד אין די זאַלען פון דער „וועלט אויסשטעלונג״
— עס מאכט שוין מעהר קיין איינדרוק ניט. שילדערט זיי מעהר ניט
קיין רחמנות׳דיגע וויינענדיגע בילדער פון פערבאנונג, גיט זיי ביל־
דער „פון קאמפף״...!

די לאָיאַלע בערלינער רעדען מיט פעראכטונג פון דער סעצע־
סיאַניסטישע אויסשטעלונג, ווארום אליין זיינע מאיעסטעט ווילהעלם,
די קאָכלעפעל פון גערמאניע, זאָגט, אז זיי זיינען דער בזיון פון דער
דייטשער משפחה. מע רופט זיי משוגעים, דעקאדענטען, מומרים
להכעים און וואָס אין דער קאָרט שטעהט. זיי אליין רופען זיך אימ־

פּרעסיאָניסטען און האָבען אַן אייגענע, קליינע, אָבער אָריגינעלע און אין אַ שעהנעם ליגענדע געביידע „אַם קורפירסטענדאַמם...״

דאָס ערשטע בילד וואָס איך האָב דערזעהן ביי זיי, האָט מיך גע־מאַכט צו שטוינען, אַ גרויסער ווייסער לייווענד אין גאַנצען בעפּינ־טעלט מיט גרויע און בלויעלעכע פלעקען, שווארצע פּאַסען און אַ רויטע מיט אַ בלויע בערגעל אין מיטען, אַ שעהן בילד, האַ? ווען אָבער איך האָב זיך גוט און געדולדיג צוגעקוקט, האָב איך דערזעהן אַ גרויסע שטרעקע, בעדעקט מיט שנעע... אַ געדיכטער שנעע פאַלט פון הימעל אין קרומע ליניען... די שווארצע פּאַסען זיינען פערוואַנ־דעלט געוואָרען אין בוימער... די רויטע און בלויע בערגלעך זיינען געוועזן צוויי פרויען. אין אַ רויטע און בלויע קליידעל. דער פאַלענדער שנעע לאָזט אייך פון אָנפאַנג ניט זעהן דאָס, וואָס אויפ׳ן לאַנדשאַפט געפינט זיך. די קליינע אויסשטעלונג פון די „אָבגעפאַלענע״ הערעטי־קער האָט אויף מיר דוקא געמאַכט אַ בעדייטענדען איינדרוק. איך האָב געזעהן, אַם וועניגסטען, עטוואָס נייעס און אָריגינעלעס... מאַנכע זאַכען טאַקע אביסעל משוגע׳וואַטע, אָבער איהר זעהט טאַלענט און אמת׳ע קונסט... זיי קאָמבינירען די פאַרבען אין גאַר אַ נייעם אופן. פון אָנפאַנג שניידט עס אונזערע קאָנסערוואַטיווע אויגען... זיי האָ־בען שטימונג, זיי האָבען זעעלע, זייער יעדעס בילד סימבאָליזירט עטוואָס... זיי דערלאָזען ניט קיין פּלאַסטיק אין זייער מאָהלען... אין זייער יעדעס בילד איז געמאָהלט געוואָרען ניט נור מאַטעריע, נור גייסט אויך. יעדער קינסטלער גיט איבער ריכטיג ניט נור דאָס וואָס ער האָט געזעהן אין דער אויסערער וועלט, נור אויך דעם איינ־דרוק, וואָס דאָס געזעהענע האָט אויף איהם געמאַכט, די עמפינדונג וועלכע ער האָט געהאַט זייערע מאַרמאָרנע און בראָנזענע ווערקע מאַ־כען אַ טיעפען איינדרוק... מיט מאַמראָר און בראָנז קענען זיי ניט מאַכען קיין משוגענע שטיק ווי מיט פאַרבען... און אָהן דעם משוגעת זיינען ביי זיי דאָ ווירקליך אָריגינעלע, טאַלענטפאָלע, דענ־קענדע און פיהלענדע קינסטלער.

זיי אליין זאָגען וועגען זיך: „מיר בעטראַכטען די קונסט ניט אלס אַ געוועהנליכע זאַך, נור אלס אַ זאַך וואָס ווערט עס... די נעכ־טיגע רעוואָלוציאָנערען זיינען היינטיגע קלאַסיקער. אונזערע אויפ־

גאבע איז צו קעמפפען פאר די צוקונפטיגע הלאסיקער. דער טאלענט פון א מאליער בערוהט ניט אין א סקלאווישע נאכאהמונג דער נא־טור, זאנדערען אין דער קראפט, מיט וועלכער ער קען איבערגעבען דעם איינדרוק, וועלכען די נאטור האט אויף איהם געמאכט..."
זיי האלטען אויך פאר פיאנערען, פאר קעמפפער, וועלכע רעוואלו־ציאנירען די אלטע קונסט. אין א געוויסער מאס זיינען זיי גע־רעכט.

יא. זיי האבען טאלענט די אימפרעסיאניסטען, אבער, ליידער, אין זייער טאלענט איז דא עטוואס קראנקהאפטעס... זייערע בילדער דערמאהנען די רוסישע שרייבער, גארשין, אנדרעיעוו און די די אידישע שרייבער פרץ, שלום אש און הירשביין... אריגינעל, טא־לענטפאל, אבער קראנקהאפט און דעקאדענטיש... די פרוכטען פון א בוים זיינען אבהענגיג פון דעם באדען, אויף וועלכען דער בוים וואקסט... א קראנקע צייט שאפט קראנקע טאלענטען...

איך האב פערגעסען די געזעצטע קעניג־קייזערליכע קינסטלער. איך האב זיך בעפרייט פון דעם דריקענדען איינדרוק, וועלכען אויף מיר האבען געמאכט די אימפרעסיאניסטען, ווען איך בין אומגעגאנ־גען א גליקליכער און ווירקליך ענטציקטער איבער די זאלען פון „קייזער פרידריכס מוזעאום". דא האב איך געזעהען אריגינאלען און גוטע קאפיעס פון די גרויסע מאסטערס, פון די גאונים העולם, ראפאעל און באטיטשעלי, מיכעל אנדזשעלא און טיציאן, דיורער און רובענס, קארערדזשיא און רעמבראנט! געטעס זוהן און געטעס מוטער האבען ליידער צוגענומען א גרויסען טהייל פון זייער זשעניאליטעט, אבער דאך ניט אלעס האט אויפגעפרעסען דער כריסטליכער אסקעטיזם. זיי האבען געגעבען גענוג רעאליסטישע בילדער, גענוג לעבען, שעהנ־קייט, פאעזי, ליידענשאפט, יומאר, סאטירע... זיי זיינען געווען גע־זונדע לעבענס־לוסטיגע און לעבענס־פעהיגע קינסטלער. זיי האבען ניט קאפירט, זיי האבען געשאפען. ביי זיי איז דער לאנדשאפט גע־ווען א נעבענזאכע, אבער וויפיעל נאבעלע שעהנקייט, וויפיעל פארבען און קאלירען, וויפיעל אזשורנע הימלען און בלויע וואלקענס, וויפיעל לופט און וויפיעל ליכט איהר געפינט אין דעם קליינעם ווינקעלע, וועלכען זיי האבען געווידמעט דעם לאנדשאפט. וויפיעל ערהאבענע הארמאני, וויפיעל הייליגע אידעען, וויפיעל עדעלע ליניען, וויפיעל

שעהנע אקאָרדען, וויפיעל געטליכע פארבען, וויפיעל רוהיגע גרויס־קייט, וויפיעל אמת'ע מאַיעסטעט איהר געפינט ביי די אלטע ארטיס־טען!

יא. זיי זיינען געוועזן בני אלהים! די היינטיגע זיינען נור בני אדם.

.8

בערלין איז א שטאָט פון אָטאָמאָבילען. ביי אונז אין אמעריקא דארף מען זיין אָדער א גרויסער שארלאטאן, אָדער א גרויסער „אָלל־רייטניק", אָדער ביידע צוזאמען, מען זאָל זיך ערלויבען אזא לוק־סוס ווי פאָהרען אויף אן אויטאָמאָביל. און אזוי ווי צו זיין א שאר־לאטאן מיט אן אָלל־רייטניק איז א פריווילעגיע פון ווענינגע, פאָהרען ביי אונז אין אויטאָמאָבילען נור ווענינגע. דער פראקטישער דייטש נוצט אוים דעם אויטאָמאָביל מיט מעהר שכל — ער בעפריעדיגט די בעדירפניסע פון פיעלע. דער דייטש האָט ניט קיין געלד און האָט ניט קיין חשק צו צאָהלען צעהן, צוואנציג און דרייסיג טויזענד פאר א מאשינע. די שטראסען זיינען פול מיט ביליגע איינפאכע אָויטאָמאָ־בילען און ווער עס וויל שפּאָרען צייט קען נעהמען א מאשינע און פאָהרען וואָהין ער וויל — עס קאָסט שפּאָט ביליג.

אונטער די לינדען איז דאָ א „וועלט רייזע ביוראָ", וועלכע רופט זיך „יוניאָן" און וועלכע ארגאנזשירט עקסקורסיאָנען פאר טוריסטען און רייזענדע איבער בערלין און ארומיגע געגענדען אין א גרויסען, בעקוועמען מאָטאָר־קאר. דער „שאופער" זעצט אייך אונטער זעהר העפליך און מיט גרוים ליעבע און פאָרזיכטיגקייט אויפ'ן וואגען ארויף — ער וויל נעבעך איהר זאָלט חלילה ניט צובראָכען ווערען בע־פאָר איהר גיט איהם זיין טרינק־געלד. און א הויכער דארער מענשעל, וועלכער איז דאכט זיך א אידעל און וועלכער רעדט אויף אלע ניינ־ציג שבעים לשונות, ערקלערט אייך די פּאָליטישע וויכטיגקייט, די היסטאָרישע בעדייטונג, די עסטעטישע שעהנקייט און דעם פילאָזאָפי־שען זינען פון אלעם דעם וואָס איהר זעהט. זיינע אויגען ווערען שארף ווי א שווערדעל פון א יונקער, ווען ער רעדט אוים מיט אהבה

ופחד דעם שם הקדוש פון „אונזער קייזער ווילהעלם“, דיזעלבע אויגען ווערען בלוי ווי די הימלען, ווען ער צייגט אייך די סטאטוען פון אונזער געטע און שילער, זיי ווערען רויט ווי בלוט און גרוי ווי אייזען ווען מען פאָהרט פערביי די גיגאנטישע פיגורען פון ביסמארק און מאָלטקע און זיי ווערען נעבעלדיג ווי די דייטשע מעטאפיזיק ווען מען פאסירט די מאָנומענטען פון מארטין לוטהער און אלעקסאנדער הומבאָלדט — און אלעס נור דערפאר ווייל ער ערווארטעט צו קריגען פון אייך א פּאָאר פפענינגע טרינק־געלד.

א שעהנע פערגניגענספאָלע רייזע. פון „אונטער די לינדען“ פאָהרט איהר אריין דורכ'ן פּראכטיגען בראנדענבורגער טויער אין דעם צויבערשען טיר־גארטען. רעכטס בלייבט די וואונדערליכע געביידע פון רייכסטאַג, מיט איהרע קאָלאָסאלע קאָלאָנען, גרויסע אלעגאָרישע גרופּען. איהר זעהט, אז דיזע הערליכע האלע פאר אלע פערזאמלונגען פון פאָלקס פערטרעטער איז ניט געבויט געוואָרען אויף צו כלומר'שט, ווי דער טאווריטשער פּאלאץ פון דער אָרעמער רוסישער דומא. דער דייטש איז אפשר אביסעל צו לאנגזאם, אָבער ער האָט פיינט צו שפּילען זיך אין צו'כלומ'ערשטלעך. און מיט'ן דייטש וועט אפילו דער גרעאָטענער ווילהעלם ניט וואגען צו שפּיעלען אין „קאמער, קאמער הויז“...

רעכטעס בלייבט דער וואונדער־שעהנער זייל פון זיעג. איהר פאָהרט פערביי וואסער־פאלען, קאסקאדען, פאָנטאנען, די אונפערגלייכבארע זיעגעס אלעע מיט איהרע גרויסע סטאוען, אויף אייך גיט נור א ווינק וואגנער, א לעססינג, סימבאָלישע יאגד גרופּען, און פאר אייערע אויגען עפענען זיך די געטליכע אלעען פון טיר־גארטען... אלטע, בעצווייגטע, שטאָלצע בוימער, שעהנע בליהענדע בלומען, ברייטע, ריינע וועגען... און דער וואָגען פליהט ווייטער און ווייטער...

שארלאָטענבורג — א טהייל פון בערלין, און אפשר נאָך שעהנער פון בערלין אליין. דאן פּאלאצען, וויללען, פּריוואטע רעזידענצען. נאָכדעם בריקען, טייכען און דער אלטער אייביג גרינער גרינעוואלד, מיט זיינע הויכע, גראציעזע צום הימעל שטרעבענדע סאָסנעס...

„איהר זעהט אָט די שעהנע אין גאנצען אין גרינס איינגעוויקעלטע ווילא?“ פרעגט אונז מיט הכנעה דער בעל דברן. „שעהן, וואָס? דאָס איז דער שלאָס פון העדר פאָן מענגדלזאָהן! אך! ער האָט

פיעל געלד... ער האָט זאָגאר דעם רוסישער קיסר צוואַנציג מיליאָן פון זיין געלד געגעבען. רייך, וואָס?..." א מאָל פלעגט דער נאָמען „מענדעלזאָהן" ארויסרופען ביי יעדער אידען א געפיהל פון אכטונג און דאנקבארקייט צו דעם, וואָס איז געווען דער פאָטער פון דער אי־דישער השכלה און דער פּראָטאָטיפּ פון נאַטהאַן דער ווייזע... אָדער פלעגט ערפילען דאָס הארץ מיט פרייד און שטאָלץ, דערמאָנענדיג דעם אידען דעם, וואָס האָט געזונגען ליעדער אָהן ווער־טער און האָט געשילדערט מיט טענער דאָס בילד פון דעם צאָרניגען פייערדיגען אליהו הנביא. איצט דערמאָנט דאָס וואָרט מענדעלזאָהן יעדען אידען א פערערעטהער, א פערברעכער, א בלוט־דורשטיגע חיה, וועלכע העלפט א בלוטיגען דעספּאָט צו אונטערדרי־קען מיליאָנען אונגליקליכע מענשען... אָבער דאנקען גאָט, דער אוי־טאָמאָביל בלייבט ניט שטעהן, גראַדע אזוי ווי ניקאָלאי מיט דער הילפע פון די פערשיעדענע מענדעלזאָהנ'ס שטעלט ניט אָב דעם גאנג פון דער מענשהייטס־ענטוויקלונג. — מיר פאָהרען פערביי. מיר זעהען ווידער דעם אלטען שעהנעם וואַלד, די קלאָרע בלויע הימלען, די שעהנע אונשולדיגע בלומען, פערביי אונז וועהען עהרליכע, ערוואַר־טענדע, מיט האָפנונגען ערפילטע ארבייטער. פויגעלעך זינגען און צווירטשען צווישען די בוימער. אָט האָט זיך דער וואַלד געעפענט און איך זעה אויף א גרינעם טאָהל אונשולדיגע שעפּעלעך... נייז! עס זיינען נאָך דאָ ליעדער און פּאָעזי אויף דער וועלט!... אַם ווע־ניגסטען ווילט זיך אזוי דענקען, ווען עס פיהלט זיך גוט.

אויפ'ן גרויסען אויטאָמאָביל צוזאַמען מיט מיר פאָהרען נאָך דרייצעהן מענשען. פון זיי נור עטליכע פון אנדערע לענדער, די אי־בעריגע אלע קומען פון אמעריקא. פון אָנפאַנג בין איך געווען זעהר שטאָלץ מיט מיינע מיט־אמעריקאַנער. זיי האַלטען זיך פריי און אין דער זעלבער צייט ווי „דזשענטעלמען". די פרויען געקליידעט שעהן און מיט געשמאַק. איך האָב געהאַט הנאה פון זיי, ווען זיי האָבען געשוויגען. ווי אָבער זיי האָבען אָנגעהויבען צו רעדען און שטעלען פראַגען דעם בעל דברן, האָבען מיינע אויגען געפלאַמט פון בושה און מיין שיף־פערברענטער פנים האָט נאָך מעהר געברענט. הערט, וואָס איך האָב געדאַרפט אויסשטעהן פון מיינע צוקינפטיגע קאָמ־פּאַטריאָטען. ערשטענס, אַן עלטערע אמעריקאַנערין האָט געהאַט

גרויסע יסורים, וואָס אין מאָטאָר קאר ווי זי האָט געמיינט, געפינען זיך נור דרייצעהן פּאסאזשירען. דרייצעהן מענשען! דאָס ווייזט אויף אַן אונגליק. דעם שאופער מיט׳ן וועג־פיהרער האָט זי ניט גע־רעכענט פאר מענשען. דער לעדי׳ס מאן האָט זיך אומגעקעהרט, האָט איבערגעצעהלט אַלע קעפּ און האָט געשוואָרען, אז עס וועט חלילה גאָר נישט טרעפען זיך, וואָרום עס פאָהרען פיערצעהן קעפּ. זי אָבער האָט ניט איינגעשטימט, אז א קאָפּ מוז זיין א בעוויז, אז עס איז דאָ א מענש, און האָט אַלץ גע׳טענה׳עט: עס וועט געווים עטוואָס פּאסירען אַן אונגליק אין וועג וואָרום „דרייצעהן" מוז צו אַן אונגליק ברענגען. די לעדי האָט זיך נור בערוהיגט ראָן, ווען זי האָט זיך אַליין אומגעקעהרט מיט׳ן פּנים צו די זיצענדע און האָט זיי אַלע איבערגעצעהלט. פון דעסטוועגען שפּעטער ביים טיש, ווען אַלע פּאַ־סאַזשירען האָבען זיך געזעצט שפּייזען על חשבון הבורא, „די וועלט רייזע יוניאָן", האָט זי ווידער אמאָל איבערגעצעהלט, צו עסען ניט ביים טיש, חלילה, דרייצעהן מענשען... ווען מיר זיינען געפאָהרען פערביי דעם קייזערם קירכע האָבען מיינע אמעריקאנער געפרעגט: געהט דער קייזער אָפט אין קירכע און איז די קייזערטע רעליגיעז! און ווען דער מורה דרך האָט זיי ערקלערט, אז זיינע מאַיעסטעט מיט איהרע מאַיעסטעט, זיינען זעהר שטארק בעהעפטעט צום הייליגען גלויבען, האָבען זיי אַלע געקוואָלען ווי באָקסער. און די דאָזיגע מענ־שען זיינען געפאָהרען קיין סאנסוסי צו זעהן די צימערן פון דעם גרוי־סען אפּיקורס פרידריך, און האָבען נייגעריג געשמעקט די שטולען אויף וועלכע פרידריכ׳ס גאסט, דער אמונה פרעסער וואָלטער איז געזעסען. ווען דער „בעל דברן" האָט געוויזען די קאנדיליאברין אין וועלכע עס פלעגען ברענען ליכט אין פרידריכ׳ס צימערען, האָט אַן אמעריקאנערין געפרעגט: פאַר וואָס האָט פרידריך ניט גענוצט קיין גאז? ווען דער „בעל דברן" האָט געוויזען א סטאטועטקע, וועלכע די רוסישע קייזערין יעליזאבעטע, די טאָכטער פון פּעטר, האָט גע־שענקט פרידריכ׳ן, האָט אַן אמעריקאנער געזאָגט צו זיין פרוי און ערוואקסענע טעכטער: „איהר זעהט", די סטאטועטקע? דאָס האָט די קווין אָף ענגלאַנד עליזאבעט געשענקט פרידריכ׳ן דעם גרויסען... פון זייערע פראגען און בעמערקונגען האָט מען געזעהן בעשיינפער־ליך, אז אין זאכען פון היסטאָריע קונסט, ליטעראטור, זיינען זיי ניט

קיין גרויסע מדקדקים, אָבער געלד האָבען אלע געהאט...

מיר האָבען געזעהן די קברים און די סאַרקאָפאַגען פון די קייזאָרים מיט די קייזערטעס אין פרידריך דעם דריטען'ס מאוזאָלעאום.... גרויסע שווערע מאַרמאָרנע, פול מיט לעבען און שעהנקייט געשאַפענע קונסטווערקע, אונטער וועלכע עס ליגען די טויטע און פון ווערים צו עסענע מאַיעסטעטען... דאָ אויך האָבען מיר געזעהן טהאָרוואלדזען'ס גרופע: משה, אהרן וחור, א שעהנע, צוקער־זיסע קלאַסישע גרופע. אָבער איז דאָס משה? אהרן און חור האַלטען אונטער די הענד ניט פון א גרויסען גנזעצגעבער, פרייהייטס־קעמפפער און פאָלקס פיהרער, וועלכער מוז הויבען זיינע הענד געגען הימעל, אום עמלק זאָל געשלאָגען ווערען. ניין! ניט משה איז דאָס, עס איז א שעהנער מענש, גיכער א גריכישער פילאָזאָף... גרויסע גוי'אישע קינסטלער האָבען אין פערשיעדענע ארטען פאַרגעשטעלט משה'ן. ער האָט הערנער פון ליכט, ער האָט לאָקען פון שטריק, ער זעהט אויס ווי א שעהנער געזונטער דייטש ביי רובענס, ער ווייזט אויס ווי א געזונטער אטלעט ביי אנזשעלא, אָבער דער גייסט פון דעם גרויסען אידישען משה האָבען זיי ניט געקענט אויפפאַסען. וויפיעל גייסט, געפיהל, אידעע, שטימונג און געדאַנק האָבען זיי אָבגעגעבען „דער מוטער מיט'ן קינד..." מע קען ניט מאַכען גרויס דאָס אין וואָס מען גלויבט ניט און וואָס מע ליעבט ניט... אפילו אונזערע אידישע סקולפּטאָרען, וועלכע האָבען געשאַפען משה'ס, האָבען נאָך קיין משה ניט געשאַפען... משה ערוואַרטעט נאָך זיין קינסטלער...

מיר האָבען געזעהן די לוסטיגע צימערען פון סאַנסוסי, די שעהנע מעבעל, די מערקווירדיגע בילדער, די צויבערישע גערטנער מיט אראַנזשערעען און סטאַטוען, מיט קלאָרע וואַסערען, און גאָלדענע פישעלעך, די שעהנע טרעפּ, די גרויסע עס־צימערען, די שאַפעס מיט ביכער... דאָ האָבען געלעבט מענשען, וועלכע האָבען אָפען פּראָטעסטירט געגען דעם דונקעלען אסקעטיזם פון כריסטענטהום, דאָ האָבען מענשען פריי געדענקט און געצאָהלט רעספּעקט צו די וועלכע האָבען פאַר דעם פרייען געדאַנק געקעמפּפט... וואָס פאַר א שרעקליכען שריט צוריק האָט דער נייִנצעהנטער יאָהרהונדערט געמאַכט!...

די סטאַטוען אין שעהנעם גאָרטען שטעהען בערעקט מיט שטויב

און בעוואקסען מיט מאָך... איינינגע פון זיי ברעכען זיך, אנדערע זיינען פון דער צייט גרין געוואָרען. אָבער די בוימער גרינען ווי פריער און די בלומען בליהען ווי א מאָל... א קליינער, גרינגער זומערדיגער רעגען איז ערשט אריבער געלאָפען און די זונן, די אייביגע מעכטיגע זונן, האָט בעגאָסען דעם אלטען פערלאָזענעם פאלאץ, די בוימער, די אלעען און וואסערען, מיט א ליכטיגע העללע ליכט.

מיר פאָהרען אהיים אלע שטיל. איינינגע פון אונז זיינען מיעד. אנדערע זיינען פערטיעפט אין זייערע געדאנקען.

## .9

א היץ איז געשטאנען אין בערלין, ווען איך האָב זיך מיט מיינע פעקעלעך געבראַכט צו שלעפען אויפ'ן האָפּבאַהן. דער טרעגער און איך, מיר זיינען ביידע אָבגעגאָסען געוואָרען מיט שוויים, איידער איך בין ארייגעקוועטשט געוואָרען מיט די זאכען אין וואגאָן אריין. דאכט זיך, ווער דארף זיין נאָך אזא געניטער בעל דרך ווי דער איד, וועלכער רייזט ארום די וועלט שוין זייט ימים ושנים? פון דעסטוועגען שלעפט דער איד אין זיין לאנגען וועג אזוי פיעל איבריגע אונניצליכע פעקלעך מיט זיך, וועלכע מאכען איהם זיין נסיעה נאָך שווערער און אונערטרעגליכער... ניין! עס איז א סך גרינגער צו פאָהרען, אז מע פיהרט מיט זיך נור דאָס וואָס איז ווירקליך נויטיג. דאָס צווייטע מאָל פיהר איך ניט מיט זיך אזוי פיעל געפעק...

מיר איז געווען שווער צו פערלאָזען בערלין. איך מוז אָבער זאָגען די ווארהייט, אלס איד און אידישער שרייבער האָב איך אין בערלין זעהר ווייניג וואָס עכט אידישעס בעגעגענט. אויב איך האָב אין בערלין געזעהען עטוואָס אידישעס, איז דאָס געווען רוסיש אידיש. דייטש־אידיש האָב איך ניט געזעהן. דער דייטשער איד איז במחילה גאָר קיין איד ניט. ערשטענס, א איד דארף האָבען א גוטען קאָפּ — ער האָט ניט. צווייטענס, א איד דארף זיין רעוואָלוציאָנעריש און סקעפּטיש — ער איז ניט. דאָס איינציגע, וואָס איהם איז געבליבען איז א פעהיגקייט צום געשעפט און א „סעמיטישע נאזע" — דאָס איז ניט פיעל. דער דייטשער איד קריכט פון דער הויט צו ווערען דייטש, און דער דייטש שטופּט איהם אָבער צוריק אין זיין אי־

דישע פעל אריין — און דערפאר העלפט דעם אידישען דייטש זעהר וועניג זיין קריכען... איינינגע אידישע פערזארגער שרעקען זיך זעהר שטארק, וואס אידען נעהמען אנטהייל אין רעוואלוציאנערע בעוועגונגען. וואו אין דער וועלט זיינען נאך דא אזעלכע לאיאלע אידען, ווי אין דייטשלאנד? און וואו אין דער וועלט איז דער אנטיסעמיטיזמוס אזוי שטארק ווי אין דייטשלאנד? קריכען הייסט: ניט זיין אויף אן ארט דארט, וואו מע איז, און קיין מאל ניט ערדייכען אן ארט, וואו מע זאל זיין. דער איד דארף ניט קריכען מעהר, ער דארף געהן ווי א מענש. דרך ארץ האט מען נור פאר דעם, וואס האלט דעם קאפ גלייך... דער איד מעג האלטען זיין קאפ גלייך! ער דארף זיך אפשר שעמען מיט זיינע הענד, וועלכע האבען ניט שטענדיג גענומען וואס מע דארף, ער דארף זיך אפשר שעמען מיט זיינע פיס, וועלכע האבען צו פיעל „קדוש” געטאנצט, — מיט זיין קאפ אבער מעג ער שטאלץ זיין און ער דארף איהם שטאלץ האלטען!...

בעגלייט האט מען מיך פון האטעל מיט זעהר גרויס פאראד. ווי די חברה האבען זיך נור דערוואוסט, אז איך פאהר היינט, זיינען זיי ווידער געווארען, אקוראט ווי ביי'ם אנקומען, זיס ווי צוקער, אויפמערקזאם ווי א יונגער דאקטאר, וועלכער האט נאך ניט קיין פראקטיקע, פריינדליך, ווי אייערער א גוטער ברודער, וועלכער האפט ביי אייך צו קריגען א גמילת חסד. דער צימער דיענער האט מיר אראבגעבלאזען דעם שטויב פון די שטיוועל, דער צימער קעלנער האט מיר דערלאנגט מיין שירעם, די צימער פרוי האט מיר געווינשט א גליקליכע רייזע, דער עלעוויטאר־מאן האט מיר געמאכט אזא ברייטען שמייכעל, אז זיין מויל האט זיך געעפענט פון איין אויער ביז'ן אנדערען. אונטען האבען אויף מיר געווארט דער פארטיער, זיין אסיסטענט, דער מענש, וואס נעהמט פאר יעדען אראפ זיין היטעל מיט זיינע צוויי אסיסטענטען. דער אבער־קעלנער, דער אונטער־קעלנער, דער צאהל־קעלנער, דער הילפס־קעלנער, דער גשעפטס פיהרער, דער אינפארמאציאנס געבער, און צוויי לאנגע רייהען פון קליינע אינגלעך, וועלכע רופען זיך דא פיקאלא, און וועלכע זיינען ביי אונז מעסענדזשער באיס, — און אלע האבען זיך צו מיר גענייגט, און אלע האבען הויך געצויגען זייערע היטלען, און אלע האבען מיך געוואונשען א גליקליכע רייזע, און אלע האבען געזונגען מיר „האבען

די עהרע" און אלעמען האב איך, נעבעך, געדארפט געבען טרינק־געלד... ניט אומזיסט בין איך געווען בעגאסען מיט שוויים, ווען איך בין ארייגעקראכען אין דעם פול אנגעפאקטען וואגאן, אבער, דאנקען גאט, דעם אבער־שאפערס פייפעלע פייפט און דער צוג הויבט זיך אן צו בעוועגען. איך פאהר קיין גאליציען!

דער שנעל צוג געהט ניט זעהר שנעל. עס איז ניט קיין אמעריקאנישער שנעל־צוג, אזעלכע אייזענבאהנען, אזעלכע צוגען, אזעלכע פעהיגע, לעבעדיגע קאנדוקטארס און באהנ־בעאמטע, אזעלכע בע־קוועמליכקייטען און אזא קאמפארט ווי אין אמעריקא, גיבט עס אויף דער וועלט ניט. אבער ווערליג פאר אייראפא געהען מיר שנעל גענוג. שטעדטלעך, גרויסע, שעהנע שטעדט, וועלדלעך און וועלדער לויפען פערביי. וואס איך זעה דורכ'ן פענסטער דערצעהלט פון א הויכע קולטור, פון אן ענערגיש לעבען, פון אינדוסטריעלע ענטוויקלונג, פון לאנגע געדולדיגע ארבייט, פון קראפט און מאכט. גערמאניא האט כמעט אזוי פיעל ענערגיע און יוגענדליכע קראפט, ווי אמעריקא. דער איין און זיעבציגטער יאהר האט זי יונג געמאכט. דארט וואו אמעריקא נעהמט מיט שמד־שטיק, נעהמט גערמאניא מיט עקשנות. יא! גערמאניא, איז א יונגע בליהענדע שעהנהייט, מיט א זעהר אלטע, און זעהר ערהאבענע קולטור. אין אינטעלעקטועלע קולטור איז די רייכע אמעריקא געגען גערמאניא אן ארעמע קבצנ'טע. אבער אין פופציג יאהר ארום, וועט אמעריקא מיט דער הילפע פון די פרעמדע, וועלכע נעהמען ביי איהר ברויט און געבען איהר מח, — וועט אמע־ריקא זיי אלע אריבעריאגען. איהר גלויבט מיר ניט? ווארט אונ־מיסטען, וועט איהר זעהן. דאס גליק פון גערמאניא איז, וואס זי האט אזוי גיך פון זיך אראבגעווארפען דעם יאך פון קאטאליציזמוס. עס בליהען און לעבען נור די קריסטליכע פעלקער, ביי וועלכע דער קאטאליציזמוס איז טויט.

פראנקרייך איז א פארגעשריטענעס און שטארקעס לאנד נור דאן, ווען דער קאטאליציזמוס איז אין פראנקרייך שוואך. די אר־טהאדאקסישע קירכע האלט רוסלאנד אין א פינסטערען תהום. עסט־רייך איז ארעם, שוואך, אונפעהיג, ווייל די הייליגע אפאסטאלישע קירכע איז דארט זעהר שטארק. מיר זיינען אין עסטרייך! אדער־בערג! די גרענעץ צווישען דייטשלאנד און עסטרייך...

אָדערבערג! איך בין ערשט געווען אין אַ לאַנד, וואו אַלעס איז אַזוי ריין, סיסטעמאַטיש, סאָליד, גוט איינגעאָרדנעט און פּלוצלונג אַזאַ קאָנטראַסט... די טרעגער אויפ'ן באַהנהאָף, אָרעמע, שמוציגע, מיט אַלטע אויסגעטראָטענע שטיוועל, דערשראָקענע אויגען, אויסגעריבענע קליידער, פערוואַקסענע, לאַנג ניט געוואַשענע פּנים'ער, פּוילע, הונגעריגע, — אַזוי עהנליך צו רוסישע מוזשיקעס. אין „וואָקזאַל" פאַר די ערשטע און צווייטע קלאַסניקעס פערשלאָפענע „לאַקעיען", גאַנצע קהילות מיט פליגען, שמוציגע טישטוכער. אויף יעדען שריט „פּראָשו פּאַניע", „פּאַדעם דו נוג", „טשעלויעם רענטשקי"... סלאַווישע אָבגעלאָזענהייט און שקלאַפּישע אונטערטהעניגקייט... ווען איך בין אריינגעגאַנגען אין די „זאַלען" פון דריטען און פיערטען קלאַס האָב איך מיט ערשטוינונג אויסגעשריען: „זדיעס רוסקי דוך, זדיעס רוסיו פּאַחניעט!"... עס שמעקט מיט רוסלאַנד! אויפ'ן שמוציגען פּאָל, אויף בערג מיט זעק, קלומקעס, שמאַטעס האָבען זיך געוואַלגערט אַלטע אידען מיט אַזעלכע בערד און פּאות, וועלכע איך האָב שוין יאָהרען לאַנג ניט געזעהן. אידישע פרויען אין שייטלעך, אין שמוציגע קליידער, מיט גראָבע גאָלדענע קעטען אויפ'ן האַלז, קינדער, פּויערים אין ווייסע לייוועגדענע הויזען מיט לאַנגע ווייסע העמדער איבער די תחתונים... ארמוטה, שמוץ, חושך און אַ ריח נחוה!... און צווישען דעם אַלעמען שפּאַצירען ארום קאַטאָלישע גלחים ווי שווארצע שאָטענס, אַזוי פיעל צום שווארצען יאָהר! פון וואַנען נעהמען זיי זיך? און ביי די טישען אין ערשטען קלאַס זיצען „פּאַנעס" מיט גרויסע וואָנצעס, פּראָבקעס פון פלעשלעך קנאַקען און זיי שרייען אונמיסטען און מאַכען אַ ליארעם, אָבוואָהל עס איז ניטאָ קיין אורזאַכע צו פּילדערען!... און פון יענער זייט, נור מיט אַ האַנד דערלאַנגען, לעבט און פרוכבערט זיך אַ פאָלק, אַ דייטשעס פאָלק, וועלכעס טרינקט אַזאַ סך און אַזוי שטיל, און מיט אַזוי פיעל חן און געלאַסענקייט... די גרעסטע טרינקערס פון דער וועלט זיינען דייטשען... זיי זויפען ניט, זיי טרינקען, לאַנגזאַם און מיט געפיהל. זיי „קאָסטען", זיי שלינגען ביסלעך ווייז, מיט הנאה, מיט שכל, מיט אַ פראַקטישען חשבון. דער סלאַווע טרינקט ניט, ער זויפט! ער פער'שיכור'ט זיינע לעבענסמיטעל, זיין לעבען, זיינע קרעפטע, זיין פעהיגקייט, זיינע רעכטע, ער טרינקט ניט צו ליעב

הנאה, נור קענען מאכען א ליארעם, ער זוכט אין דעם פייער פון אל־קאהאל ניט פערגניגען, נור אן אויפרעגענדעם מיטעל צו שפיעלען א קאמעדיע און צו פערמאסקירען זיין שוואכקייט און זיינע צרות. אזוי טרינקט דער פאליאק, אזוי טרינקט דער רוסע.

די געביידע פון דעם באהנהאף, די וואגאנען, די קאנדוקטארען — אלעס איז ארעם... דער הערר אבער־קאנדוקטאר אליין, וועלכער האט מיר געפונען א פלאץ צו שלאפען און האט אליין אריבערגע־שלעפט מיינע זאכען אין א בעזונדער'ן קופע, האט צו מיר געוויזען צו פיעל רעספעקט און אכטונג, אז איך האב דאס גאר ניט געקענט פערשטעהן. ווען מיר זיינען געבליבען אליין, האט זיך באלד ער־קלערט די אורזאכע דערפון. איהר קומט פון אמעריקא? האט ער מיך געפרעגט. — יא, מיין הערר! אין זיינע אויגעלעך האט א גלאנץ געטאן א פייעריל און ער האט מיט א זיסען שמייכעלע בעמערקט: „אה, די אמעריקאנער זיינען אלע רייך, זיי זיינען אלע בעסערע מענשען"... איך האב נאך דאמאלס ניט געוואוסט, אז אין גאלי־ציען טהיילט זיך די מענשהייט אויף צוויי קלאסען. „בעסערע מענ־שען" זיינען די, וואס האבען פון פופצעהן טויזענד קראנען ארויף. צו די „ערגערע" בעלאנגען די, וואס האבען פון פופצען טויזענד אראפ.

— „שענקט מיר א גאנצען אמעריקאנישען דאלאר! האט צו מיר געוויספערט דער הערר קאנדוקטאר מיט א הייסע ליידענשאפט־ליכע דורשטיגקייט... איך וועל דאס קיין מאל ניט וועקסלען! איך וועל דאס האלטען אלס אן אנדענקען!"... איהר דארפט וויסען, אז אין דעם לאנד בעשטעהט א דאלאר פון פינף קראנען, און פינף קרא־נען געהען דא ניט צופוס...

איך קען זיך ניט אברייסען פון פענסטער... אלעס דערמאהנט מיר דא זיד רוסלאנד און מיין הארץ הויבט מיר אן ווער צו טאן מיט א שארפע בענקעניש... אזעלכע שעהנע, אזעלכע בעקאנטע לאנד־שאפטען! א „חוטאר" אויפ'ן בערגיל ארומגעצוימט מיט ניעדריגע, געדיכט־בעהיטעלטע קארשען־בוימער... א רוסישע ווינד־מיהל... הויכע ווייסע טאפאליען... ניעדריגע הייזלעך געדעקט מיט שטרוי... אוי! מיין יוגענד! מיין פערלארענע היימאט!...

גרינע פעלדער בעדעקט מיט הויכען קארן... פרויען ארבייטען

און זינגען... אַט שטעהט אַ איד אין אַ ווייסען טלית קטן און גראָבט ארוים די ווילדע גראָזען פון זיין קליין שטיקעלע גאָרטען מיט קארטאָפליעס... אַ איד אויפ׳ן שוים פון דער נאַטור!... וואָס פאַר אַ שעהנע, הערליכע דראַמאַטישע ראָלע!... און וואָס פאַר אַ ביהנע!... אליין די מוטער ערד! וועלכע דעקאָראַציאָנען!... גרינע פעלדער, קליינע וועלדעלעך, ווייט הויבען זיך צו די הימלען בלויע און גרוילעכע בערג... דאָס בילד האָט אָבער נור אַ בליץ געד טאָן אין פענסטער פון וואַגאָן און איז פערשוואונדען געוואָרען... אנדערע בילדער... אנדערע סצענערייען... וועניגער קולטור ווי ביי די דייטשען און מעהר נאַטירליכע שעהנקייט... וועניגער ציוויליזאַ־ציאָן און מעהר אידיליען... ווייט זעה איך, געהט אַ בויערטע אין אַ רויט קלייד, ביי איהר פאָלע האַלט זיך אַ קינד און נאָך זיי געהט לאַנגזאַם און פערטראַכט אַ גרויסער הונד... אַט זיצען דריי קליינע שקצימלעך, אַ וואונדערבאַרע שעהנע גרופּע אויף אַ שטיין און לאַכען מיט פרייד צום דורכלויפענדען צוג... איך זעה אַ הויכע פריצישע שטוב אין אַ פּאַרק... פון שטוב ציהט זיך אַ וועג בעזעצט פון ביידע זייטען מיט הויכע אַלטע בוימער... דער וועג האָט געווים אַ מאָל לאַנג פערצייטען, געפיהרט פון איין פּריץ׳ס הויז צום צווייטען. אין די לאַנגע ווינטער־נעכט פלעגען זיי זיך צוזאַמענפאָהרען געקליידעט אין פּראַכטפאָלע נאַציאָנאַלע קליידער, די פּאַניעס און פּאַניענקעס אין סאַבעלנע מאַנטלען... די שטאָלצע שליאַכטען פלעגען טרינקען אַלטע בורגונדער ווײַנען פון אַ קליינע ווייבערשע טופעלקע, פלעגען זיך בעריהמען, דערצעהלען גוזמאות, טאַנצען אַ מאַזור מיט אַ פייער־דיגע ליידענשאַפט... און דאַן פלעגען זיי שיקען רופען דעם אידען, דעם ישובניק פון דאָרף, ער זאָל זיי, די יאַסנע וועלמאָזשנע פּאַנעס, זינגען מה יפית... איצט שטעהען די אַלטע, האַלב צושטערטע פּריצישע הייזער שטיל... די בוימער שטעהען פערטרויערטע... דער אַמאָליגער גלאַנץ איז אוועק. די גבורה, די ליעבע צו פרייהייט איז פערשוואונדען... עס איז נור געבליבען די אַמאָליגע פוסטע גאוה, און, ליידער, עס לעבט נאָך דער איד, וואָס זינגט מה יפית...

יאָ, זעהר פיעל אידען זינגען נאָך עד היום פאַר דעם פּאָליאַק דעם אַלטען מה יפית...

לעמבערג! הערויסשטייגען!

.10

איך בין אין לעמבערג.

עס איז געווען א שעהנער זומער־טאָג, ווען אונזער צוג איז שטיל אריינגעפאָהרען אונטער דעם הויכען גלעזערנעם דאך פון דעם האָפּ־באהן. א האָפּבאהן ווי עס פּאסט פאר א גרויסע אייראָפּעאישע שטאָט. דער ערשטער גוטער איינדרוק איז נאָך פערשטארקערט געוואָרען, ווען איך בין ארויסגעגאנגען דורכ'ן הויפּט־ארויסגאנג. א גרויסער פּלאַץ, ברוקירט מיט אספאַלט, א רייהע מיט פיאקרען און עלעקטרישע קארס, בוימער און אַלעען פערגאָסען מיט העלע, ליכטיגע, מילדע שטראַהלען פון דער זונן. דאכט זיך, וואָס פאר טענות קען די ציוויליזאציע האָבען צו לעמבערג? אָבער ווען איך בין נאָר אָבגעפאָהרען עטליכע קווארטאלען פון באהנהאָף, האָבען מיר זיך אָנגעהויבען צו ווארפען אין די אויגען מערקווירדיגע קאָנטראסטען. אָט דאכט זיך האָט די אייראָפּעאישע ציוויליזאציע געמאכט עטליכע שריט, פּלוצלינג האָט זי א מעכטיגע האנד אָבגעשטעלט און איהר זעהט שוין האלב אזיע"... אָט געהט אַן עלעקטרישער וואגאָן און אָט סקריפּעט אַן אַלטע „הארבע", אויף וועלכע עס זיצען צוזאמענגעדריקט א דרייסיג־פיערציג אידען מיט קלומקעס. אָט איז א שעהנע שולע, און אָט איז אַן אַלטער קלויסטער, אָט איז א ווייסע העמד און א פּאנאמע הוט, און אָט איז א שמוציגע זאָק מיט אַן אָבגעריבענעם פּאנטאָפעל. אָט איז א שעהנער עלעגאנטער שיכעל און אָט א שמוציגע באָרוועסע פוס. אָט מארשירען סאָלדאטען מיט ביקסען און אָט פּאראדירען אידען מיט טלית זעקלעך. אָט דאכט זיך זעהט איהר סמנים פון א קאפּיטאַליסטישע ענטוויקלונג, עס איז אָבער שוין פערשוואונדען געוואָרען און ארום אייך הערשט דער גייסט פון דעם אַלטע פעאָדאַליזמוס. גאַליציע איז א לאנד פון קאָנטראסטען. דאָס אַלטע און דאָס נייע, מתים און לעבעדיגע, אפּיקורסים און פּאנאַטיזמוס די חוצפה פון פּאריזער מאָדע און אזיאטישע נאאיוויטעט, דער פּאָרטגעשריטענער צוואנציגסטער יאָהרהונדערט און דער פינסטערער דרייצעהנטער יאָהרהונדערט, אַלעס איז צוזאמענגעמישט,

און עס לעבט צוזאַמען און עס שפּאַצירט אום איבער די גאַסען פון לעמבערג.

ווען מיר זיינען צוגעפאָהרען צום האָטעל האָבען מיר דערזעהן אויפ'ן טראָטואר אַן אַלטען אידען מיט אַ לאַנגע באָרד ביז'ן גארטעל, מיט לאַנגע געגרייזעלטע פּאות, ביז די קנעכעל. און לעבען איהם איז געשטאַנען אַ יונגע באָרוועסע שיקסע. אַ ניו יאָרקער, וועלכער איז געזעסען מיט מיר אין פיאַקר, האָט מיך געפרעגט: פאַר וואָס טראָגען דאָ די אידען אַזעלכע שרעקליך לאַנגע בערד מיט פּאות? — איהר ווייסט פאַר וואָס? ווייל די שיקסעס געהען דאָ אום באָרוועס... יאָ! יאָ! דאָרטען וואו די עקאָנאָמישע אומשטענדען צווינגען אַ יונגע פרוי אומצוגעהן אין צענטער פון שטאָט אָהן שיך, — דאָרטען וואַקסען ביי די אידען די בערד און פּאות ווי בוריאַן. די באָרוועסע פיס און די געגרייזעלטע פּאו'ת זיינען איין ערשיינונג אין פערשיעדענע שאַטירונ־גען... אין האָטעל דיזעלבע קאָנטראַסטען: שעהנע מאַרמאָרנע טרעפּ און אַ פערשלאָפענער, באָרוועסער „קאַמער דיענער", עלעקטרישע ליכט און אין בעט די אַלטע חיות, וואָס האָבען נאָך געביסען אין די אכסניות מיט די סטאַדאָלעס. פון מיין צימער פיהרט אַ טהיר אויף אַ גרויסען באַלקאָן. איך געה אַרויס אַביסעל בעטראַכטען די שטאָט. געראַדע איבער'ן וועג אַ שטאָטישער בולוואַר, צווישען די בוימער עפּעס אַ פּוילישער העלד רייטענדיג אויף אַ גרויסען בראָנזענעם פערד, וועלכער שפּרינגט צו די וואָלקענס. יעדען טאָג האָב איך נאָכ־דעם געזעהן דיעזע העלדישע שפּרינגער — ניט פון פלעק. שוין פיעלע יאָהרען שפּרינגען זיי די פּוילישע העלדען צו די וואָלקענס און ריה־רען זיך ניט פון אָרט. מען קען ניט פליהען אין דער הויך ווען דער הינטען איז צוגעשמידט צו אַ שווערען פיעדעסטאַל... ווייטער זעה איך אַ קאַטאָלישע קירכע, אַ קאַזאַרמע און אַנקעגען בולוואַר אַ שעהנע, פּראַכטפאָלע, נייע געביידע פון דעם שטאָדטישען טהעאַטער. שפּיעלט מען אַמאָל אין דעם טעאַטער ווען עס איז אייך אַ אידישע דראַמע? מיינער אַ לעמבערגער פריינד האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן ווי אויף אַ משוגענעם. אויף אידיש וועלען די פּאָליאַקען ערלויבען שפּיעלען אין שטאָט טהעאַטער? ! אין עסטרייך איז אידיש איבערהויפּט ניט איבעריג בעליעבט. אפילו אין וויען אויב מע ערלויבט שפּיעלען אידיש, מוז מען דערביי שפּיעלען כאָטש אַן איין אַקטיגע דייטשע שטיק. ווער

רעדט דאָ ביי די פּאָליאַקען. אידיש איז פערהאַסט ניט נור פון דייַ־טשען און פּאָליאַקען, נור אויך פון דער דייטש־פּויליש־אידישער אַסימיליאַטאָרישער אינטעליגענץ. אמת, די אידען, אָבוואָהל זיי זייַ־נען נור אַ דריטעל פון דער בעפעלקערונג, צאָהלען מעהר פון האַלב שטאָטישע שטייערען. אָבער אַ לעמבערגער איד, וואָלט געשטאָרבען פון שרעק, ווען איהם וואָלט נור געקומען אַזאַ פרעכער געדאַנק אויפ׳ן זינען — שפּיעלען אידיש אין שטאָט טעאַטער! די אידען דאָ צאָהלען שטייערען ווי אמת׳ע בירגער און דארפען האָבען רעכטע ווי אמת׳ע בירגער, זיי האָבען אָבער ביז דער לעצטער צייט פון זייערע רעכטע ניט געדענקט. אויף דער גאַנצער אידישער בעפעלקערונג פון עסטרייך האָט די רעגיערונג געגעבען איין אדמיראַל, איין גענעראַל און אַ פּאָאַר טויטע טיטולען פון באַראָנען. מיט דעם כבוד האָט זיך געטהיילט די גאַנצע מאַסע און איז געווען צופריעדען. איצט הויבען זיי שוין אָן דענקען, אַז עס וואָלט אפשר גלייכער געווען צו האָבען אַ ביסעלע רעכ־טע, איידער אַ סך באַראָנען־שמעלקעס. (אין לעמבערג איז דאָ אַ באַראָן שמעלקע!) די פּאָליאַקען, די פּוילישע קולטור, פּוילישע שפּראַך, פּוילישע אַלטע טראַדיציאָנען, פּוילישע אונטאָלעראַנץ הערשען דאָ. ניט נור די אידען זיינען אונטערדריקט. אין לעמבע/ זיינען דאָ ניט ווייניג רוטהענען. לעמבערג איז זייער אַלטע שטאָט לוואָוו. די הויפּט שטאָט וואו זייער קעניג דניאל האָט אמאָל אויסגעבויט פאַר זיין זוהן לעוו. לעמבערג איז געקומען פון לעווברג, לעמבערג איז זייער היסטאָרישער לוואָוו. וועלען די פּאָליאַקען ערלויבען מען זאָל אין שטאָטישען טעאַטער שפּיעלען אַ מאַלאָ־רוסישע פּיעסע פון קראָ־פּאָווניצקי, אָדער קארפּענקאָ קארי? עס איז אַ פּויליש טעאַטער. די שוישפּיל־קונסט שטעהט ביי די פּאָליאַקען זעהר הויך, אזוי ווי ביי די רוסען. די דראַמאַטישע ליטעראַטור אָבער איז ביי זיי אָרעמער ווי ביי די רוסען... דער איינציגער פּוילישער דראַמאַטורג וואָס האָט אַ וועלט נאָמען, איז פּרזשעבישעווסקי. ער איז דער פּוילישער סטרינד־בערג. ער פּרעדיגט אין זיינע פּיעסען ניטשע׳ס געדאַנקען וועגען „אויבערמענעש", ער האַסט דאָס פרוי און רופט דאָס לעבען טויי־טענטאַנץ, ער איז פּעסעמיסטיש און דעקאַדענטיש... ער שטעלט דעם „איינציגען" איבער אַלע און פערגעטערט דער ווילען פון שטאַרקע אינדיווידואומען און אליין איז ער שוואַך און ווילענלאָז. אַ קראַנקער

פּראָדוקט פון די קראַנקע היסטאָרישע אומשטענדע, אונטער וועלכע די געדריקטע פּאָליאַניאַ האָט געלעבט. זיינע פּיעסען האָט מען גע־שפּיעלט אין לעמבערגער טהעאַטער. די יוגענד האָט טריאומפירט, די אַלטע האָבען פּראָטעסטירט. זיינע ווערקע ווערען געלעזען ניט נור פון די עכטע פּאָליאַקען, נור אויך פון אונזערע אידישע אינטעליגענץ און אידישע שרייבער. די דעקאַדענץ פון רוסלאַנד און פון פּוילען האָ־בען געשאַפען די אידישע דעקאַדענץ. אַלע אונזערע טאַלענטפאַלע רו־סישע און פּוילישע אידישע שרייבער זיינען דעקאַדענטען.

איבער'ן בולוואר שפּאַציערען אום זעהר פיעל סאָלדאַטען און אָפיצירען און נאָך מעהר גאַסען פרויען. אמאָל איז די פּראָסטיטו־ציאָן געווען פערבונדען נור מיט'ן מיליטאַריזמוס, אָדער מיט רעלי־גיאָן, — איצט איז זי פערבונדען מיט אַלע אבטהיילונגען פון סאָציאַ־לען לעבען. דאָ אין לעמבערג איז די פּראָסטיטוציאָן זאָגאר ניט אָבגע־טהיילט אין אַ בעזונדערען דעפּאַרטמענט פון אַ גרויסען אינסטיטוט, ווי אין אנדערע שטעט. דאָ זיינען גאַסען־פרויען, אונשולדיגע קינ־דער, אנשטענדיגע דאַמען, פרומע אידען און ערנסטע געשעפטסלייי־טע איין גאַנצע ניט געטהיילטע קהילה. וועגען דיעזע ערשיינונג און וועגען דעם איינפלוס וואָס זי האָט אויף דער געזעלשאַפט וועט אונז אויסקומען פיעל צו רעדען... דאָ אָבער וויל איך אייך זאָגען, אז איך האָב רעספּעקט פאַר די עסטרייבישע מיליטער לייטע. שטילע, רוהיגע, אנשטענדיגע חברה. דער סאָלדאַט איז ניט ווילד, ניט פּער־שראָקען, ניט אונטערדריקט, דער אָפיצער בלאָזט זיך ניט ווי אַן ענדיג, געהט ניט אום מיט גאוה און דענקט ניט, אז די גאַנצע וועלט איז זיינע. אמת, די עסטרייכישע אנשי חיל האָבען ניט מיט וואָס צו שטאָלצירען. מען האָט זיי געשלאָגען און זיי האָבען ניט קיין גלעגענ־הייט צו שלאָגען. אפילו זייער אייגען פּאָלק האָבען זיי קיין געלע־גענהייט ניט צו שלאָגען, וואָרום אין אַ לאַנד מיט אזא שוואכע אינ־דוסטריע, זיינען זעהר וועניג סטרייקס מיט פּראָטעסטאַנטישע דע־מאָנסטראַציאָנען. אָבער דאָך ווי זיי זיינען איצט און ווי זיי פיהרען זיך, פערדיענען זיי גערעכענט צו ווערען, אַלס דאָס בעסטע און אַנ־שטענדיגסטע וואָס איז דאָ אין דער גאַנצער סאָלדאַטשינע פון דער וועלט.

די זונן זעצט זיך. עס ווערט קיהל. אַ פרישער ווינטעלע לויפט

צו די בוימער. איך געה ארוים זעהן אביסעל די שטאָט. גאז און זאַ־גאַר עלעקטריציטעט בעלייכטען די גאסען. די קאפע הייזער זיינען פול מיט מענשען. מע שפּיעלט אין קאָרטען, מע שפּיעלט אין ביליארד... אין יעדען קאפע שפּיעלט אַן אָרקעסטער פון אידישע מיידלעך... איהר הערט אמעריקאנישע רעג־טאַנגע, איהר הערט ליעדער פון די אמעריקאנער אידישע היסטאָרישע אָפּערא'ס... איהר זעהט אר־מוטה, אָבער ניט קיין אונמוטה. ווענינ געלד, אָבער פאַר דעם ביסעלע געלד וויל דער גאַליציאַנער לעבען און הנאה האָבען פון דעם לעבען... איהר מעגט מיר גלויבען, זיי האָבען מעהר הנאה פון זייער לעבען, ווי דער רייכער אמעריקאנער. זיי דענקען זאַגאַר צופיעל פון הנאה.

.11

אַן אָרעמע מלוכה איז עסטרייך, גאַליציא איז די אָרעמסטע מדינה פון לאַנד. און אין דער דאָזיגער מדינה לעבען מענשען מיט דער זעלבער רוהיגקייט, מיט וועלכע זיי האָבען געלעבט נאָך אין „שאַבעצקים" צייטען. יא, רוהיג און שטיל... די עקאָנאָמישע גע־ביידע פון גאַליציע שטעהט נאָך אויף די אַלטע סלופּעס. גאַליציע האָט נאָך ניט דערלעבט אפילו צו דער טהעאָרי פון פרייע קאָנקורענץ. די לאָקאַלע און שטאַאטס רעגיערונג — זיי זיינען די אפּוטרופּסן און די פערזאָרגער פון דער בעפעלקערונג, פּערזענליכע איניציאַטיווע און פערזענליכע אונטערנעהמונגען האָבען דאָ זעהר ווענינ פּלאַץ. דעם מענשענ'ס פעהיגקייטען און דעם מענשענס ארבייט זיינען דאָ זעהר ביליג און די פּרוטה זעהר טייער. געשעפטען זיינען דאָ ווענינ און שטייערען דאַרף מען צאָהלען פאַר יעדען שריט און טריט. די מערק־ווירדיגסטע ערשיינונג פון דעם אַמעריקאנישען לעבען איז — איי־ביגע בעוועגונג, דאָס שטענדיגע לויפען. די מערקווירדיגסטע ערשיי־נונג פון דעם גאַליציאנער לעבען איז, פערקעהרט, דאָס אייביגע זי־צען, — זיצען איינגעגראָבען, און איינגעפונדאמענטעוועט אויף איין אָרט און האַלטען זיך פאַר'ן אָרט פעסט מיט ביידע הענד.

איהר פאָהרט הונדערטער מייל'ען איבער גאַליציען און איהר זעהט נור פעלדער. דיזעלבע אַלטע פערשלאָפענע פעלדער, וועלכע די ווילדע הוננען האָבען נאָך געזעהן, ווען זיי זיינען געגאַנגען פון אזיען

דורך די וויסטע סטעפּען פון סקיפּיא קיין בודאפּעסט, צו טרינקען דאָרטען גוטע קאַפע מיט טאָקאַיער וויין... און ווען איהר דערזעהט שוין יא אמאָל אין א יובל א הויכען קוימען פון א פאַבריק, — איז דאָס פאַבריק, וואו מע ברענט ציעגעל, אָדער א פאַבריק, וואו מע קאָכט בראַנפען. עס זיינען דאָ זעהר ווענינ קוואַלען פון פרנסה. די דאָזינע קוואַלען ווערען געטהיילט אויף קליינינקע חלקים׳לעך און יע־דער חלק ווערט נעגעבען דעם הונגעריגען גאַליציאַנער אלס א קאָנצע־סיאָן. א פּאָסט פון א בעאַמטען, אָדער א קאָנצעסיאָן אויף א שטיקע־לע פרנסה דאַרף מען קריגען פון די לאָקאַלע אָדער פון דער שטאַאטס רעגיערונג. פערקויפען שטיקלעך הערינג אין גאַס, אָדער עפּענען א קאַפע, אָדער פערקויפען צייטונגען, אָדער טראָגען צייטונגען (טראָ־גען צייטונגען איז א בעזאָנדערע קאָנצעסיאָן. דער וואָס מעג ביי זיך אין קלייטעל פערקויפען צייטונגען, טאָר זיי ניט טראָגען און פער־קויפען אין גאַס) אָדער עפּענען אן אפּטייק, אָדער שפּיעלען טהעאַטער, פערקויפען טאַבאַק, אָדער פאַבריצירען קובעבע, אויף אלעס דאַרף מען האָבען א קאָנצעסיאָן. די וואָס האָבען ניט קיין קאָנצעסיאָן ווערען טאַקע געשוואָלען פון הונגער, דער־פאַר אָבער די גליקליכע זיצען זיך ווי ביי גאָט אין בוזעם און האָבען ניט מורא פאַר קיין קאָנקורענץ. איהר קענט אייך פאָרשטע־לען, ווי שטאַרק יעדער האַלט זיך פאַר זיין קאָנצעסיאָן.

אויסער קאָנצעסיאָן איז נאָך דאָ א מקור פון פרנסה און דאָס איז א פּאָסט פון א בעאַמטען. אומשטיינס געזאָגט, וויפיעל א בע־אַמטער קריגט דאָ! און דאָך, יעדע קלענסטע שטעלע ווערט צוצו־קערט און מיט א חשבון אויסגענוצט פון דער רעגיערונג. איך וועל אייך ברייגגען נור איין ביישפּיעל. אין די גרעסטע שטעט פון עסט־רייך דיענט די פּאָליציי כמעט אומזיסט. די פּאָליציסטען זיינען סאָל־דאַטען. פיעלע סאָלדאַטען פערלאָזען ניט זייער דיענסט, ווען זיי ענ־דיגען זייער טערמין. וואָס וועט ער טאָן אין דער היים? ער דיענט אזוי לאַנג אין רעגימענט, אָדער ער געהט דיענען אין דער פּאָליציי ביז ער דערדיענט זיך דאָס רעכט צו קריגען עפּעס אן אמט... א בריעף טרעגער, א פעלדפעבעל, א וועכטער, א שרייבער, א צעהלער, א שומר אין וואַלד, אין שלאָס, אן אויפזעהער, א דיענער אין א האָספּי־טאַל. איהר קענט זיך פאָרשטעלען וויפיעל אזעלכע עמטער עס גע־

פינען זיך אין אלע גרויסע אבטהיילונגען פון דער רעגיערונגס דע־
פארטאמענטען און די מוניציפאלע אינסטיטוטען. יעדער אמט, יעדער
קליינינקע שטעלע, יעדער פלאץ איז גערעכענט און אבגעהיט מיט
א געוויסע סיסטעם, און יעדע פון זיי קומט אן נאך פיעל מיה און גע־
דולד. און ווען אזא קוואל פון פרנסה קומט שוין אן, קענט איהר זיך
פארשטעלען, ווי שטארק מע האלט זיך פאר דעם. יא, מע האלט זיך
שטארק פאר דעם שטיקעלע ארט אויף וועלכען מע זיצט שוין...
אבער מע זיצט רוהיג, מע האט ניט מורא פאר קאנקורענץ, פאר יע־
נעמס חכמה, גע'שעפטס פעהיגקייטען. מע לעבט זיצענדיג און מע
רעכענט גוט, ווי אזוי קריגט מען ארויס וואס מעהר און וואס ביליגער פון דעם זיצענדיגען לעבען הנאה, תענוג, נאשעריי, פערגניגען...
די אלטע סיסטעם פון פריווילעגיען און קאנצעסיאנען הערשען אין אלע
אנדערע צווייגען פון דעם לאציאלען לעבען. אן אפטייקער צו זיין
— דאס הייסט האבען אן אפטייק איז א פריווילעגיע. צו זיין א נאטא־
ריוס איז זעהר גוט — מע דארף א פריווילעגיע. צו זיין א אן אדוואַ־
קאט איז זעהר פיין, אבער אמענש מיט אן אקאדעמישע בילדונג
וואלגערט זיך דא אום יאהרען לאַנג, איידער ער קריגט די פריווילעגיע.
זאגאר אין האנדעל, אין געשעפט פראקטיצירט זיך דיזעלבע סיסטעם.
ד הויפט אבטהיילונג פון מסחר איז אין גאליציען דער האנדעל מיט
געלד. דאס הייסט פשוט, פראצענט, וואוכעריי. בכבודיגע אידען מיט
שעהנע געגרייזעלטע פאות, מיט לאנגע זיידענע בערד, מיט קיילעכ־
גע בייכלעך, מיט זעהר פרומע געדאנקען און מיט פיינע „שטעט״
אין מזרח וואנד, לעבען זיך רוהיג, עסען א גוטען ראסעל־פלייש,
טרינקען א גוטע גלאז מעד און זיינען זעהר שעהנע געסט ביי'ם צדיק,
— און דאס אלעם ניט זיי דער בורא יתברך שמו פון פראצענט. מע
בארגט דא ניט א קרייצער אהן פראצענט... אבער אויך אויף דעם
פראצענט פעלד וואקסט און בליהט די סיסטעם פון קאנצעסיאנען.
א גרויסער פראצענטניק האט איינעם, א פריווויליגירטען, דורך וועל־
כען קליינע פראצענטניקעס קריגען געלד. די גאליציאנישע פוילישע
באנקען געבען ניט קיינע הלוואות דירעקט די, וואס דארפען דאס געלד,
נור עס איז דא א בכבודיגער פיינער איד דורך וועלכען דאס געלד
דארף געהן. און אזוי אומעדום. ווי איהר זעהט, מיט דער הילפע פון
קאנצעסיאנען און פריווילעגיען איז א געוויסע טהייל פון דער בעפעל־

קערונג פערזאָרגט, מעהר אָדער וועניגער מיט מיטלען צום לעבען. ווי אזוי די אנדערע, די ניט פערזאָרגטע, די גרויסע ארעמע מאסען לעבען דערפון איז ניט יעצט די רעדע. די אָבער וואָס זיצען שוין אויף זייערע ערטער, פיהרען א רוהיגען לעבען. און ווי איך האָב שוין געזאָגט, זיי ווילען הנאה האָבען. טאקע פאר א קרייצער, פאר א העלער, פאר א פרוטה זאָגאר, — וויל ער וואָס מעהר געניסען און וואָס מעהר האָבען הנאה.

א קראָנע איז אין גאליציע אן אָנגעזעהענע מטבע. דאָ אין אמעריקא איז דאָס ניט מעהר ווי צוואנציג סענט, דאָרט איז דאָס קראָנע! עס איז קיין קלייניגקייט ניט, ווען א מענש האָט דאָרט „א קאפּאציטעטע" פון צוואנציג טויזענד קראָנען. ער בעלאנגט שוין צו די „בעסערע מענשען". נור ווען זאָגאר ער האָט ניט אזא שרעקליך גרויסען קאפּיטאל, ווי באלד ער האָט זיך זיין פערזאָרגטען „אָרט", לעבט ער פיין. רויכערט א גוטע פּאפּיראָס — צוויי פאר א קרייצער, אָדער א טראבוקע סיגאר... זיצט יעדען טאָג אין זיין קאפע, שפּיעלט פּינאָקעל, אָדער אן אנדער שפּיעל... אויב ער קען לעזט ער א דייטשע אָדער א פּוילישע צייטונג. אויסשרייבען א היים א צייטונג, שאפען זיך אין דער היים פערגניגען און רופען צו זיך א היים בעקאנטע — דאָס קאָסט טייער און מאכט דאָס לעבען אונרוהיג, דערפאר איז אזוי ענטוויקעלט דאָ דאָס קאפע-לעבען. אבענדס געהט ער זעהר אָפט מיט זיין אידענע און קליינע גאליציאנערלעך אין א ביליגען מוזיק האָל הערט ליעדער פול מיט ניבול פה, עסט פרישע קליינע קארטאָפעלקעס מיט פּוטער און מיט קעז, טרינקט א גוטע גלאָז מעד, אָדער טאקע א גוי'שען ביער, הערט א גלייכווערטעל, אָדער דערצעהלט אן אנעקדאָט, רעדט וועגען גאָטס זאכען, אָדער וועגען די אינטערעסען פון זיין קולטוס געמיינדע, אָדער פון א פּשטיל אין דער גמרא, אָדער פון א שטיקעל נייעס אין א צייטונג, אָדער פון א צדיק, אָדער פון א שעהנע נקבה, — אלעס מיט דעם זעלבען געדאנק פון הנאה און מיט דער זעלבער אייביגער רוהיגקייט. זיינע קינדער, וועלכע געהען מיט איהם אין דער מוזיק האללע, עסען אויך קארטאָפליעס מיט קעז און הערען אויף די פּוילע אונפארשעמטע וויצען פון די ברעטלעך פון דער ביהנע. ביי טאָג געהען זיי אין גימנאזיום אָדער רעאל שוהלע. אין לעמבערג זיינען דאָ ביי א צעהן גימנאזיעס און רעאל שולען און עס קאָסט קיין

געלד ניט צו שיקען אהין די קינדער, אויסער די יוניפארמען און ביכער. אין די נידעריגסטע קלאסען זיינען דא זעהר פיעל אידישע קינדער, אבער זעהר ווענינע פון זיי קריכען אריבער דעם פיערטען קלאס. ערשטענס ביי דרייצעהן — פיערצעהן יאהר דארף מען שוין אנהויבען צו דאגה'נען וועגען ברויט. די הויפטזאכע אבער איז, די פאליטיק פון די אנטיסעמיטישע פוילישע פאנעס בעשטעהט אין דעם, מען זאל די אידישע אינטעליגענץ ניט לאזען וואקסען. די לעהרער און די דירעקטארען פון די גימנאזיומס פאדערען, אז דער אי־דישער סטודענט זאל זיך אין גאנצען „פארפאליאטשען", ער זאל רע־דען און דענקען און פיהלען ווי א פאליאק, שרייבען ווי א פאלנישער פאטריאט און אויפפיהרען זיך ווי א פאליאק. זיי שטעלען דעם אי־דען פיעלע שוועריגקייטען און דאך איז דא א היבשע צאהל אידישע סטודענטען אין לעמבערגער אוניווערזיטעט און אויך אין פאליטעכ־ניקום. אפילו די עכטע פאליאקען, האבען נאכדעם זעהר ווענינ האפ־נונגען אויסצונוצען זייערע קענטניסע אין גאליציען גופא, א לאנד וואס האט ניט קיינע מינעראלען, קיינע מעטאלען, קיינע פאברי־קען, קיין אינדוסטריע, — נאך וואס קען זי דארפען אינזשינירען, טעכניקער און כעמיקער? ווייל אבער דער לעמבערגער פאליטעכני־קום האט א גוטען נאמען קריגען שטעלען פיעלע פון זיינע שילער אין דייטשלאנד... און א דייטש, ווייסט איהר דאך, טוט יעדע זאך מיט איבערלעגענהייט... א קלייניגקייט א דייטש!...

די לעצטע צייט האט ביי דעם גאליציאנער אידען ביסלעכווייז אנגעהויבען צו ערוואכען דער פערשלאפענער מענש, וועלכען די אידי־שע נאציאנאליסטען בעצייכנען מיט'ן נאמען „נאציאנאלער גייסט"... ווי מען זאל עס רופען איז ניט וויכטיג. וויכטיג איז, אז דאס זעלבסט־בעוואוסטזיין פון דעם גאליציאנישען אידען הויבט אן אויפצו־וואכען. די אויפגאבע צו וועקען דעם גאליציאנישען אידען האבען גענומען אויף זיך מעהר פון אלע די היגע ציוניסטען... וועלכע רעזולטאטען דעם אידעאלער ציוניזמוס זאל ניט ברענגען אין אלגעמיין, פאר גא־ליציען וועט ער ברענגען אהן צווייפעל, געוויסע פראקטישע רעזול־טאטען. דער איד וועט גיך אנהויבען צו זוכען פרייהייט, וועט אראפ־ווארפען דעם פוילישען יאך און אויפהערען צו זינגען דעם פריץ דעם

אלטען מה יפית. די היגע אקאדעמישע יוגענד און די היגע אינטע־
ליגענטען שפּיעלען א גרויסע ראָלע אין דיעזער יונגער בעוועגונג...

.12

איך בין שוין אין לעמבערג אן אייגענער מענש.

אויפ'ן בולוואר, אויפ'ן גאַס, אין די קאפּע הייזער בעגעגענען מיך אידען מיט בערד און גלחים, משכילים און חסידים, סטודענטען און ארבייטער און געבען מיר א ברייטען, א פריינדליכען שלום עליכם. אייניגע קענען מיך, אנדערע רעכענען מיך פאר אן אמע־ריקאנער „מיליאָנטשיק". איך האָב נייע בעקאַנטע און נייע פריינדע. אין „עדיסאָנס" קאפּע הויז טרעף איך זיך יעדען טאָג מיט אייניגע פון דער אמת אידישער אינטעליגענציע. איך רופ זיי „אמת־אידישע", ווייל די רייכע, די פּויליש דייטשע, אסימלאטאָריש־בורזשואזנע אינ־טעליגענציע לעבט אָבגעזונדערט פון די אידישע מאסען און איך האָב קיין זכות ניט געהאַט אפילו מיט איין אויג אויך אויף איהר א קוק טאָן. כן יאבדו! די דאָזיגע אמת אידישע אינטעליגענטען זיינען אלע שרעק־ליכע נאציאָנאליסטען. זיי זיינען אלע מיינע פערביסענע געגנערס און איך האָב זיי ליעב. די אמת'ע עכטע אידישע אינטעליגענץ האָט אן אייגענע, אָריגינאלע פיזיאָנאָמיע... א חן פון שעהנע עלטער און ערנסטע עהרענווירדיגקייט איז אויסגעגאָסען אויף איהר פּנים, זי האָט אלטע פערטראַכטע אויגען פון א זקן מכובד, און איז פול מיט ענטהוזיאזמוס ווי א יונגלינג... איך האָב ליעב די לעמבערגער אי־דישע אינטעליגענציע. עס איז ניט קיין געבלאָפטע אינטעליגענץ, ווי ביי אונז דאָ, ניט פאר איך געדאכט... ערשטענס, זיינען זיי אלע לומדים, איך האָב איבערהויפּט ניט ערוואַרטעט צו געפינען אין גאליציען אזוי פיעל לומדות. אין די בתי מדרשים, אין וואגאָנעס, אין קאפּע־הייזער האָב איך בעגעגענט אידען, דורכגעקנאָטענע אין לומדות. אידען וועלכע האָבען געלערענט און לערנען נאָך, און אומ־זיסט מיינען מיר, אז ליטע האָט די מאָנאָפּאָליע אויף לומדות... צווייטענס, די אינטעליגענציע אין גאליציע, אָבוואָהל עס איז א לאַנד פון צדיקים מיט מופתים, — פערלאָזט זיך ניט אויף נסים, אזוי ווי אין אמעריקא... אין דער פּראַקטישער מאטעריאליסטישער אמעריקא

ווערט מען אַן אינטעליגענט דורך אַ נס, — אין גאַליציען לעזען זיי, און לערנען, און דענקען. זיי זיינען אביסעל געכאַפּט געוואָרען פון דער דייטשער מעטאַפיזיק, זיי זיינען אָבער דענקענדע מענשען פון וועלכע מע קען עטוואָס הערען און עטוואָס לערנען... די הויפּטזאַכע, זיי זיינען עהרענסווירדיגע און אנשטענדיגע מענשען. עהרענסווירדיגקייט און אנשטענדיגקייט! וויפיעל פון די היגע אינטעליגענטען, זאָגע־נאַנטע ליטעראַטען און קריטיקער דאַרפען איצט נעהמען אונזער פריינד האַרקאַווי׳ס ווערטערבוך און זוכען די בעדייטונג און די דע־פיניציאָן פון דיעזע צוויי ווערטער?...

ליידער, איך מוז צוגעבען, אַז די גאַליציאַנער אידישע אינטע־לעגענטען לערנען און זוכען גייסטיגע רייכקייט פונקט אַזוי עגאָאיס־טיש ווי אַן אַמעריקאַנער דאָלאַר־כאַפּער זוכט מאַטעריעלע רייכקייט... ביי זיי הערשט דאָרטען אויך דער פּרינציפּ: העלפּ יור סעלף... יעדער פאַר זיך אַליין. זיי וואַרפען זיך אויף גייסטיגע סחורה, זיי שלינ־גען איין אַ בוך נאָך אַ בוך, זיי זופען זיך אָן פולע בייכער מיט שילער׳ס און געטהע׳ס פּאָעזיע — און אַלעס נור פאַר זיך אַליין. יעדער וויל נור אַליין הנאה האָבען. זיי דע.קען זעהר ווענ'ג וועגען זייערע ברי־דער, וועלכע זיינען פערזונקען אין דער פינסטערנים פון אונוויסענ־הייט; זיי טוען ניט קיינע קולטורעלע ארבייט פאַר די אָרעמע אידישע מאַסען. געגען מיין ווילען, מוז איך נאָך אַמאָל געבען אַ קאָמפּלימענט די ציוניסטען... אויב עטוואָס ווערט יאָ אין גאַליציען אין דיעזער ריכטונג געטאָן פאַר׳ן אידישען פאָלק, איז דאָס נור דורך זיי. יאָ. דער ציוניסטישער גאָט האָט מיט מיר ניט איין שפּיצעל אָבגעשפּיעלט אין גאַליציע!... און דאָך, איך האָב ליעב די לעמבערגער אידישע אינטעליגענציע. און יעצט, ווען די זונן שיינט אין מיין פענסטער ליכטיג און העל פונקט ווי אין יענע זומער טעג, וואָס איך האָב פער־בראַכט אין לעמבערג... יעצט ערוועקט זיך אין מיין ברוסט אַ גע־פיהל פון טיעפע בענקעניש נאָך זיי... און איך שיק זיי אהין וווייט מיין פריינדליכען, מיין ברידערליכען גרוס... אויף מיין וואָרט, איך זאָל זיין אַ אידענע, וואָלט איך איצט אביסעל אַ וויין געטאָן... אַזוי מיט גוטע, וואַרעמע, גליקליכע טרערען... וואָרום איך האָב מיך געפיהלט גוט, ווען איך בין געוועזען דאָרט, ווייט פון זאָרג, פון דאגות, פון גיפטיגע קנאה, פון שמוציגע שנאה. מיין נשמה האָט זיך

אָבגערוהט דאָרט און איך בין דאָרט גאָר אַן אנדער מענש געווען. ער, באַדער, קליימאַן און איהר אַלע גאַליציאַנער פריינדע דאָרט, שלום עליכם! שלום עליכם, גאַליציע!...

עס שטעהען הייסע זומער־טעג. אָבער די היץ איז ניט אַזוי דריקענד ווי ביי אונז אין ניו יאָרק. אַ פריש ווינטעלע גנב'עט זיך ארויס יעדע מינוט פון אונטער דער קאַזארמע, אָדער פון אונטער דער קירכע, און לויפט איבער'ן בולוואר צום שטאָדט טהעאַטער און אראָפּ צום מארק צו, און ער ערפרישט און ערמונטערט. איך געה ארום איבער די גאַסען. אַלטע בעקאַנטע בילדער! אידישע קראָמען, אי־דישע מעקלער, אידישע בעטלער, קינדער ווי מוראשקעס. אַלטע ווייבער ארבייטען זאָקען אין גאַס. אַ גרויסע „דעפּארטמענט סטאָר" וואו מען פערקויפט ציצית און קנאָבעל... אַ „ריטייל" געשעפט וואו מען פערקויפט עטליכע וויינשעל פאַר אַ העלער... שבת זיינען די שולען און קלויזען פולל. די גאַסען זעהען אַנדערש אויס. שעהנע אידישע ווייבער געקליידעט נאָך דער לעצטער מאָדע שפּאַציערען אום מיט זייערע מענער, וועלכע זיינען געקליידעט „היסטאָריש". ווער עס וויל זעהן אַ טיפּ פון אַ אמת אידישע שעהנע פּרוי, דער זאָל פּאָהרען קיין גאַליציען. אכט עקיגע שטריימעלעך שוועבען שבת אום איבער דער גאַנצער שטאָט... אין די שוהלען דאַווענט מען מיט אַפּעטיט, דורך די אָפענע פענסטער טראָגען זיך אידישע מעלאָדיען, יעדער איד חזנ'ט זיך און מאַכט פון דער הויכער קדושה קאַלאַראַ־טורנע דרעהדלעך. די מאָטיווען זיינען געגרייזעלט פּונקט ווי זייערע פּאות. ניט נור יעדע שול און יעדער קלויז, נור זאָגאַר יעדער איד בעזונדער דאַווענט זיך מיט זיין אייגענעם נוסח. אין דעם ליגט דעם אידענס גרויסקייט און דעם אידענס שוואַכקייט. יעדער זינגט זיך בעזונדער; דאָס ווייזט, ווי שטאַרק זיין אינדיווידואַליטעט איז ענט־וויקעלט. יעדער איד זינגט בעזונדער דאָס ווייזט, ווי אָבגעזונדערט, ווי ניט פעראייניגט, ווי צוריסען און צושיידט זיי זיינען איינער פון דעם אַנדערען. דערווייל פּרובט דער איד זיין שטימע נור אין שול, זעהר גיך אָבער וועט ער לאָזען הערען זיין שטימע אויך אויף אַנדערע פּלעצער. דערפאַר איז עס זעהר נויטיג ער זאָל וויסען, אַז עס איז זעהר גוט צו האָבען אַן אינדיווידועלע שטימע. עס קען אָבער ניט זיין

קיין הארמאָני, אויב מען זאָרגט ניט דערפאַר, דעם יחיד'ס שטימע זאָל זיין איינגעשטימט מיט'ן כלל...

אין אַ שעהנעם נאָכמיטאָג בין איך אמאָל געגאַנגען זעהן דעם אַלטען בית המדרש און די אַלטע שול, וועלכע שטעהט שוין העכער דריי הונדערט יאָהר. אין בית המדרש האָבען מיר געטראָפען צעהן אידען, וועלכע זיינען געזעסען צו־וואָרפען פוןביידע זייטען פון אָרון קודש און אויפ'ן בעלעמער. לעבען יעדען איז געלעגען אַן אָפענע גמרא און ווען מיר זיינען אריין האָבען זיי זיך זעהר פלייסיג אַנגעהויבען צו שאָקלען איבער די אַלטע ספרים. צעהן שטענדיגע לערנער, עשרה יושבי אוהל, וועלכע האָבען די „קאָנצעסיע" צו זיצען אין בית המדרש און לערנען. און דערפאַר זאָרגען זיי זיך שוין ניט פאַר אַנדערע פּרנסות און קאָנצעסיאָנען. איך געדענק, איינער פון זיי האָט אויף מיר געמאַכט אַ מערקווירדיגען איינדרוק. אַ הויכער, דאַרער מאַן, מיט אַ געלע, כמעט רויטער באָרד און רויטע פּאות מיט ווייסע פּערטראַכטע, טרויעריגע אויגען און מיט אַ בלאַסען פּנים. נור ער איז געבליבען זיצען אַפּאַטיש אויף זיין אָרט און איז צו מיר ניט צוגעגאַנגען, די איבריגע יושבי אוהל האָבען מיך באַלד ארומגערינגעלט. יעדער האָט מיר געגעבען שלום און יעדער האָט געהאָלפען צו ערקלערען מיט דעם ציעל, דעם צוועק, די נוצליכקייט, די נויטווענדיגקייט פון זייער בעשעפטיגונג. געוויס, יעדער מענש וואָס האָט אַ אידישע האַרץ, אַזוי האָבען זיי מיר ערקלערט, וועט זיך ניט ענטזאָגען צו שטיצען אַזאַ ניצליכע אינסטיטוציאָן... איך האָב ארויסגענומען עטליכע „ראַניש" און האָב אַ קוק געטאָן ארום זיך: וועמען פון זיי? נעגען מיר איז געשטאַנען אַן אַלטער געזונטער איד מיט רויטע באַקען, מיט אַ לאַנגע ברייטע באָרד, ווי אַ לאָפּעטע, מיט קלוגע גוטע אויגען, מיט אַ נאָז, וועלכע איז געלאָפען איבערן פּנים און האָט געהאָט געטנוג שטאָף אריבער צו הענגען איבער'ן ליפּ, נור האָט זיך פלוצלונג עפּעס דורך אַ קאַפּריז אָבגעשטעלט, אַזוי ווי אָבגעהאַקט, און האָט געקראָגען דערפון די פאָרמע פון אַ „מער", וועלכע ליגט מיט דער גראָבער זייט אראָפּ. (איך מיין אַ מער, פון וועלכען מען מאַכט מערען צימעס.) אָט דעם אידען האָב איך געוואָלט איבערגעבען די פּאָאָר גולדען. דאָ אָבער איז פּלוצלונג ערשיענען דער עפענטליכער בעאַמטער, דער „הויכגעבאָרענער קייזער־קעניגליכער" שמש פון בית

המדרש און האָט ערקלערט, אז געלד נעהמען דאָ האָט נור ער די קאָנצעסיאָן. עס האָט זיך געפאָדערט ניט וועניג ענערגיע אום צו ער־קלערען דיעזער עסטרייכער הערשענדער מאכט, אז אמעריקא אנער־קענט נים אזעלכע פריווילעגיען... אין פּאָלעש האָט מיר דער הערר „בעאמטער" אין זעהר א געשייטען טאָג געגעבען שוין אַן אנדער אר־גומענט: „ר' איד, אייך האָט גאָט געהאָלפען אין אמעריקא, איהר זייט געוואָרען קיין עין הרע רייך... איך אָבער בין בעפאלען מיט קינדער און האָב א קראנקע ווייב. זאָל זיין קיין קאָנצעסיאָנען ניט, אָבער א נדבה?" גאָה טענה געגען אזעלכע ארגומענטען.

מיר זיינען אין דער אַלטער שול. דער אַלטער שמש, א למדן א איד, וועלכער האָט א זעהר שעהנעם אינטעליגענטען קאָפּ, מיט א שארפען דורכדרינגענדען בליק, — וועלכער איז דער ערשטער גמרא מלמד אין שטאָט און ווי מען זאָגט, גיט געלד אויף פּראָצענט, — דער אַלטער שמש האָט גענומען אבינטעל גרויסע אַלטע שליסלען און האָט אונז געעפענט די אַלטע שול... אין דרויסען איז געווען העל, ליכטיג און הילכיג, מיר זיינען באלד אָנגעגריפען געוואָרען פון א שטילע דונקעלהייט. א שווערער גערויך ווי אין אַן אַלטען מרחץ האָט אונז בעגעגענט אין א פינסטערען פּאָלעש. א שטיקענדער שטויב האָט זיך אויפגעהויבען געגען אונז. אין א פינסטערען ווינ־קעל שטעהט נאָך די אַלטע „קוניע" מיט די אַלטע אייזערנע קייטען, אין וועלכע מען פלעגט פערשמידען די זינדיגע יחידים... וואר ווייסט, וועלכע דראמעס האָבען דאָ אויף דעם היסטאָרישען ווינקעל זיך אָבגעשפּיעלט? וויפיעל פייערדיגע, דונערנדע מאָנאָלאָגען האָט דאָ געהאַלטען א צאָרניגער, שטרענגער ריכטער? וויפיעל שטילע זיפצען זיינען דאָ פערשטומט געוואָרען, וויפיעל שטילע טרערען פערגאָסען געוואָרען, וויפיעל ערהאבענע געדאנקען פערשטיקט געוואָרען, וויפיעל פרייע שטרעבונגען ערמאָרדעט געוואָרען? איצט איז דער ווינקעל בע־דעקט מיט'ן שטויב פון דער פערגאנגענהייט...

און אָט איז די שול אליין. אַן אַלטע ארכיטעקטור, אַלטע ווענד, אַן אַלטער בעלעמער אַלטע מנורה, אַלטער עמוד, זעהר אַלטער ארון קודש, פיעל אַלטע אמת אידישע קונסט, שניצערייי און גאָלדשמידע־ריי... אַלטע ספרים און לעבען מיר דער אַלטער איינגעהויקערטער איד מיט דער ווייסער באָרד. עס איז שטיל. די אומגעבונג רופט ארוים

א געוויסע שטימונג. די אַלטקייט קוקט אויף דיר... פיעל לאַנג פער־שוואונדענע יאָהרען שוועבען ארום דיר... אין די אויגען קוקט דיר א שטיק וועלט־היסטאָריע — די עלטער, ווי זי זאָל ניט אויסזעהען, רופט ארוים א געפיהל פון רעספעקט. מיר זיינען געשטאַנען אַלע שטיל און האָבען געשוויגען. דער גערויש פון לעבען איז געווען פון אונז ווייט...



# פיער זומער־נעכט.

(איין שנעל לויפענדער ראָמאַן).

---

די זונן איז פערגאַנגען,
עס קומט שוין די נאַכט,
מיט אַ נעבעל פערהאַנגען
ליגט די ערד ווי פערטראַכט.

---

.1

אַזוי ווי אַ טרוים אין אַ רוהיגען און זיסען שלאָף נאָך אין דער יוגענד, אַזוי ווי די שיין פון אַ פליהענדען שטערענדיל אין אַ שעהנע פריהלינגס נאַכט, אַזוי ווי דער קלאַנג פון אַ האַרמאָנישען אַקקאָרד, וועלכער קלינגט אונערוואַרטעט אין דער טיעפער שטילקייט, אַזוי אונערוואַרטעט זיינען געקומען די זיסע מינוטען, אַזוי שנעל זיינען פערשוואונדען די גליקליכע שטונדען אַזוי גיך זיינען פערביי די היי־ליגע געפיהלע, וועלכע זי האָט ערוועקט אין זיין האַרצען אין די שעהנע געטליכע זומער־נעכט... נור עראינערונגען, זיסע און טרויעריגע עראינערונגען זיינען ביי איהם געבליבען. זיי זיינען ריהרענד און טייער...

ער האָט גאָר קיין אונגעוויינליכעס ניט ערוואַרטעט ווען ער האָט זיך געזעצט אויפ'ן שיף וועלכער האָט איהם געדאַרפט פיהרען פון סאוטה פעררי קיין פאָרט האַמילטאָן... ער האָט נור געוואָלט ערקוויקען זיך מיט פרישע לופט, ער האָט געוואָלט אַ פאָר שטונדען זיין וואָס ווייטער פון ביזנעס און וואָס נעהנטער צו דער נאַטור, ער האָט געוואָלט אַנשטאָט הויכע און דונקעלע הייזער, אַנשטאָט שמאָלע און שמוציגע גאַסען, זעהען פאַר זיך דעם אונבעגרענעצטען אָקעאַן,

הערען דעם שטורעם פון זיינע גיגאנטישע וועללען... ער איז געווען ענטציקט, ווען ער האָט דערזעהן פון ווייטען א הויכען אינזעל בעדעקט מיט בוימער וועלכע זיינען געגאנגען אלץ העכער און העכער ווי טרעפ צו די בלויע וואָלקענס... ער איז געווען אויסער זיך פון פערגניגען און פריידע ווען א קלאָרער פרישער ווינטעלע האָט אָנגעהויבען צו גלעטען זיינע באקען און שפּיעלען זיך מיט זיינע האָאר... ווען ער האָט דערזעהן, ווי פון איין זייט ווערט פערבאָרגען די זונן אין א רויטען ים פון גליהענדע שטראהלען און ווי פון דער אנדער זייט פערוויקעלט זיך דער הויכער ברעג אין אדונקעלען צודעק פון וואָלקענס און נעבעל... א צודעק פון שווארצען סאמעט נור מיט גילדערנע רויטע קאנטען פון זונען שטראהלען... ער האָט געזוכט מיט זיינע אויגען יענע ווייטענים, וואו דער וואסער צוגיסט זיך אין דער ברייט און אין דער לייננ און דער נעבעל האָט זיך אלץ נידעריגער און נידעריגער ארונטערגעלאָזען. פון דער ווייט האָבען זיך בעוויזען רויטע בלויע פייערלעך און דער ווינד האָט זיך א ריס געטאָן און האָט געבראכט א גאנצען שטראָם מיט אָקעאן לופט... דער בעקאנטער גערוך האָט איהם דערמאָנט זיין רייזע נאָך אמעריקא, די לאנג איבערגעלעבטע טעג און לאנג פערגעסענע טרוימען... לאנג איז ער געשטאנען פערטיעפט אין זיינע געדאנקען און ווען ער האָט אויפגעהויבען זיין קאָפּ האָט ער זי דערזעהן לעבען זיך און זייערע אויגען האָבען זיך בעגעגענט צום ערשטען מאָל... צוויי טריט פון איהם איז געשטאנען א הויכע פרוי אין א שווארצע, איינפאכע אָבער עלעגאנט גענייטע קלייד, זי איז געווען נאָך גאנץ יונג, אָבער איהרע קורץ אונטערגעשאָרענע האָאר זיינען געווען גרוי און וויים ווי זילבער, איהרע גרויסע בלויע אויגען האָבען געשיינט ווי צוויי ליכטיגע שטערען און אויף איהרע דינע און בלאסע ליפען האָט געשפּיעלט א שמייכעל, וועלכער האָט געקענט פערניכטען יעדען נאר און גליקליך מאכען יעדען פּאָעט און דענקער. אומזיסט האָט ער געזוכט נאָך א מאָל צו פאנגען דעם שארפען בליק פון איהרע דורכדרינגענדע אויגען, אומזיסט האָט ער געוואָלט נאָך אמאָל דערזעהן איהר שעהנעם און אינטעליגענטען געזיכט, זי האָט זיך אָבגעקעהרט אָן א זייט, האָט זיך טיעף פערטראכט און פערגעסען אז א חוץ איהר זיינען דאָ נאָך לעבעדיגע מענשען אויפ'ן שיף...

פּאָרט האמילטאָן האָט גאנץ געגוג בעפרידיגט דעם העלד פון

אונזער ראָמאַן. ער האָט דאָך אויך בעגעגענט אויף די שטראַסען גאַנצע רעגימענטען מיט רוסיש־אידישע ניט דערבאַקענע אינטעליגענטען, וועלכע האָבען געקוויטשעט הויך און געלאַכט נאַרריש... ער האָט דאָ אויך געפונען אַ קאַפע־שאַנטאַן מיט בלאַסע און פערוועלקטע פּעען מיט בעזוויפּענע לויפערס, מיט ווילדען געזאַנג... ער האָט זיך בע־געגענט מיט דעם, וואָס האָט געטריבען פון שלאָס, וואָס האָט איהם גע־שטערט צו בלייבען אליין מיט זיך, צו פערגעסען די שמוציגע ביזנעס וועלט און אָבגעבען זיך אין גאַנצען צו זיין פאַנטאַזיע, ער איז אוועק־געגאַנגען ווייט מיט'ן ברעג, האָט געפונען אַן אַלטען פערוואָרפענעם דאָק און האָט זיך געזעצט אויף אַ פייכטע פערשימעלטע ברעט נאָ־הענט ביים וואַסער, די זונן האָט זיך שוין לאַנג בעהאַלטען אונטער די בערג פון אַ ווייטען אינזעל... איבער זיין קאָפּ האָבען געשיינט גרויסע העלע שטערען, לעבען זיינע פיס האָבען גערוישט די וועללען פון מעער... שטיל און רעגעלמעסיג האָבען די וועללען זיך געגליטשט איבער דעם וואַסער־שפּיגעל, האָבען שטיפענדיג געשמיסען די אונטער־געפוילטע סלופּעס פון דאָק און זיינען געלאָפען צוריק. אַנטקעגען איז געהאַנגען אַזוי ווי אין דער לופטען אַ שווערע מאַסע — דאָס איז געוועזען דער אַדרעס ברעג, און רעכטס האָבען געוואונקען און געקאַטשעט זיך פערשיעדענע פייערלעך... זיי האָבען געוויזען דעם וועג צום אָקעאַן, וועלכער איז געוועזען גראַדע ווי דער הימעל איבער איהם דונקעל און טיעף... דונקעל, אונבעגרענעצט, גרויס ווי די עוויגקייט, ווי די גע־היימניסע פון דער נאַטור!... ווי קליין איז דער גרויסער מענש ווען ער הויבט זיך אויף אויף די פליגלען פון זיין פאַנטאַזיע ביז'ן הימעל און שוועבט איבער די וויסטע פעלדער פון דעם פורכטבאַרען ים הגדול והנורא? ווען ער וויל אומפאַסען און בעגרייפען דאָס וואָס עס האָט ניט קיין אָנפאַנג און קיין ענדע?...

פערשיעדענע געדאַנקען זיינען געלאָפען פון איינע נאָך די אַנדע־רע און זיינען פערשוואונדען געוואָרען צוזאַמען מיט די וועלען וואָס שטויסען זיך אָב פון ברעג... ער האָט געפיהלט אַז ער דענקט, און געדענקט אַז ער פיהלט און איהם איז געוועזען אַזוי גוט און אַזוי שווער, אַזוי אַנגענעהם און אַזוי וועה... זיינען געדאַנקען זיינען געוועזען ריין און ווייט פון לעבענסשמוץ און זיינע אויגען זיינען געוועזען פול מיט טרע־רען... אין דער מינוט האָט ער דערהערט טריט הינטער זיך, ער קעהרט

זיך און זעהט — זי געהט אהער... די איינענע וואונדערבארע פרוי, וועלכע האט איהם פריהער דורכגעשטאכען מיט איהר דורכדרינגענ־דען בליק... שטיל און ניט געהיילט געהט זי צו צום אלטען טרעפ וואס היינגט לעבען דאק, ציהט אן אויף זיך א רעגען מאנטעל, בינדט אפ א קליין שיפעלע, וועלכע וויעגט זיך איבער די וועללען, לאזט זיך אראב געשווינד און שטויסט אב מיט'ן האנד פון זיך די גאנצע ערד פון דעם ערד־קוגעל... ער הערט ווי זי פלעסקעט מיט די וועסלעס איבער'ן וואסער, ער זעהט ווי איהר וויים שיפעלע שטרייכט שנעל פערביי, ער זעהט ווי איהר דונקעלער אברים הויבט זיך אויפ'ן רוקען פון די וועללען און לאזט זיך אראב נאך נידריגער און דאן ווערט אלץ פערשוואונדען... אומזיסט הערט ער זיך צו — דער גערויש פון מעער האט אלץ פערהילכט, אומזיסט קוקט ער זיך צו דער שווארצער אב־גרונד האט אלעס פערשלונגען. ווער איז די פרוי? וואהין שווימט זי אליין אין א פינסטערע נאכט? וואס צווינגט זי צו שפיעלען מיט'ן איינענעם לעבען? די וואסער רוישען, די שטערען ווינקען און בליש־טשען די שווערע וואלקענס צושטרעיען זיך און דער סערפ פון דער זילבערנער לבנה הויבט זיך אויף הויך און קוקט, וואס עס טוט זיך אויף דער פינסטערער וועלט... ווייסע שטראהלען בויערען דורך דעם קאלטען וואסער־שפיגעל און שווארצע שאטענס רוקען זיך נעהענטער און נעהנטער צום ברעג...

דער מאנד האט זיך שוין לאנג אויפגעהויבען הויך און האט מאַ־יעסטעטיש געשוואומען איבער דער הימעל סטעפפע, דער ווינד איז געווארען שטארקער, די וועללען האבען אנגעפאנגען זיך בייזערען און „זי" איז נאך ניט געקומען צוריק. „ער" האט געציטערט פון קעלט און נערווען פיבער, האט געזוכט איבער די וואסערן, האט זיך צוגעהערט — אין קול, אין עונה... דאן האט ער זיך געפרעגט: וואס געהט עס איהם אן ווער די פרוי איז? לעבט זי אדער איז זי דערטרונקען גע־ווארען? אבער א וואונדערליכע קראפט האט איהם צוגעשמידט צו זיין ארט און האט איהם ניט געלאזט פארט געהן... זיין גאנצע גע־דולד האט ער פערלארען און האט זיך דערוואַרט ביז ער האט דערזעהן איהר ווייסע שיפעלע. זי איז געשוואומען שטיל און רוהיג.

— אוי! אוי! האט זי א געשריי געטאן פרייליך און לעבהאפט, איהר זייט נאך דא? דאן גיט מיר אייער האנד און העלפט מיר ארויס־

שטייגען פון מיין שיף... דאנקע! האָט זי געזאָגט העפליך און האָט אויסגעגלייכט איהרע גלידער... ווי שפעט איז יעצט?

מיט ציטערענדע הענד האָט ער ארויסגענומען זיין אוהר און האָט זיך איינגעבויגען זעהן וואָס ציייגט דער ציפער בלאַט, אין דעם אייגענעם מאָמענט האָט זי זיך אויך צוגעבויגען און איהרע פייכטע האָאָר האָבען זיך אָנגעריהרט אָן זיין באק... אזוי ווי אין אן עלעקטרי־שער שטראָם איז דורכגעלאָפען דורך אַלע זיינע גלידער און זיין הערץ האָט אָנגעהויבען קלאַפּען צוזאַמען מיט'ן זייגער...

איין סעקונדע זיינען זיי געשטאַנען איינער געגען דעם אנדערען, דאן האָט זיא אַ מאַך געטאָן, מיט'ן האנד, האָט אַ געשריי געטאָן: לעבט וואָהל און איז פערשוואונדען געוואָרען.

.2

מיט אונגעדולד האָט ער געוואַרט ווען וועט זיך שוין ענדיגען דער טאָג און די געווינשטע נאַכט וועט קומען. די פאָריגע נאַכט איז פערביי ווי אַ וואונדערליכער טרוים די גלענצענדע שטערן, די רוישענדע וועל־לען, די שווארצע בערג, דער דונקעל גרויער נעבעל און די קליין ווייסע שיפעלע, וועלכע טראָגט זיך ווי אַ ווייסער שוואַם איבער דעם אָבגרונד פון אָקעאַן, די צויבערין פון פאַרט האַמילטאָן דאַס אַלעס וואַר זאָ אונגע־ווינליך, זאָ ווייט פון דער נידעריגער ווירקליכקייט דאַס עס האָט איהם מיט געוואַלד געריסען פון זיינע געשפטען און געיאָגט אין אַ אַנדערע פאַנטאַסטישע וועלט, וועלכע איז פול מיט אילליוזיאָנען און פּאָעטישע טרוימען...

דער טאָג האָט זיך געצויגען אונגעהויער לאַנג... עס איז גע־ווען איינער פון די טעג, וועלכע זיינען גוט בעקאַנט אַלע ניו יאָרקער איינוואָהנער... די הימלען זיינען ניט דונקעל — נור גרוי און אַ קליין דינער רעגענדעל גיסט אָהן אַ מאָס, אָהן אַ שיער, גלייך ווי פון אויבען וואָלטען זיין געעפענט אַלע שלויזען און אַלע קוועלען. שווערע בלייענע וואָלקענס הייגגען נידריג איבער'ן קאָפּ און מעלאַנכאָלישע גע־דאנקען לויפען איינע נאָך די אנדערע... פאַר נאַכט האָט זיך פּלוצלונג אויפגעהויבען אַ שטאַרקער ווינד, וועלכער האָט געשאָקעלט אַלע בלע־

בענט שילדען פון די קראָמען, האָט געקלאַפּט מיט די לאָדענס, געיאָ־
מערט אין די דאָמבווייטערס...

ער האָט געריסען די וואָלקענס אויף שטיקלעך און
האָט זיי געטריבען פאָרט, ווי אַ שכור'ער פּאָליסמען יאָגט איבער די
גאַסען דערשראָקענע קינדער. ווי שנעל עס האָט זיך געביטען דאָס
בילד! נעכטען, ווען ער איז געפאָהרען אויפ'ן שיף קיין פאָרט האמיל־
טאָן, איז געווען צוגאָסען איבער דער גאַנצער וועלט אַ שטילע רו־
הינגקייט... די נאַטור איז געווען נאַאיוו און מילד — היינט איז די
נאַטור געווען פורכטבאַר און שרעקליך... די ליכטיגע פּאַנאָראַמע האָט
זיך בעדעקט מיט אַ טרויער מאַנטעל... די אינזלען האָבען זיך גע־
וויזען ווי גרויסע שוואַרצע פלעקען, די וועלען האָבען גערוישט מיט
אַ שטורם און האָבען געוואָרפען אין דער הויך אַ ווייסען פייכטען
שטויב... נור ער איז געשטאַנען אויפ'ן פּאַלובע און האָט געקוקט
אין דער ווייט — אַלע פּאַסאַזשירען האָבען זיך בעהאַלטען אין די
קאַיוטען און האָבען שטיל געשפּראָכען, אָדער געדרעמעלט... דער
ווינד האָט איהם בייז געשמיסען איבער'ן געזיכט און האָט געוואָרפען
זיין רעגען מאַנטעל אין אַלע זייטען און ער איז געשטאַנען און האָט
געוואַרט: ווען וועט זיך שוין בעווייזען פאָרט האמילטאָן... זיין קאָפּ
איז געווען בעשעפטיגט נור מיט איין געדאַנק: וועט זי היינט קומען?
וועט ער זי זעהען! וועט ער זי געפינען? ווער איז זי? דענקט זי
אויך פון איהם, אָדער זי האָט איהם שוין פערגעסען?

פוסט און וויסט זיינען געווען די גאַסען פון פאָרט האמילטאָן,
זעלטען וואו ער האָט בעגעגענט אַ לעבעדיגען מענשען... גאַנצע זומ־
פּען מיט בלאָטע האָבען זיך געצויגען אין דער לייננ און אין דער ברייט.
דער ווינט האָט דאָ שפּאַצירט פריי, האָט געהיסען בלעטער פון די
בוימער, האָט געסקריפּעט און געפייפט. דער העלד פון אונזער ראָמאַן
איז ווידער געגאַנגען אויפ'ן פערוואָרפענעם אַלטען דאַך און האָט זיך
געזעצט ביים ברעג. די שטערען זיינען געווען אונצופריעדען מיט'ן
וועטער און האָבען זיך בעהאַלטען הינטער די וואָלקענס. נור אייניגע
פון זיי האָבען זיך בעוויזען. זיי זיינען אָבער געווען בלאַס און קאַלט...
די לבנה האָט זיך בעשיצט מיט אַ בלייענעם פּאַנציר און האָט ניט גע־
שיינט... זי האָט אַרום זיך געמאַכט דעם הימעל עטוואָס ווייסער...
דער אָקעאַן איז געווען בעדעקט מיט ווייסען שוים און די וועללען האָ־

בען געראָשט ווי ווילדע טהירען, ווי טויזענדער קאַנאָנען און דונערן. דער פערוואָרפענער דאַך האָט געציטערט און געבויגען זיך אויף אַלע זייטען און די בעקאַנטע ווייסע שיפּעלע איז געשפּרונגען און געלאָפּען מיט די וועללען אהין און אהער... דאָך האָט „ער״ ניט אומזיסט געוואַרט אין דער אייגענער מינוט וואָס נעכטען איז „זי״ ווידער גע־קומען שטיל און אָהן איילענים, זי האָט העפליך זיך אַ נייג געטאָן צו איהם״ און האָט זיך אַראָפּ געלאָזט צום אַלטען טרעפּ... אַ שווי־דער איז אריבער איבער אַלע זיינע גליעדער... איז זי אַ וואַהנזיניגע? אַ פערצווייפעלטע, וועלכע זוכט איהר טויט אין דעם קאַלטען אָב־גרונד? ער האָט נאָך אין זיין קאָפּ קיין ענטפער אויף די פראַגע ניט געפונען און זי איז שוין געזעסען אין שיפעלע און האָט זיך געוויעגט צו־זאַמען מיט׳ן וואַסער אין דער הויך און אין דער נידער... ער איז גע־שטאַנען ווי צוגעשמידט און האָט ניט געקענט אָפּרייסען זיינע אויגען פון איהר!

— מיין הערר! האָט זי אַגעשריי געטאָן... ווילט איהר מיט מיר מיטפאָהרען? וואָלט איהר יעצט פירכטען אַ שפּאַציר צו מאַכען? עס איז זעהר אנגענעהם צו שווימען, קעמפּפען מיט די וועללען, קוקען דעם טויט גלייך אין די אויגען און הערען אין דער נעהע די בייזע און שרעקליכע שטימען דער נאַטור... קומט, היער איז דאָ פּלאַץ גענוג...

— אָבער....

— קיין „אָבער״... היער האָבען זי פּלאַטץ...

קוים זיינען דיעזע ווערטער ארויס פון איהר מויל — איז ער שוין געזעסען לעבען איהר...

— זאָ! האָט זי געזאָגט מיט אַ שמייכעל, אָבער איך נעהם אייך מיט דער בעדינגונג, איהר זאָלט זיצען רוהיג און שווייגען... איהר האָט קיין רעכט מיך צו פרעגען אָדער פון עטוואָס צו שפּרעכען... מיר וועלען ביידע שווייגען... מיר וועלען זיך צוזאַמענגיסען מיט׳ן מעער אין די הימלען ווי קליינע אַטאָמען... מיר וועלען שווייגען און דענקען.... אין אַזאַ צייט שפּרעכען פון קליינהייטען איז צו דום... שפּרעכען פון דאָס, וואָס נאָך אונזער מיינונג איז וויכטיג — איז צו פרעך... שטימט צו; אָדער שטייגט ארויס פון מיין שיפעל...

— איך בלייב און וועל טאָן אַלעס וואָס איהר וועט מיר בע־פעהלען!...

צוויי שטונדען האָבען זיך געצויגען גראדע ווי די עוויגקייט, דעם איינדרוק, וואָס דיעזע נאכט האָט אויף איהם געמאכט, וועט ער קיין מאָל פערגעסען.... ווי שטארק זיין הערץ האָט זיך געקלאַפּט, ווי שנעל זיין בלוט איז ארומגעלאָפען!... יעדע מינוט האָט ער געטראכט, אָט דער טויט קומט שוין.דער ווינד האָט געשליידערט דאָס שיפעלע ווי א פעדער, די וואסער האָבען מיט צאָרן געקלאַפּט און גערוישט... דאָ האָט זיך איהם געוויזען, אז די וועללען הויבען איהם ביז די וואָל־קענס און באלד האָט ער געמיינט, אז ער פליהט אין א שרעקליכען אָב־גרונד... דער אָטהעם איז פערכאַפּט, דער קאָפּ איז צודולט און זי זיצט רוהיג ווי א סטאטוע, שנייט מיט די וועסלעס די כוואליעס און שווימט ווייטער און ווייטער... נור איהרע אויגען גלענצען מיט א אונגעוועהנליכען פייער... פיעל מאָל האָט ער געוואָלט שרייען, רו־פען צו הילפע, ארויסרייסען פון איהרע הענד מיט געוואלד די וועס־לעס, צודריקען די וואהנזיניגע פרוי מיט זיינע קניע — אָבער ער איז געזעסען ווי א פּאראליזירטער... זיין שטימע האָט איהם ניט גע־וואָלט פאָלגען, זיינע הענד זיינען געוועזען אָהן קראפט... ער איז געוועזען בעצויבערט... זיין קראפט, זיין פערשטאנד האָבען זיך אומגעקעהרט צו איהם נור דאמאָלס, ווען זיי זיינען ווידער געשטאנען אויפ׳ן דאק און דאָס שיפעל איז געוועזען צוגעבונדען צום טרעפּ. זי האָט איהם געגעבען איהר האנד, האָט זיך פריילי‌ך און הויך צולאכט און האָט א געשריי געטאָן. גוטע נאכט, קאָללעגא... ער אָבער האָט איהר האנד געהאַל־טען שטארקער, האָט איהר געקוקט גלייך אין געזיכט און געפאָדערט זי זאָל ערקלעהרען, ווער איז זי?...

ווער איך בין?! וואָס געהט עס אייך אָן? איך פרעג ניט ווער איהר זייט... אייער נאָמען, אייער פּאס, אייער מאטריקול קען מיר גאָר נישט ערקלערען... אייער געזיכט זאָגט מיר דאָס איהר זייט א מענש מיט ענערגי און מאכט, אייערע אויגען דערציילען מיר דאָס איהר זייט א מאן, וועלכער קען דענקען און פיהלען. אייער בענעהמען צייגט דאָס איהר פיהרט זיך ווי איין אנשטענדיגער מענש — דאָס איז אַלעס וואָס איך ברויך צו וויסען... איך דארף קיינע אטעסטאטען און קיינע רעקאָמענדאציאָנס בריפע... איהר געפעלט מיר... און געפעלען

דאָס איז די ערשטע שטופּע דער ליעבע... ווען איך געפעל אייך אויך — קומט מאָרגען ווידער...

זי האָט ארויסגעריסען איהר האנד, און אָפּגעלאָפען עטליכע טריט און האָט אַ געשריי געטאָן: אדיע! מיין אונבעקאַנטער בעקאַנטער! אויף ווידערזעהן! — און איז פערשוואונדען געוואָרען... און ער איז געבליבען שטיין ערשטוינט, פערוואונדערט, ניעדערגעשלאָגען, גע־ריהרט...

.3

די אונגעוועהנליכע אויפפיהרונג פון די שעהנע אונבעקאַנטע, די געהיימניספאָלע נעכט, דער פּראַכט פון דער נאַטור, האָבען געשיל־דערט דעם העלד פון אונזער ראָמאַן פאַנטאַסטישע בילדער פון די אראַ־בישע „טויזענד אונד איין נאַכט"... ער האָט אליין ניט געוואוסט אויב דאָס קומט אַלעס פאָר אין דער ווירקליכקייט אָדער דאָס איז נור אַ וואונדערבארער טרוים...

די דריטע נאַכט איז ווידער פאַרביי ווי די פאָריגע נעכט. זיי זיינען געשוואומען צוזאַמען אויף דעם קליין שיפעלע איינינגע שטונדען און קיינער פון זיי האָט איין וואָרט ניט אויסגעשפּראָכען. זיי האָבען געבליקט איינער אויפ'ן אנדערן, בעטראַכט די הימלען, די וואַסער, און האָבען געשוויגען... אָבער ער האָט געפיהלט, דאָס זיין הארץ רעדט צו איהם מיט אַ זיסע אויסערגעוועהנליכע שפּראַכע, ווען זיי האָ־בען זיך אומגעקעהרט פון זייער רייזע אויפ'ן אָקעאַן, האָבען זיי זיך ניט צושיידט ווי שטענדיג — זיי זיינען געגאַנגען איבער'ן נאַסען זאַמד. עס איז געווען שטיל, אַלעס אין דער נאַטור האָט געשלאָפען און גערוהט... די וועללען האָבען געמורמעלט שטיל, דער ים האָט גע־דרעמעלט... די הויכע און פּראַכטפאָלע וויללעס און פּאַלאַצען זיינען געוועזען פערזונקען אין דעם גרינס פון די שלאָפענדע בוימער. זי האָט איהם גענומען אונטערן אָרעם און האָט פריילעך געשפּראָכען. געשפּאַסט, געמאַכט שאַרפע וויצען, ציטירט די ענגלישע און דייטשע קלאַסיקער, און ער איז געגאַנגען נאָך איהר ווי אַ בעצויבערטער און האָט זיך אליין געפרעגט: ווער איז די פרוי? אַ גוטע פעע אָדער אַ שלעכטע מכשפה?....

איין מאָל האָט זי זיך געווענדעט צו איהם און האָט לאַכענדיג גע־

פרענט: מיינט איהר אויך ווי שעקספירס העלד, ראָמעאָ, דאָס די ליעבע איז א קאַלטער פייער, א ליכטיגער רויך, א קראַנקע געזונדהייט, א heavy lightnes, serious vanities?

— ניין! איך מיין אז זי איז א ברענענדער פייער, א געזונטע קראַנקהייט....

זי האָט איהם אָבער ניט געלאָזט ענדיגען, האָט זיך אָבגעשטעלט און האָט געזאָגט ערנסט: מיין העדר! עס איז שוין שפּעט, מיר מוזען זיך שיידען... איך גלויב דאָס מיר וועלען נאָך האָבען צייט צו שפּרעכען דערפון... איינס מוז איך אייך ערקלעהרען: איך גלויב, אז אויב מיר וועלען ליעב קריגען איינער דעם אַנדערען, וועט אונזער ליעבע זיין ערנסטער און נאַטירליכער ווי די ליעבע וועלכע וואַקסט אויס אויף די ברוקירטע גאַסען פון שטאָט... יאַ! נאַטירליכער און ערנסטער, ווייל די נאַטור, צו וועלכע מיר זיינען יעצט אַזוי נאָהענט ערלויבט ניט זיין פאַלש, „דאָרט" איז יעדער מענש געשמידט אין קייטען, דאָ לערנט איהם די נאַטור ווי צו זיין פריי און אונאַבהענגיג. דאָרט האָט יעדער פון אונז טויזענדער הינדערניסע, וועלכע לאָזען ניט אונזערע געפיהלע זיך ענטוויקלען, וועלכע צווינגען אונז מאַסקירען זיך און נאַרען איינער דעם צווייטען, און דאָ, אָם וויינינגסטענס אויב מיר וועלען וועלען—וועלען מיר זיך בעגעהן אָהן ליגען און אָהן פאַלשקייט אדיע! מאָרגען גראַדע אַכט אוהר וואַרט איך אויף אייך דאָ... מיר וועלען לאָזען אונזער שיפעלע אליין און מיר וועלען דיעזען אבענד פערברייננגען אין מיין געהיימען נעסט. איך בין זיכער, אונזער פריינדשאַפט וועט ווערען שטאַרקער און אינטימער... לעבט וואָהל!...

.4

וואונדערבאַר שעהן איז געווען די פיערטע נאַכט פון זיין פאַנטאַסטישען ראָמאַן. די וועללען האָבען געפּלעסקעט מיט א פרייד, די שטערען האָבען צו איהם געווינקען מיט ליעבע, די בוימער האָבען איהם שטיל געוויספּערט און געווינשט גליק אָבער דאָס אַלעס האָט איהם ניט געפרייט: איהם איז ניט בעשידען געווען צו זיין גליקליך. דאַכט זיך א קלייניגקייט — פערשפּעטיגען זיך אויף איין מינוט! אָבער זעהט

וואָס פאַר וויכטיגע רעזולטאַטען עס קען פון אזא קליינינקייט ארויס־קומען, אונזער „העלד" איז געקומען צו דער סאוטה פעררי מיט איין מינוט שפּעטער... די פעררי איז ערשט אוועק און ער האָט געמוזט וואַרטען א האַלבע שטונדע... די 30 מינוטען האָבען זיך געצויגען ווי דרייסיג יאָהר, ער איז אומגעלאָפען, געקוקט אַלע ווײַלע אויפ׳ן זייגער, צוגעהערט זיך... ער האָט געוואָלט וויינען, שרייען, זוכען מיטלען — אומזיסט! מען קען גאָר נישט טאָן געגען אזעלכע אומ־שטענדען, וועלכע העגגען ניט אָב פון אונז.

ווען ער איז געקומען מיט א האַלבע שטונדע שפּעטער אויפ׳ן בעשטימטען פּלאַץ, האָט ער „זי" שוין ניט געטראָפען. ווי א פייל פון בויגען איז ער געלאָפען צום דאק... דאָס ווייסע שיפעלע האָט זיך רוהיג געוויגט, די לבנה האָט בעגאָסען דעם גאַנצען ים מיט עלעק־טרישע ליכט, ווייט האָבען זיך געהערט פריילִיכע שטימען — זי אָבער איז ניט געווען, ביז שפּעט אין דער נאַכט איז ער געזעסען און האָט געוואַרט — זי איז ניט געקומען. ער האָט געמיינט אז ער וועט זי געפינען, אז זיין הארץ וועט טרעפען וואו איהר „נעסט" איז און ער איז אוועק איבער די גאַסען פון פאָרט האַמילטאָן...

די איינוואָהנער פון דעם שטעדטעל האָבען שוין געשלאָפען לאַנג, אַלע לאָדען זיינען געווען צו; זעלטען וואו עס האָט געבליש־צעט א פייערעל, און אונזער העלד האָט זיך גע׳גנב׳עט פון איין הויז צום אַנדערן ווי א פערברעכער; האָט זיך צוגעהערט. יעדער שאָרך, יעדער קלאַפּ האָט איהם געשראָקען און געגעבען האָפנונגען... אין א זייטיגע פינסטערע געסיל האָט ער דערהערט א פּרויענצימערס געזאַנג. ער איז צוגעלאָפען געשווינד און האָט זיך צוגעהערט — ניין! עס איז ניט איהר שטימע... צום צווייטען מאָל האָט ער דערהערט אַן אַקאָרד אויף א פּיאַנאָ, ער האָט אָבער ניט געקענט גע־פינען פון וואַנען שאַלען דיעזע טרויעריגע טענער... גיך איז ווי־דער שטיל געוואָרען... וואָהין געהט מען? ביי ועמען קען מען פרעגען? ווער זי איז? וואָס איז איהר נאָמען? וואו וואָהנט זי? האָט זי מיט איהם ערנסט געשפּראָכען, אָדער געלאַכט פון איהם?...

ער האָט זיך אומגעקעהרט צוריק אויף דעם פערוואָרפענעם דאק, האָט זיך געזעצט נאָהענט ביים וואַסער און טיעף פערטראַכט... די ליב־טיגע שטערענדלעך זיינען איינע נאָך די אַנדערע פערשוואונדען גע־

וואָרען פון בלויען הימעל. דער ווינד איז געוואָרען שטארקער און קעל־
טער, פון מזרח זייט האָבען זיך בעוויזען ווייסע לאנגע שטריכע...
די פיערטע נאכט פון זיין אומוואנדערן געהט צו ענדע און זי איז ניטאָ
און וועט ניט קומען מעהר! זי איז פערשוואונדען געוואָרען אזוי ווי
א טרוים אין א רוהיגען און זיסען שלאָף נאָך אין דער יוגענד, אזוי
ווי דער שיין פון א פליהענדען שטערענדעל אין א שעהנע פריהלינגס־
נאכט, אזוי ווי דער קלאנג פון א הארמאָנישען אקקאָרד, וועלכער
קלינגט אונערווארטעט אין דער טיעפער שטיללע...

נור עראינערונגען, זיסע און טרויעריגע עראינערונגען זיינען ביי
איהם געבליבען, זיי זיינען ריהרענד און טהייער...



# אַ ווייב פאר׳משכונ׳ט און פארקויפט.

---

לייזער חיריק איז געקומען פון יענער זייט בריסק פון דעם גרוי־סען כרך זאמאלינע גלייך קיין ניו יאָרק. ער איז אַ יונגער מאַן, האָט צוויי אייזערנע הענד, צוויי רויטע באַקען, צוויי אויערען, וועלכע ליע־בען דעם קלאַנג פון אַ מטבע, און צוויי אויגען וועלכע האָבען פיינט צו שלאָפען און צו קוקען אויף נארישקייטען... אין זאמאלינע איז לייזער חירק געווען אַ בלעכער; אין ניו יאָרק איז ער געוואָרען אַ פלאָמבער. אין דער היים האָט ער זיך אויך ניט געפוילט צו אַר־ביטען 18 שעה אַ מעת לעת, און דאָ איז ער בערייט אויפצושטיין נאָך אַ שעה פאר טאָג און האָרעווען און קריעה רייסען... אין דער היים האָט ער אַלע טאָג געגעסען אַ ווארעמען קרופניק מיט אַ מארך־ב״ין געקאָכט; אין אַמעריקאַ עסט ער נור פאַמפיניקעל מיט געקוילע־טע הערינג. ער ציטערט אויף יעדע קאָפּיקע, עסט שבת ניט קיין פלייש, שלאָפט אויף דער ערד אין אַ פינסטערען ענגען צימער, קויפט פיר זיך נור סעקאָנדהענדיגע מלבושים און שעהמט זיך ניט צו טראָגען אויסגעקרימטע שטיועל. איהר וואונדערט זיך ווי אזוי קען אַ מענש פיהרען אזא לעבען און נאָך זיין געזונד? ערשטענס איז מיסטער חיריק אַ איד, און צווייטענס אין זאמאלינע ווערען בעשאפען גאָר אונגעוויינליכע אידען, וועלכע האָבען קראפט צום ארבייטען ווי לאָ־קאָמאָטיוועו, און בעדירפניסע האָבען זיי אזוי פיעל פונקט ווי משה רבינו׳ס בהמה׳לעך...

וואָס־זשע מיינט איהר, מיסטער לייזער חיריק פערדיענט וויי־ניג? אָ! ניין! ער פערדיענט אַ „גוזמא" געלד, יעדער וואָך ניט וויי־ניגער פון אכט דאָלאר, דאָס הייסט 16 רובעל, דאָס הייסט כמעט 107 גולדען, דאָס הייסט 3200 גראָשען! פערשטעהט איהר מיך, מיס־טער חיריק האָט איבערגעלאָזט אין זאמאַלינע אַ יונגע, אַ שעהנע

ווייבעלע ווי א מאַלינע זי איז געווען בעקאַנט אין דער גאַנצער וועלט פון זאַמאַלינע ביז בריסק און פון קאַטעלנע ביז מאַלטש אונטער'ן נאָמען: די שעהנע חנה. און זי איז טאַקע געווען שעהן ווי עס גיט זיך איין א מאָל ביי אידען: הויך, ווי א טענענבוים פון בארג לבנון, ווייס ווי דער טוי וואָס ליגט אויפ'ן הר חברון... צוויי אויגען, ווי צוויי שוואַרצע ברענענדע קוילען... און זי האָט געשיינקט ר' לייזער חיריק צוויי מיידלעך, וועלכע האָבען געהאַט פּונקט אַזעלכע קעפּעלעך, ווי ביי די צוויי כרובים, וואָס האָבען אומגעשוועבט איבער דער טהיר פון גן ערן... יאָ! די שעהנע חנה איז געווען ליעב, די קינדער זיינען געווען טהייער, אָבער דאָך האָט לייזער חיריק ניט גיך בעשלאָסען צו שיקען געלד אויף הוצאות אויף שיפס־קאַרטען... ווי אַזוי נעהמט מען דאָס ארויס מיט א מאָל אַזאַ „פּולע" געלד און מען מאַכט א לאָך אין דער קעשענע, וואו עס ליגען די דאָלאַרלעך וואָס קומען אָן אַזוי שעוור און וואָס קאָסטען אַזוי טייער? אפשר וועט גאָט העלפען ווי עס איז מיט א נס?... אך! קיין נס האָט זיך ניט געטראָפען און א איד קען ניט און טאָר ניט אייביג זיין א פּרוש: לייזער חיריק האָט געשיקט זיין שעהנער חנה 50 דאָלאַר, האָט איהר געהייסען פערקויפען די ציעג, די הויכע בענש־לייכטער און די „שטאַט" אין אַלטען בית המדרש און קומען וואָס גיכער קיין ניו יאָרק, זיין טרייסט איז געווען, דאָס חנה וועט שיינען צווישען ציונ'ס טעכטער פון העסטער ביז לודלאָוו, ווי די ליכטיגע לבנה צווישען די שטערען... זאָל איך אייך דערצעהלען ווי אַזוי די שעהנע חנה איז ארויסגעפאָהרען פון זאַמאַלינע, ווי אַזוי אַלע ווייבער האָבען געוויינט און דער רב האָט זי געבענשט, ווי אַזוי די זשאַנדאַרמעס האָבען זי געשטורכעט אין די וואַגאָנעס?... איהר זייט דאָך אַליין א ניט־הינגער און איהר ווייסט דאָס אַליין גאַנץ גוט... איך וועל אייך נור דערציילען וואָס פאַר א שרעקליכער אומגליק מיט אונזער שעהנער חנה האָט זיך געטראָפען. ווען זי איז שוין געווען אין האַמבורג, ווען זי האָט שוין געהערט ווי פון ווייטען פייפען די גרויסע שיפען און האָט געזעהן ווי איהרע בעקאַנטע קלייבען זיך שוין אין אמעריקא... חנה איז טאַקע שעהן ווי די ליכטיגע זונן און קיין נאַרר, חלילה, איז זי אויך ניט, דאָך איז זי א פּראָסטע אידענע און ווייס ניט פון קיין חכמות... עפּעס אַן אנשטענדיגער דייטש האָט איהר פאָרגעלעגט קויפען פאַר

זעהר ביליג א שיפס־קאַרטע און זי האָט געוואָלט איינשפּאָרען און ברייננגען חירק'ען עטליכע דאָלאר... זי האָט פערשטאַנען, אז ווען מען קומט צום מאַן און מען ברייננגט נאָך א ביסעל ממתקים איז מען זעהר אַן אָנגענומענער גאַסט.. אַ! עס איז אָבער ניט באַשערט גע־ווען... די שיפס־קאַרטע איז געווען א פאַלשע און דער דייטש איז פערשוואונדען געוואָרען מיט איהרע געלד, אַקוראַט ווי קרח מיט זיינע אוצרות וואָס זיינען אריין אין דער ערד... אהין! אהער! א געוואַלד! א געפילדער! — עס העלפט ווי א טויטען באַנקעס... אָבער וואָס מיינט איהר; די שעהנע חנה וועט בלייבען אין האַמבורג? זי וועט געהן צו פוס צוריק קיין זאַמאַלינע? זי וועט געהן בעטלען ביי די אידישע קאָמיטעטשיקעס? ניט דערהאַרען זאָלען זיי! וואָס הייסט, זאָגט זי, דער גוי האָט צוגענומען מיין געלד, זיינען זיי קראַנק מיך אָוועקפיהרען קיין אַמעריקא?... זי נעהמט איהר בעטגעוואַנט, איהרע צוויי שעהנע טעכטער, איהר האַלב באַנקע מיט איננבער וואַ־רעניע, איהר אַלטען קאַסטען מיט אַלטע מחזורים, קינות, סידורים, תחנות, און צאינה וראינה'ס און קלייבט זיך אריבער אויפ'ן שיף צוזאַמען מיט איהרע בעקאַנטע....

איך דאַרף אייך דערציילען, אז צווישען איהרע נייע בעקאַנטע איז אויך געווען א גוי, להבדיל... א יונגער שייגעץ פון ● יאָהר צוויי און צוואַנציג, א שעהנער, א ווייסער מיט בלויע אויגען. חנה האָט אפילו גאַנץ ווענינ געקענט רעדען פּויליש (דער גוי להבדיל איז גע־ווען א פאָליאַק) דאָך האָט זי געקענט זאָגען: דזענקויע פאַניע דאָב־ראָדזשעיו! באַרדזאָ דאָבזשע" און „שקליאַנקא הערבאַטע"... נו, און פאַר איהם איז דאָס אויך געווען גענוג... א גוי, א כפרה זאָל ער איינענעהמען, דאַרף דען פיעל האָבען? מיט איין וואָרט, דער גוי האָט איהר געשלעפּט די פּעק, געקראָגען טהעע־וואַסער, געקויפט הע־רינג... און פאַר וואָס זאָל טאַקי א גוי ניט דיענען דעם אידען? קראַנק איז ער, וואָס?

אָבער אז אויפ'ן פּאַראַכאָד האָט זיך אויפגעהויבען א געשריי, א געפילדער, א ליאַרם, אז דער קאַפּיטאַן אליין האָט אָנגעהויבען שרייען אויף דער שעהנער חנה און טאַפּען מיט די פיס, אז די מאַט־ראָזען האָבען אָנגעהויבען שליידערען און וואַרפען איהרע זאַכען: (אוי, וואַרפען זאָל זיי א קדחת, רב"שע), אז חנה האָט אָנגעהויבען

וויינען און איהרע קינדער האָבען זיך צושראָקען ווי דערשראָקענע שעפעלעך, ווען אלע אידען האָבען זי ארומגערינגעלט און האָבען גע־האַלפען דער שעהנער חנה קרעכטשען און אָכטשען — אין דער זעלבער צייט איז צוגעגאנגען דער גוי, א כפרה זאָל ער אייננעהמען פאר א אידענס מינסטען נאָגעל, און האָט געזאָגט: איך, איך האָב אויך ניט פיעל געלד, אָבער איך בין בערייט צו בעצאָהלען פאר איהר... נור מיט דער בעדינגונג, מען זאָל זיי אין ניו יאָרק ניט אראָפּלאָזען פון שיף, ביז איהר מאַן וועט ניט אָבגעבען די 22 דאָ־לאר וואָס איך גיב... חנה וועט זיין ביי אונז אין משכון...

לאנגזאם איז גענאנגען די אלטע שיף איבער די אונבעגרענעצטע פעלדער פון דעם גרויסען אָקעאן. לאנגזאם האָבען זיך געצויגען די טעג און די נעכט... אלע פאסאזשירען זיינען געוואָרען צווישען זיך גוטע בעקאַנטע און דער ווייסער גוי מיט זיין פערמשכנ׳טע חנה זיינען געוואָרען גוטע פריינד... מיינט ניט חלילה, אז דער גוי האָט זיך ערלויבט עטוואָס אונאנשטענדיגעס זאָגען, אָדער א פרעכען בליק ווארפען— ער איז געווען שטיל ווי א טויב און שעמעדיג ווי א יונגע מיידעלע... ער האָט געהיט זיין „משכון" ווי די אויגען אין קאָפּ און איהר געווען א טרייער דינער... די קינדער איהרע זיינען איהם ניט אראָב פון זיננען... ער האָט זיי געזונגען, געשפּיעלט זיך מיט זיי... אפשר זייט איהר חושד אונזער חנה, אז זי האָט זיך פערליעבט אין א גוי — ימח שמו וזכרו?... האָט איהר א גרויסען טעות... ערשטענס האָט זי גאָר ניט געוואוסט, וואָס ליעבע הייסט און מיט וואָס מען עסט דאָס, זי האָט חתונה געהאַט, ווייל א אידישע טאָכטער דארף חתונה האָבען, און ווייל פאר קיין אלטע מיידלעך איז ניטאָ קיין מאָנאַסטירען, ווי ביי די גוים. צווייטענס, איז זי געווען א עהרליכע, א כשרה אידענע... און דער גוי איז ניט נאָר טריף דער־פאר וואָס ער איז א גוי, ער איז דאָך פּאָרט א מאַנסביל...

די שיף געהט, די טעג געהען, און אמעריקא רוקט זיך נעהענטער און נעהנטער... אז מען זאָגט חנה׳ען אז זי איז צו א גרויסע מחותנת׳טע מיט׳ן גוי, ווערט זי רויט. אז מען זאָגט דעם גוי, אז באלד וועט חנה זיין צוזאַמען מיט איהר מאַן, ווערט ער בלאַס...

און די שיף פאָהרט, די וואַסער רוישען... ווייט האָבען זיך בע־וויזען עטליכע פויגלען, וועלכע רינגלען זיך אין דער לופטען און

שפרינגען איבער'ן וואסער... די ערד! די ערד דארף זיין ניט ווייט. באלד וועט זיך ענדיגען דער לאנגער און שווערער וועג, באלד וועט זיין אן ענדע פון איהרע צרות און יסורים... דער ווייסער גוי בלייבט ניט אין ניו יארק. ער פאהרט קיין פענסילווועניע, זיין ברודער האט דארטען א פארם און ער וועט אויך זיין א פארמער... ער זאגט ער וועט זיך אויסבויען א קליינע און א שעהנע הייזעלע ניט ווייט וועט זיין א קליין וועלדעלע... בוימער... א טייך... אך! וואו איז דאס, וואס עס ווילט זיך ווינען אין מיטען דרינען?!

לאנג האט געווארט מיסטער לייזער חיריק — ענדליך האט ער זיך דערווארט: ער האט ערהאלטען א טעלעגראם, אז זיין פרוי און זיינע קינדער זיינען דא אין ניו יארק, אין קאסטעל גארדען... די שעהנע חנה איז דא! ער לויפט! ווי ער איז געווען ביי דער ארבייט אויסגעשמירט, פערריכערט, שמוציג — אזוי איז ער אוועקגעלאפען. ערשטענס, זואס דארף זיך א איד פוצען און וואשען, צווייטענס, חנה קען איהם אזוי אויך, דריטענס, עס איז ניטא קיין צייט... מען דארף זי ארויסנעהמען פון קעסעל גארדען און ארבייטען... א טאג דארף ניט פערפאלען ווערען...

אט איז ער שוין ביי דער טהיר, ער ווייזט די טעלעגראם, מען לאזט איהם אריין... ער געהט... אהא! חנה, וואס מאכסט דו? און דאס זיינען אונזערע טויבען? קום... לאמיר פאהרען.. איהר הארץ האט אנגעהויבען שמערצען... וואס? אט דאס איז איהר מאן? אט אזוי קאלט האבען זיי זיך בעגעגענט?... — לייזער, זאגט זי טרויעריג, איך קען ניט פאהרען... איך בין פערמשכנט... דו מוזט פריהער דעם הערר בעצאהלען 22 דאלאר!... און דער „הערר" שטעהט פון דער ווייטען, זיינע הענד ציטערן, די אויגען פול מיט טרערען...

— וואס! האט א געשריי געטאן חיריק גלייך ווי א דונער וואלט איהם דערשלאגען... נאך 22 דאלאר! עס איז ווייניג 50 דאללאר... אזא רים פון הארצען... נאך צוויי און צוואנציג דא־לאר! דו ביזט משוגע געווארען! עס איז א שפיעלכעל?...

— שריי ניט! וואס זאל מען טאן... עס איז א אונגליק... עס טרעפט זיך... בעצאהל! דו האסט דאך מיר אליין געשריבען, אז דו האסט דריי הונדערט דאלאר אין די בענק.

— בעצאָהל, דריי הונדערט דאָלאר! דו וועסט קומען אזוי! ניש קשה! איך זאָג דיר! איך וועל געהן וואַרפען געלט אין בלאָ־טע!..."

חיריק לויפט מיט א כעס פון קאסטעל גאַרדען, חנה וויינט, דער ווייסער גוי ווייס ניט וואָס ער זאָל טאָן... דער ווײלע נעהמט מען זיי אַלע און מען פיהרט אויף עלים איילענד...

חנה זאָגט דער ווייסער גוי, און זיין קול ציטערט. „חנה אויב דו וויינסט, וואָס ער וויל דיך ניט נעהמען געה!... איך האַלט דיך ניט!... איך וועל דאָ אין ניו יאָרק פערדיענען אויף א בילעט קיין פילאַדעלפיא... און דו וועסט מיר בעצאָהלען שפּעטער... ווען עס איז...

ניין! ניין! ענטפערט חנה... איך וויין, ווייל מיר איז שווער... און זיי ווערען ביידע אנשוויגען, קוקען זיך איינע די אַנדערע אין די אויגען; דאָס הארץ צאַפּעלט זיך, די אויגען גלענצען...

— קאַבאַנאַ מאָיא, שעפּצעט דער גוי מיט א ציטערענדע שטי־מע! קום מיט מיר! דו וועסט זיין מיין קרולאָווא, מיין הערשערין! דיינע קינדער וועלען זיין אונזערע ענגעלס בעשיצער!...

און זי פיהלט ווי די גאַנצע וועלט קערט זיך, אין די אויגען ווערט פינסטער, די פיס האקען זיך אונטער און זי פאַלט... זי פאַלט איהם אין זיינע אָרעמס און וויינט, און גלעט איהם, און זאָגט איך ליעב דיך!...

מאָרגען גאַנץ פריה איז געקומען מיסטער לייזער חיריק מיט 22 דאָלאַר. ער איז געוועזען בייז, אונצופריעדען, אָבער וואָס קען מען העלפען? מען מוז דאָך אויסקויפען די שעהנע חנה פון גוי'עשע הענד. אָבער איהם איז ניט באַשערט געווען צו פערלירען די געלד... די שעהנע חנה מיט די קינדער זיינען ניט געווען מעהר דאָ: זיי זיינען אוועקגעפאָהרען קיין פענסילווייניע...



# ווי אזוי איך האב אנגעכאפּט דעם גליק פאַר'ן עק.

(א ספּור המעשה פון א רוסישען אידען.)

---

## ערשטער קאפּיטעל.

איך בין שוין יעצט ניט קיין גרינהארן. איך ווייס שוין יעצט דעם גאנצען אמעריקאנישען עטיקעט אויסוויינינג פּיעל בעסער, ווי איך האב געקענט „אשרי", ווען איך בין נאך געוועזען א פּראסטער בשר־ודם. איך דארף אייך פריהער גוט אנקלאפּען... און נאך דעם אריין געהן צו אייך מיט מיין ספּור־המעשה.

טוק! טוק! טוק!

— ווער איז דארט?

— דאס בין איך — חיים יענקיל ברב זרח געציל ראס, א פרייער אמעריקאנישער בירגער פון יאגידיוווקי, וואס געפינט זיך טיעף אין טשערניגאווער גובערניע.

— קום אריין!

— דאנק אייך, סער, דארף אייך זאגען דעם אמת, אז איך בין ניט לאנג געווארען אזא „לייט..." גאר ניט לאנג בין איך געוועזען א פּראסטער אידעלע, ווי זאגט מען: א פּראסטער שלש סעודות, און האב ניט געוואוסט, וואס הייסט שמייכלען צו א שטיקעלע בולקע; ווערען געשוואלען פון הונגער; האבען א וואוינונג אונטער א קופּע מיט שטיינער, זיין א בארדער און ארבייטען „פון יענע זייט טייך". איך האב ניט געוואוסט וואס פאר א טעם עס האבען די פיש פון דער בויערי און די גמילות חסדים פון דער אכטער סטריט. וואס ווייס אין רוסלאנד א ישובניק? איך האב געגעסען חלה מיט בולקע און

האָב זיך אונטער געשפּיעלט מיט מיין פרומע־שרה׳קע! היינט, אז איך ווייס שוין ווי אזוי די קאַץ קומט איבער דעם וואסער, קען איך איהר שוין אויך דעם עק פערבינדען... אָ! אָ! זייט פאַרזיכטיג מיט דעם גרינעם, וואָס איז שוין געוואָרען געל ווי א וואקס. נור וואָס פערלויף איך אזוי וועיט? איך מוז אייך דערצעהלען אַלעס פון „א״ ביז דעם קרומען „נון״ און אפשר טאקע ביז דעם לאַנגען „צדיק״. דעם ניעדער־טרעכטיגען „תו״ וויל איך אייך ניט דערמאָנען, איהר זאָלט זיך אויף מיר ניט בעלעדיגען.

הערט א געשיכטע:

איך בין געבוירען געוואָרען אין יאגידיוועקי. מיין טאטע — זרח גנציל — איז געוועזען דער פיינסטער פּאַטשטאר פון אַלע פּאַטשטאַ־רעם און דער גרעסטער מבין אויף פערד. און מיין ווייב איז אויך פון יאגידיוועקי, זי איז משה קרעפּילס דעם וויינשענקערס טאָכטער. נדן האָב איך גענומען דריי הונדערט רובעל כסף מיט א בהמה, און א חוץ דעם האָט מען מיר געקויפט א זייגער מיט א גילדערנע קייטעל פון געבלאָזענע גאָלד. איך האָב זיך באלד געמאכט א געשעפטעל, און מיין פּלוניתטע האָט אַלע יאָהר געהאט א קינד. עסען און טרינקען האָבען מיר געהאט גענוג: אויף אַלע יום טוב פלעג איך זיך מאכען א נייע בעקעשע און דער ווייב א נייע קלייד. שבת האָב איך געגעסען קוגעל און האָב געגרעבסט ווי דער פיינסטער בעל הבית און בין געווען גאַנץ צופריעדען, וואָס קיין נייע אידען לאָזט מען ניט אין די דער־פער. וואָס איז מיר אָפּגעגאנגען? קרחות, שונאי ישראל? א ווייבעל האָב איך געהאט א שווארץ־חן׳עוודיגע, קינדער האָב איך געהאט גענוג, א שקאפע גאָר אפּיינע, א בהמה א דייטשקע! אָט ווי איהר זעהט מיך א אידען, צוויי מאָל אין וואָך האָבען מיר געגעסען קרעפּלעך מיט ווירטוטען, און וואָס פאר א קרעפּלעך? אז איהר וועט אויספאָהא־רען גאַנץ אמעריקא פון הודו ביז כוש וועט איהר ניט געפונען א נאָ־מען אפילו פון א יאגידיוועקער קרעפּיל.

אך! אַלעס איז געגאנגען אין יאגידיוועקי גוט און פיין ביז מען האָט זיך דערוואוסט, אז עס איז דאָ אין ניו יאָרק אזא לאַנד, וואָס זי רופט זיך אָן אמעריקא. אָט דאָ הויבען זיך אָן אַלע צרות, שלעק און די עשרה מכות פון דעם בארג סיני! הערט ווי אזוי עס פערלויפט זיך א מעשה: מיין שווארץ־חן׳עוודיגע פרומע־שרה׳קע דארף האָבען

א שוועסטער יענטע, דוקא א מיאוס'ע און א גרינע, אז אפילו דער יצר־הרע אליין נעהמט איין א מיתה משונה ווי ער דערזעהט זי נור. אָט די יענטע איז ארויסגעפאָהרען פון יאגידיוווקי שפּאציערען אביסעל און האָט אראָבגעקעהרט אויף א וויילינצקע קיין אמעריקא. און אמע־ריקא האָט זי געוואָלט דערפאר, זי האָט געהערט, אז אין דער מדינה אין א נקבה זעהר א גרויסע מציאה און עס מעג אהין קומען א גרינע אָדער א געשטופּעלטע, אָדער א קאָלטענעוואטע, וועט מען זי באלד אויסכאפּען און די מאנזבילען וועלען זיך פאר איהר רייסען אקוראט ווי די הינט פאר א ביין מסתמא האָט אונזער יפת־תואר זיך אביסעל פערשפּעטיגט און קיינער האָט זי ניט געוואָלט כאפּען, כאָטש גיט זיי א כאָלעריע! דערפאר אָבער האָט אונזער יענטע זיך צוגעשלאָגען צו א געשעפט: זי האָט זיך אויסגעלערענט צו נעהען הויזען־קנעפּלעך און פערדיענט זעקס דאָלאר א וואָך. זעקס דאָלאר דאָס איז דאָך צוועלף קערבלעך, אכציג גילדען, 2400 גראָשען! א נקבה, א מיידעל פער־דיענט אן אוצר מיט געלד! ווי מיר האָבען נור ערהאַלטען דעם ערש־טען בריעף פון יענטען האָט מיך אָנגעהויבען צוציהען נאָך אמעריקא, אקוראט ווי יעדען מלך אויף פּסח אהיים.

וואָס זיצט איהר דאָרט אין אייער חזיר־לאנד? האָט אונז גע־פרעגט יענטע. און איך האָב באלד געפרעגט מיין ווייבעל: פרומע שרה'קע, זאָג מיר, דו ווייסט ניט, וואָס זיצען מיר אין חזיר־לאנד?

נאָך דעם האָט אונז יענטע געשריבען, אז פון אזא גראָבען יונג ווי סענדער דער דריטער קען ליידען נור א אידעלע פּארך. האָב איך טאקע באלד געפרעגט מיין ווייב און געזאָגט: פרומע שרה'קע! וואָס זיינען מיר פאר פּארכעס וואָס מיר דארפען ליידען פון סענדער דעם דריטען?

נאָמיר ווערען ברוגז אויף אזא שלעכטע מדינה און נאָמיר פאָהרען קיין אמעריקא, וואָס געפינט זיך אין דער לאנד ניו יאָרק.

מיין ווייב פאָלגט מיך שטענדיג, און ווי באלד איך האָב איהר געהייסען ברוגז ווערען, איז זי טאקע ברוגז געוואָרען און מיר האָבען זיך ביידע אָנגעבלאָזען ווי די אינדיקעס.

קיין צייטונג האָב איך נאָך דאמאָלס ניט געלייענט. און ביי אונז אין יאגידיוווקע האָט מען גאָר ניט געוואוסט אז מען טרייבט די אידען פון מאָסקווע און פּעטערבורג און אז די אידען איז זעהר

שלעכט צו וואָהנען אין רוסלאַנד. דאָך האָט מיין האַרץ געפיהלט, אַז מיר איז באַשערט צו זיין אין אַמעריקאַ. און איך האָב אַלע טאָג געלערענט מיט מיין עלטער אינגעלע זלמן׳קע אַזאַ שטיקעלע גמרא:

— זלמנקע, מיין חכם, וואָס איז רוסלאַנד?

— אַ חזיר־לאַנד!

— וואָהין ווילסט דו זונינקע?

— קיין „אַמעליקע".

— זאָג זשע, חכם מיינער, און אַז מען וועט בעטען מיר זאָלען בלייבען?

— זאָלען זיי אפילו צוזעצט ווערען, בעטענדיג מוזען מיר פאָה־רען קיין „אַמעליקע".

— פרומע שרה׳קע, קינדער, שרייט אַלע: קיין אַמעריקאַ!

— אַמעריקאַ! אַמעריקאַ!

... נו! האָבען מיר אַזוי לאַנג געשריען „קיין אַמעריקאַ" ביז וואַנען מיר האָבען זיך טאַקע דערלעבט פערשוואַרצט צו ווערען און ליגען אין דער ערד זיעבען איילען טיעף.

מיר ווילט זיך אַזוי דערצעהלען איך די גאַנצע מעשה מיט איין מאָל אַז איך מוז זיך אליין אַ שלעפּ טאָן ביי דער פּאָלע און זאָגען: חיים יענקיל, האַלט איין דעם לאַשאַק! אַז ניט וועסט דו ניט קענען אַלעס דערצעהלען כסדר.

שאַ! קינדער! נו מיר וועלען טאַקע געהן כסדר.

ווי באַלד איך האָב שוין געזעהן בעשיינפּערליך, אַז איך קען ניט לעבען מיט דעם רוסישען קייזער אין שלום און אַז רוסלאַנד איז טאַקע גאָר פאַר מיר קיין מדינה ניט, האָב איך זיך אָנגעהויבען צו קלייבען אין וועג אריין: האָב פערקויפט מיין שקאַפע און געמאַכט זיך אַ נייעם טלית־זאַק. נאָכדעם האָב איך געמאַכט אַן אָקציאָן און האָב פערקויפט מיין גאַנצע „נעביל" און בכל לכל... משרוך נעל ועד פּעטרישקע... נור די קישענס מיט די פּערענעס האָב איך ניט פער־קויפט, ווייל מען האָט מיר געזאָגט, אַז אין אַמעריקאַ איז ניטאָ קיין פוך מיט קיין פעדערען, וואָרום דאָרט איז ניטאָ קיין אַנדערע עופות, אַ חוץ חזירים מיט פּאָליטיקער... איך האָב זיך צונויף געשלאָגען אַ פּאָאַר הונדערט קערבלעך און האָב זיך אָנגעהויבען צו קלייבען אין

וועג אריין. פריהער פון אלעס האב איך געדארפט ענטפערן אויף צוויי קשיות: זאל איך נעהמען א גובערנאטארשען פאס? זאל איך זיך מודה זיין, אז איך האב געלד, אדער איך זאל זיך מאכען פאר א קבצן? איך, מיין פרומע שרה'לע און אפילו דער קליינער זלמן'קע האבען מיר פיעל געקלעהרט און געטראכט און עס איז ביי אונז געבליבען: ערשטענס, מיר מוזען זיך אריבער'גנב'ענען איבער'ן גרענעץ, ווארום עס קען זיין, אז די נאטשאלסטווא וועט זיך איינשפארען און וועט זאגען איין מאל פאר אלע מאל: חיים יענקיל מוז בלייבען ביי אונז; צווייטענס, דאס געלד מוז מען בעהאלטען און מאכען א שווייג, ווארום אז ניט, וועט רב הערש'ס קאמיטעט געבען מיר א פייג ניט קיין הילף. אזוי איז ביי אונז געבליבען. מיר האבען צו־נויף געבונדען די קישענס מיט די איבערבעטען, אנגעטאן אויף זיך און אויף די קינדער אלטע טראנטעס, און א חוץ האב איך נאך גענומען ביי אונ־זער רב'יל א בריעף אליין צו דעם באראן ר' הערש און צו די אנדערע קאמיטעטען און מיר זיינען שוין געווען גרייט צו פאהרען.

אקוראט ראש חודש אלול נאך מיטאג זיינען מיר ארויסגעפאהרען פון יאנידיוווקי. אונזער שכן איוואן ציבולעווסקא האט אונז אבגע־פיהרט צום וואקזאל. אויפ'ן וואגען זיינען געלעגען אונזערע קישענס מיט די אנדערע בעבעכעס. פון אויבען איז געזעסען מיין שרה־פרומע און אלע מיינע קינדער. איוואן און איך, להבדיל, זיינען געווען לעבען וואגען צו־פוס. ביז צוויי ווערסט פון יאנידיוווקי האבען אונז בעגלייט אונזערע פריינד און גוטע פריינד. אלע זיינען מיר געגאנגען שטיל, די קעפ אראבגעלאזען... דאס הארץ האט מיר אזוי וועה געטאן, איך האב געמיינט, אז אט אט וועט זיך עס צורייסען אויף שטיקלעך...
און שרה'קע האט געוויינט... אלע ווייבער האבען געוויינט.

אין דעם טאג האבען מיר אלע געוויינט געגוג. נאך אין דער פריה זיינען מיר געגאנגען אויפ'ן פעלד געזעגענען זיך מיט די קברים פון אונזערע עלטערען. דא אין יאנידיוווקי בלייבען ליגען די ביינער פון מיין אלטען פאטער, פון מיין מוטער... און איך וועל ליגען אין א פרעמדע לאנד, ווייט ווייט פון דאנען!.. און אז מיין שרה'קע האט א קוק געטאן אויף דעם קליינעם קבר'ל פון אונזער קינד, וואס איז ניט לאנג געשטארבען, האט זי אזוי שטארק געקלאגט, אז איך האב געמיינט, איך וועל ניט אויסהאלטען.

— דו בלייבסט דאָ מיין קינד! האָט זי געיאָמערט, מיר וואַרפען דיך אוועק אליין!... מיר וועלען שוין קיין מאָל ניט קומען אהער!

אי! אויף מיין וואָרט, אַז אפילו יעצט אַז איך דערמאָן זיך ווילט זיך מיר אויך וויינען.

צוויי וואָרסט פון יאגידיוקי האָט זיך דער וואָגען אָבגעשטעלט. שרה פרומע איז אראָב געקראָכען פון וואָגען און מיר האָבען זיך אָנ־געהויבען צו געזעגענען מיט אונזערע פריינד און גוטע פריינד. איין גאָט ווייס, וויפיעל טרערען איז דאָ פערגאָסען געוואָרען! אפילו אי־וואַן האָט אויך געוויינט... דאָ בין איך ארויף אויף א הויכען בער־גל, האָב זיך אומגעקעהרט און א לעצטען מאָל א קוק געטאָן אויף יא־גידיוקי... דאָ בין איך געבוירען געוואָרען, דאָ האָב איך פערבראַכט מיינע יונגע יאָהרען!... דעם לעצטען מאָל האָב איך א קוק געטאָן אויף די ווינט־מיהלען, וואָס שטעהען אויפ'ן פעלד לעבען שטעטעל, אויף דעם קליינעם טייכעל מיט די שטיינערדיגע ברעגען, אויף די אַלטע בוימער... דעם לעצטען מאָל!.. אָ! קען דען זיין, אַז דאָס אַלעס וועל איך שוין קיין מאָל ניט, קיין מאָל ניט זעהן?!

— עס איז שוין צייט צו פאָהרען, האָט געזאָגט איוואַן, און האָט זיך א קראַץ געטאָן אין דער פּאַטיליצע.

— יאָ! עס איז צייט... מען דאַרף פאָהרען! זייט געזונד! זייט געזונד אַלע מיינע טייערע און גוטע פריינד! אדיע יאגידיוו־קי!...

## צווייטער קאַפּיטעל.

איך דאַרף אייך ניט דערצעהלען, וויפיעל שוויים עס האָט זיך פון מיר געגאָסען איידער איך האָב זיך אריינגערוקט מיט מיין גע־זינדעל און מיט אַלע מיינע בעבעכעס אין וואַגאָן אריין. מיר זיינען איינגענע מענשען און איך וועל אייך טאַקע זאָגען דעם אמת: איך האָב קיין מאָל ניט געזעהן קיין אייזען־באַהן און האָב ניט געוואוסט מיט וואָס פאַר א פּוס מען געהט צו דער קאַסע און וואָס פאַר א מין מאכל באַגאַזש מיט זשאַנדאַרמעס זיינען. און מיין שרה־פרומקע, לא־עליכם, איז געווען אַזאַ מלמד, אַז ווי באַלד מיר האָבען זיך נור אריינגעזעצט

אין וואגאָן, האָט זי מיך שוין געפרעגט: צו דאָ איז טיעף דער ים און צו וועלען מיר, חלילה, ניט דערטרונקען ווערען?

שטעלט זיך פאָר, איוואן ציבולענקאָ, וועלכער האָט מיך געבראכט אויף זיין פוהר, איז געשטאנען די גאנצע צייט לעבען די וואגאָנעס, און אז מען האָט געגעבען דעם צווייטען קלאנג מיט'ן גלעקעל, איז ער צוגעאנגען צום פענסטער, האָט אראָבגענומען די היטעל און האָט געזאָגט: „לאָז דיר גאָט העלפען! האָב א גליקליכען וועג!" — וואָס זאָגט איהר אויף איהם? ער וויים ניט, אז איך, ווי מיין פרומע שרה'קע זיינען ברוגז אויף גאַנץ רוסלאנד! אך, ווי נארריש איז דעם מענשענס הארץ!... אז אונזער מאשינע האָט געגעבען א שטאר־קען בלאָז און האָט זיך א שאָקעל געטאָן, אז אלע אונזערע וואגאָנעס האָבען זיך אָנגעהויבען צו קייקלען, האָב איך זיך פּלוצלונג דערמאָנט, אז איוואן איז דער לעצטער פון מיינע יאגידיוועקער בעקאנטע, אז מיט איוואנקען זיינען מיר געווען שכנים און שטענדיג געלעבט בשלום. איך האָב זיך ארויסגערוקט פון פענסטער און האָב א געשריי געטאָן: זיי געזונד, איוואן! גערים דיין יאוודאָכען און אלעמען... אלע־מען!... לאָז דיר אויך גאָט העלפען, דו זאָלסט ניט זיין קיין קבצן"...

אך! איך בעט אייך, דערצעהלט ניט דעם רב הכולל, אז איך האָב געבעטען דעם אידישען גאָט ער זאָל העלפען איוואנען דעם חזיר... איך בין נאָך דאמאָלס געווען א גרינהאָרן און א חוץ דעם, אין יענער מינוט, האָט זיך מיר ארויסגעוויזען, אז איך האָב גאָר ניט, פאר וואָס צו זיין ברוגז אויף איוואנען...

אָבער זיינען מיר געפאָהרען! די מאשינע האָט זיך געבלאָזען און געפייפט, די וואגאָנעס האָבען געקלאפּט און פערבאלוטשעט מיר דעם קאָפּ! דער געהט אראָב, דער געהט ארויף, מען לויפט, מען שרייט.. און איך פאָהר! עטליכע מאָל האָט מען מיר געהייסען ארויסקריכען פון וואגאָן און ארויסשלעפּען אלע פּעקלעך. אָט דאָ האָב איך גע־שוויצט! שרה'קע, זאָל לעבען, איז מעוברת, און איך האָב געדארפט אליין שלעפען די קישענס, די טאָרבעס, די זעק, די בינדלעך, די קאָרזינעס, די קינדער, די פעלישקעס מיט הכל בכל. מיר האָבען גע־פיהרט מיט זיך נענוג שמאטעס, ווארום מיר האָבען געוואָלט קומען קיין אמעריקא ווי מענשען און ניט ווי שלעפּערס, חלילה.

וואָס זאָל איך לייקענען, מיר האָבען פון דער ערשטער מינוט אָן

געהאַט צרות אויפ'ן פוד, ישראל'יק וויל ארויס, און זרח וויל א טרונק, און זלמן'קע וויל שלאָפען; חיים'קע וויל אהיים, און די בת־יחידה רבקה'לע וויל עסען. א חתונה! אין דער היים האָבען מיר געגעסען אין דער צייט און געשלאָפען יעדער אויף זיין אָרט, און דאָ האָבען מיר זיך געוואַלגערט ווי די הינד, און מען האָט אונז געשטורכעט אין די זייטען וויפיעל מען האָט געוואָלט! נישקשה! האָב איך געזאָגט צו מיין פרומע שרה'קע און צו מיינע קינדערלעך. איהר מעגט קריעה רייסען און פערשווארצט ווערען... ווי באלד מיר וועלען נור קומען קיין אמעריקא, וועלען מיר לעבען ווי די בני־מלך: מיר וועלען עסען פאַמפּושקעס און טייגעכטסען מיט דעם פולען מויל און שטורכען וועט אונז קיינער ניט טאָרען; וואָרום אין אמעריקא קען מען ניט קריגען קיין שטוסאַק און קיין פאַטש אפילו פאר א פינף און צוואַנציגער.

אך! דער נאָכדעם, אז מען האָט מיר אין קעסעל גאַרדען עטליכע מאָל געגעבען אין די צייהן און אז די פעטע פאָליסמען, קיין עין הרע זאָל זיי ניט שאַדען, האָבען מיך גאָר אומזיסט מכבד געוועזען מיט עטליכע פייערדיגע קלעפּ פון זייערע בולאַווקעס און די פיינע יונגאַטשעס האָבען מיר דורכגעבויערט מיט שטיינער עטליכע לעבער אין שטערן, — נאָכדעם האָב איך שוין געוואוסט, אז אין אמעריקא איז גאָר ניט אזא יקרות אויף פעטש!... דערמאָלט אָבער, ווען איך האָב געשוויצט אין וואַגאָן, בין איך נאָך ניט געווען געבילדעט און האָב דאָס נאָך ניט געוואוסט. נור הערט! הערט! איך וועל אייך דערצעהלען כסדר.

צוויי סטאַנציעס פאר דער גרעניץ, זיינען מיר אראָבגעקראָכען פון וואַגאָן. איהר ווייסט דאָך שוין, אז איך בין געפאָהרען אָהן א גובערנאַטאָרסקען פּאַרספּאָרט און האָב גערדאַרפט גנב'ענען דעם גוּ נעץ. אויף מיין וואָרט, אז איך האָב געוואָהנט אין רוסלאנד, בין איך געוועזען געזונד ווי אַן אויוווען; איצטער בין איך אויסגעבילדעט געוואָרען און האָב א פנים פון א שווארץ יאָהר; דאָרטען אָבער, אז איך פלעג א כאַפּ טאָן די שקאַפּע ביים עק און געבען זי א דרעה, פלעגט זי נור א ווינק טאָן מיט די קאָפּיטעס און א גלאַנץ טאָן מיט די צייהן. פון דעסטוועגען, כאָטש איך בין געוועזען אזוי געזונד, האָב איך אין רוסלאנד שטענדיג געציטערט... האָב איך געזעהען א

שכור'ען גוי, האָב איך געציטערט; א פּריץ — האָב איך געציטערט; א דיעסיאטניק — האָב איך געציטערט. היינט שטעלט זיך פאָר, ווי אזוי האָב איך געציטערט, אז איך האָב געדאַרפט גנב'ענען דעם גרע־נעץ ביים פּאָנישען קייסער! נאָך אין וואגאָן האָב איך געציטערט. און ווי באַלד איך פלעג אנדרעמעלט ווערען, האָב איך געזעהן בחלום דעם רוסישען קייסער אויף א ווייסע שקאפּע; סאָלדאטען, ביקסען, טרומייטען מיט הארמאטען!.. מען שיסט, מען שרייט: „כאפּ איהם! האקט איהם! קלאָפּט איהם!" און ווי באַלד מיר זיינען ארויס פון וואגאָן, האָב איך אזוי שטארק געציטערט אז די אידלעך פון שטע־טעל האָבען מיך געוואָלט פיהרען צו א מומחה אָפּטרייבען קדחת... מיין פלונית'טע האָט זיך אויך זעהר געשראָקען און האָט געהאָט גרויסע יסורים. נישקשה! האָב איך מיר געזאָגט. שרעק זיך אביסעל, לייד צרות מיט שלעק, אז מיר וועלען קומען קיין אמעריקא, וואָס געפינט זיך אין ניו יאָרקער גובערניע, וועלען מיר אליין לעבען ווי די שררות מיט די מאגנאטען און אז דו, פרומע שרה'קע, וועסט נאָך וועלען, וועלען מיר זיך אויסשרייבען א רוסישען פּאָניע, דאָס הייסט, א גוי'אישען קריסט, און מיר וועלען איהם הייסען קנאקען געטרוקענטע קערלעך אָדער קייען געקאָכטע ארבעס און ער וועט שטעהן לעבען אונז און וועט ציטערען. פאַר געלד קען מען אין אמעריקא אַלעס קריגען. און ווער האָט דאָס ניט אין אמעריקא קיין געלד!

הערט ווי אזוי א יאגידאָווקער אידעל שטעלט אויס א פייג, במחילה, די גרויסע בעאמטע אליין און ווי אזוי ער גנב'עט ארויס ביי איהם דעם גרענעץ אונטער'ן נאָז! מיך האָט דאָס געקאָסט ניט טייער; איך האָב בעצאָהלט צו זעקס רו"כ פון יעדער שטיק. און אזוי ווי איך מיט מיין שרה'קע זיינען מיר „ניט צוויי" און קינדער האָבען מיר „ניט פינף" אין איינעם איז „ניט זיעבען", האָב איך טאַקע בעצאָהלט די אידעלעך וואָס האָבען אונז אריבערגערוקט אויף יענע זייט צוויי און פיערציג רובל כסף, מען זאָגט אז א גובערנאטאָרשע פאָס וואָלט געקאָסט א סך וועלוועלער. ווייס איך! גנה, האָב וואָס צו טאָן מיט פּאָני־חזיר! ניט דערלעבען זאָל ער, אז איך חיים יענ־קיל ראָם זאָל וויסען א זאקאָן, און פערשטעהן, וואָס איך האָב רעכט צו פאָדערען און צו טאָן. דאָ, לכל הפּכות, האָב איך געוואוסט איין זאך: איך האָב בעצאָהלט צוויי און פיערציג קערבלעך מזומנים און

האָב געציטערט. איך וועל אייך זאָגען דעם אמת: איך האָב נאָך גע־האנדעלט א מציאה, איך האָב בעצאָהלט סך הכל צוויי און פיערציג רו"כ און געציטערט האָב איך אויף גאנצע אכציג קערבלעך.

אין א פינסטערע קאַלטע נאכט האָט מען אונז אַלע אריינגעזעצט אין א בויד און מיר זיינען שטילערהייד ארויס געפאָהרען פון שטעד־טעל. מיר זיינען אַלע געווען אזוי איבערגעשראָקען, אז מיר האָבען דעם אָטהעם ניט געקענט אָפכאַפּען. און מיר זיינען אריינגעפאָהרען אין א פינסטערען וואלד, איז אויף מיר אָנגעפאַלען אזא פחד, אז איך האָב עטליכע מאָל געוואָלט א געשריי טאָן: „לאָזט מיר צוריק קיין יאַנידיוּוקי!" מיר זיינען געפאָהרען וואלד אויס און וואלד איין עטליכע שעה. קיינער פון אונז האָט ניט גערעדט. דער וואלד האָט געשלאָפען אין אַטיעפען שלאָף... זעלטען פלעגט א בלאָז טהאָן א קאַלטער ווינטעל. דאַמאָלס פלעגט דער שווארצער וואלד אָנהויבען פון כעס בורטשען און טרעשצען מיט די צווייגען. און דער הימעל איז געווען בלוי, און שטערענדלעך האָבען געבלישצעט און אזוי ווי געווינקט צו אונז... איך האָב דאָ דערקענט עטליכע שטערען. איך פלעג זיי זעהן אין יאַנידיוּוקע ווען איך פלעג געהן צו סליחות... אין יאַני־דיוּוקע איז יעצט שטיל... מען שלאָפט רוהיג, יעדערער אונטער זיין וואַרעמע קאָלדרע!... אך! איך זאָל ניט וויסען, אז אמעריקאַ איז אַן ארץ זבת חלב ודבש, וואָלט איך טאַקע בעסער געוואָלט פערבליי־בען אין יאַנידיוּוקע!

ארום דריי א זייגער פאַר טאָג האָבען מיר זיך אָבגעשטעלט, און מען האָט אונז געהייסען ארויסקריכען פון דער „חאַלאַבודע". דאָ האָט זיך איינער פון די אחינו בני ישראל צו אונז געווענדעט און האָט אזוי געזאָגט: פון דאנען וועלען מיר געהן צו פוס. די בויד מיט אייער געפּעק וועט פאָהרען מיט אנאנדער וועג. הערט זשע! איך וועל געהן פריהער און איהר נאָך מיר. אז איך וועל געהן שטיל, זאָלט איהר אויך געהן שטיל, אז איך וועל לויפען שטארק, זאָלט איהר אויך לוי־פען וואָס איהר האָט כח. אז איך וועל א וואַרף טאָן זיך אָן דער ערד און אויסציהען זיך, זאָלט איהר אויך טאָן דאָס נעמליכע. נו! הויבט אויף אייערע פיסנאָגעס און געהט!

אוי! לאָז אונז נור פערעכענט ווערען אויף יענער וועלט, דאָס וואָס מיר זיינען איבערגעקומען אין דער נאכט! איך האָב גענומען

אויף די הענד זלמן׳קען און חיים׳קען, און זרח מיט ישראל׳יקען האָ־בען זיך גענומען פאַר מיינע פּאָלעס: מיין שרה־פּרומקע האָט גענומען אויף די הענד רבקה׳לען, און מיר האָבען אָנגעהויבען צו מאַרשירען.

עס האָט שוין אָנגעהויבען צו טאָגען, אז מיר האָבען דערזעהן פון דער ווייטען א קליינע טייכעל און איבער איהר איז געהאנגען א שווארצער טומאַן ווי א וואָלקען. ווייט ערגעץ האָט געבילט א הונד און עס האָט זיך געהערט, ווי עס קלאַפּען די רעדער פון א וואָגען. — „לויפט גיכער!״ האָט פּלוצלונג א געשריי געטאָן אונזער מורה־דרך. און מיר האָבען אָנגעהויבען צו לויפען... די פיס, וועלכע זיינען געוועזען אזוי ווי איבערגעהאקטע פון שרעק, האָבען געזונקען אין זאמד. צוויי קינדער אויף די הענד, צוויי קינדער שלעפען זיך נאָך פאַר די פּאָלעס... איך בין געלאָפען ווי א שכור׳ער, די פיס האָבען זיך געפּלאָנטערט... עטליכע מאָל בין איך געפאלען אין אומפעט, אויפ־געהויבען זיך, ווייטער געלאָפען, ווייטער געפאלען... און מיין פרומע־שרה׳קע איז מעוברת און לויפט נאָך מיר נאָך, אויך מיט א קינד אויף די הענד... נעהענטער! נעהענטער!... אָט, איז שוין די טייכעל... מיר זיינען אריין אין א קאנאווע... „לייגט זיך גיכער!״ האָט ווידער א געשריי געטאָן אונזער מורה דרך, און מיר האָבען זיך אַלע א וואָרף געטאָן אַן דער ערד, אָהן כחות, אָהן געזונד, אָהן לייב און לעבען! מיר האָבען נאָך ניט אוספּייעט דעם אָטהעם אָפּצוכאַפּען, האָט שוין אונזער מורה דרך ווייטער א געשריי געטאָן: „גיכער, נאָך מיר! נאָך פינף מינוט און מיר זיינען שוין אין פּרייסען!״ — איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, די קינדער נאָך מיר און האַידאַ! איך וויים ניט, וואו האָבען זיך אין מיר גענומען די כוחות. איך בין געפלויגען יעצט ווי א פויגעל, געשפּרונגען ווי א צאַפּ... די קינדער האָבען זיך נאָך מיר נאָכגעשלעפּט... אָט איז שוין דער גרענעץ... א קליין טייכעל וואָס אפילו א הוהן קען עס אריבער אָהן טיעפע קאַלאָשען... איינס! צוויי דריי! הורראַ! מיר זיינען שוין אין פּרייסען! ערשט דאָ האָב איך זיך דערמאָנט אומצוקעהרען זיך און א קוק טאָן, וואָס טוט מיין פרומע־שרה׳קע?... אוי! א צרה איז מיר מיר געשעהען מיט א שלאָק! שרה פרומקע ליגט נאָך אין קאנאווע און רבקה׳לע שטעהט לעבען איהר און וויינט... „גיכער! לויף אהער!״ שריי איך צו איהר. „איך קען ניט!״... שרייט זי פון יענער זייט ניט מיט איהר

קול, מיינע קרעפטען האָבען מיך פערלאָזען — „גװואַלד! קלייב צונויף דיינע לעצטע כחות און לויף אריבער... עס איז דאָ דאָך איין שטיקעלע געבליבען!“ שריי איך פון פרייסלאַנד... „איך קען ניט! איך קען ניט!“ ענטפערט זי מיר מיט אַ שלאַף קול... אַט דאָ האָב איך געגעבען אויף דאָס נײַ אַזאַ ציטער, אַז איך האָב זיך בעגאָסען מט אַ קאַלטען שוויים... איך בין אליין אריבער געלאָפען צוריק און האָב אויפגעהויבען מיין פלונית'טע און קאָם אַ לעבעדיגע האָב איך זי אריבער געבראַכט צום דייטש אין זיין פיין לאַנד... אַז מיין ווייבעל האָט אָנגעהויבען צו וויינען און צו קרעכצען, האָב איך באַלד געזאָגט: „נישקשה!“ אין אַמעריקאַ וועלען מיר שוין ניט האָבען ניט קיין שרעק און ניט קיין שלעק, דאָרט איז ניטאָ ניט קיין גרענעצען און ניט קיין קאַנאַוועס“.

ווי איך האָב נור אַנידער געשטעלט דעם פוס אויף פרייסלאַנד, האָב איך דערזעהען בעשיינפערליך, וואָס פאַר אַ נאַרר איך בין. ערש־טענס האָב איך דערזעהן, אַז אונזער וואַגאָן מיט די פעק פאָהרט פער־ביי דער טאַמאָזשנע און די רוסישע נאַטשאַלסטוואָ לאַכען. קיינער פון זיי האָט גאָר ניט געוואָלט איינהאַלטען אונז... צווייטענס, די פאָנישע נאַטשאַלסטוואָ האָבען זיך פון יענער זייט געגריסט צו מיר און האָבען מיר געזאָגט מיט אַ געלעכטער: „רבי איד! האָט אַ גליק־ליבען שליטוועגס!“ די אידעלעך האָבען אונז אומיסטען געשראָקען, כדי מיר זאָלען מיינען, אַז זעקס רו"כ איז אַ מציאה... נו דאָס איז ווייניג! אַז מיר האָבען זיך אַ כאַפּ געטאָן צו אונזערע בעבעכעס, האָבען מיר דערזעהן, אַז די אידעלעך, די גנבים האָבען „ארויסגעלאַטכענט“ אַלעס דאָס בעסטע!.. מיין פלונית'טע האָט שטאַרק אָנגעהויבען צו וויינען, אַז זי האָט דערזעהן, אַז מען האָט ארויסגעשלעפּט איהר זייי־דענע פלאַטיע, איהר חופה־קלייד.

— נישקשה! — האָב איך געזאָגט — לאָזען זיי זיך ווערגען! אין אַמעריקאַ וועל איך דיר מאַכען זיעבען פלאַטיעס זיידענע, זיע־בען פלאַטיעס בארכעטנע, זיעבען פלאַטיעס פון אנטיק מירע און וועל דיר נאָך קויפען אַ באָנזשעלעט מיט אַ מעדאַליאָן! וויין זשע ניט, נאַרעלע, וויין־זשע ניט!...

אָבער אַך! מיר האָבען נאָך גענוג געליטען צרות, און מיין שרה'־קעלע האָט נאָך גענוג געוויינט...

## דריטער קאַפּיטעל.

מזל טוב! מיר זיינען שוין ביי דעם ליעבען רב דייטש אין זיין פאַטערלאנד. ווי אזוי זאָגט מען: דאנקען און לויבען יאָסקען דעם טויבען, פּטור געוואָרען פון חזיר־לאַנד, פון פּרנסה, פון פּאָגראָמעס, פון קרעפּלעך, פון פּאָנישע זאקאָנעס, פון געזונד און לייב און לעבען! חיים יענקיל! לייג אַנידער די ציין אויף דער פּאָליצע, עס הויבט זיך אָן אַ נייע און פרייער לעבען! באלד, באלד וועסט דו אָנקומען אין אַ פרייעם לאַנד, וואו יעדער פּאַרך אפילו האָט דאָס רעכט... געשוואָלען צו ווערען פּאר הונגער און לייזען פּעטש פון די בראווע פּאָליציי מיט די גראָבע פּופּיקעס. אַ שמחה אויף דיין קאָפּ! אך יאגי־דיווקי, יאגידיוווקי! „תשכה ימיני לחכי”, לאָז זיך צוקלעפּען מיין רעכ־טע האנד צום גומען, אויב איך וועל דיר... דערמאָנען. היינט אַז איך בין שוין געבילדעט און וויים שוין גאַנץ גוט, וואָס איז דער חילוק פון אַ פּעדלער ביז אַ סאַלון־קיפּער, — היינט פערשטעה איך, וואָס פאר אַ פּינסטערע מדינה יאגידיוווקי איז. ניטאָ דאָרט ניט קיין בילאַרדען, ניט קיין טאַנץ קלאַסען, ניט קיין טאבאצנע קלייטלעך מיט לעבעדיגע סחורה, ניט קיין סאַלונען מיט ארפּיאנקעס, ניט קיין גאזעטען מיט אקראָבאטען, ניט קיין טהעאַטרען מיט פּאָיאַצען. אַ וויסטע מדינה!... נור פערצייהט מיר, איך בין אביסעל פערלאָפען צו ווייט. מיר מוזען זיך אומקעהרען צוריק:

ווי באלד מיר זיינען נור אריבער דעם גרענעץ אלע, איז ארוים אזוי ווי פון אונטער דער ערד אַ קאָמיסאַר מיט צוויי זעלנער. אַז מיין פרומע שרה׳קע האָט דערזעהן דעם קאָמיסאַר מיט די קנעפּלעך האָט זי זיך זעהר דערשראָקען און האָט אָנגעהויבען צו שרייען:

— חיים יענקיל! אָט געהט עפּעס אַ גרויסער פּריץ. לאָמיר זיך בעהאלטען...

— נארר איינער, האָב איך געענטפערט, וואָס האָסט דו מורא? דאָס איז ניט חזיר־לאַנד. דאָ וועט אונז דער גרעסטער פּריץ אָפּגעבען כבוד. נאָך מיין טאַטע עליו־השלום פלעגט מיר דערצעהלען, אַז אין זייער לאַנד שלאָגט מען ניט אפילו אַ גנב. מען פיהרט איהם נור ארוים

אין מיטען גאס און מען זאָגט איהם: מיין הערר, פוי, פוי מיין הערר! ביז דריי מאָל...

כך הוה, אזוי איז דאָס טאקע געוועזען, דער קאָמיסאר איז צוגעגאנגען צו מיר, און ווי איך בין געזעסען אויף די קישענס מיט די קלומקעס האָט ער מיר אזא שטויס געטאָן מיט זיין גראָבע דייטשע פיסנאָגע, און איך האָב זיך איבערגעקוליעט פיער מאָל.

— פערפלוכטער איד, האָט ער מיר געזאָגט, וואו איז דיין פאַס?

— מיין פּאַס? מיין פּאַס איז געבליבען אין רוסלאַנד.

— אין רוסלאַנד? האידא צוריק באַלד אַלע! צוריק!

— געוואלד! האָב איך אָנגעהויבען צו שרייען און צו יאָמערען, ווי אזוי קען איך געהן צוריק, אז איך האָב זיך צוקריגט מיט דעם רוס און האָב פערקויפט מיין שקאַפּע און אין גאַנצען מיין בעל־הבתישקייט.

— וואָהין פאָרסט דו? האָט ער מיך ווייטער געפרעגט.

— אין דער ניו־יאָרקער אמעריקא.

— האָסט דו געלד? האָט ער מיך געפרעגט.

אויפ׳ן האַלז איז ביי מיר געהאנגען אַן אַלטע זאַק מיט דריי הונדערט קערבלעך, נור איך האָב עס ניט געוואָלט אויסזאָגען דעם אמת. א קשיא אויף א מעשה, א גוי חזיר קען צונעהמען דאָס געלד און מאַכען א ויברח, אָדער אז ניט וועט ער באַלד קלאַפּען א דעפּעשע צום באַראָן ר׳ הערש, אז מיר זאָל מען ניט געבען קיין הילף. ניין! האָב איך געזאָגט, קיין געלד האָב איך ניט. איך בין אָרעם ווי דער דלות אַליין. שטיינס־געזאָגט, פון וואנען זאָל א איד נעהמען געלד?

—האָסט דו שיפּס־קאַרטען? האָט ער א געשריי געטאָן מיט א כעס.

— וואָס איז דאָס? האָב איך געפרעגט מיין פרומע שרה׳קע. דו ווייסט ניט?

— זאָל איך אזוי וויסען פון זיין געזונד! זאָג איהם, אז עס איז דאָ, וועט ער זיך אָפּטשעפּען פון דיר.

— האָסט דו שיפּס־קאַרטען? האָט ער מיר נאָך אמאָל געפרעגט מיט א כעס און האָט מיר אריינגערוקט זיין גראָבען קולאַק גלייך אונטער׳ן הארצען.

— אוי! אוי! הערר דייטש! עס איז דאָ, עס איז דאָ.

— בעווייז מיר! —

— פרומע שרה׳קע, וואָס זאָל איך איהם בעווייזען?

אָט דאָ איז מיר באַלד אריינגעפאלען אין קאָפּ א פיינער גע־דאנק. איך האָב ארויסגעכאפּט פון קעשענע פרומע שרה׳קעס כתובה און האָב עס דערלאנגט מיט די ווערטער: „אָט דאָס איז דאָס, וואָס דו פאָדערסט... עס איז געשריבען אין ריין רוסיש...

דער דייטש האָט א קוק געטאָן אויף די כתובה און האָט זיך אזוי צולאכט, אז איך האָב געמיינט, אז ער וועט פּלאצען פון „גילענ־דער".

— דו ביזט א לאָמפּ (לומפּ)! האָט ער מיר געזאָגט.

עס איז נאָך גוט, וואָס ער האָט ניט געהייסען אָנגיסען מיך פול מיט קעראָסין. א שעהנע לאָמפּ וואָלט דאָס געוועזען, ווי איהר זעהט מיך א אידען.

קורץ, וואָס זאָל איך אייך פיעל דערצעהלען, די דייטשען מיט לאנגע בייטשען האָבען אונז עטליכע מאָל אריבער געטריבען איבער׳ן גרענעץ צוריק קיין חזיר־לאנד, און פון חזיר־לאנד האָבען אונז די פּאָ־נישע יונים געהעצקעט צוריק קיין דייטשלאנד. מיר זיינען געלאָפען ווי די צודולטע אהין און אהער און מיר האָבען געמיינט, אז פון אונז וועט ווערען א תל עולם. מיט אזא צאצקעלע ווי א איד איז באמת, מיט אזא בן־יקיר, מיט אזא אלטען מיוחס ווארפען זיך אום די גוים, די גראָבע יונגען, אקוראט ווי מיט אן אלטע שמאטע; גוואלד, רבונו של עולם, וואָס איז דאָס עפּעס הפקר פּעטרישקע?

און גאָט האָט זיך טאקע ערבארעמט אויף אונז און דער דיי־טשישער קאָמיסאר האָט אונז געהייסען ארעסטירען.

— נישקשה, האָב איך געזאָגט מיין פלונית׳טע, פאָל ביי זיך ניט אראָב פרומע שרה׳קע: ווי באַלד מיר וועלען נור קומען קיין אמעריקא וועלען מיר מיט דעם דייטש אויך אָפּשלאָגען כפּרות אקוראט ווי מיט דעם פּאָניע חזיר. אין אמעריקא פערקויפט מען דריי פּרייסען פאר איין גראָשען...

אך! וואָס פאר א טעות איך האָב געהאט... עס קומט גאָר אויס, אז אין אמעריקא איז דער דייטש א גאנצער טוער און די גאנצע

צייט זעה איך, אז ער וויל גאָר מיט מיר, מיט'ן אידעלע, שלאָגען כפרות.

דריי וואָכען האָבען מיר זיך געוואַלגערט אין דעם שטעטעל לע־בען גרענעץ. ניט איך אליין בין דאָ געוועזען מיט מיין משפחה, דאָ זיינען געוועזען פון אונזערע אחינו בני ישראל ביז דריי הונדערט פארשוין. אלע זיינען מיר געלעגען אין איין גרויסען סאראי אויף נאסע שטרוי... פאַר דער גאַסטיניצע האָבען מיר קיין געלט ניט געצאָלט. דאָס האָט אונז בעזאָרגט דער אידישער קאָמיטעט...

ביז דריי הונדערט מענשען אין א פינסטערען און ענגען שטאַל. קינדער זיינען דאָ געווען, ניט אין א שלעכטע שעה צו רעדען, גאַנצע בערג. געשמעקט האָט דאָ אזוי אז עס איז געווען א פקוח נפש... ביי נאכט האָט געבלאָזען און עס איז געווען קאַלט, ביי טאָג איז גע־ווען ענג און הייס... קינדער, ווייבלעך, מיידלעך, אלטע אידען, בחורים האָבען זיך געוואַלגערט אין איינעם, די האָאָר צופאַטעלט, אין קאָפּ שטרוי מיט פעדערען, אין בויך האָט געפייפט א ווינד. אָ, שווער קומט אָן דעם מענשען זיין גליק... פערשטעהט זיך, ווי באלד מיר וועלען קומען קיין אמעריקא וועלען מיר תיכף ומיד כאַפּען דעם גליק ביים עק; אָבער ווי אזוי נעהמט מען אריבער די קאַץ איבער'ן וואַסער? מיין פרומע שרה'קע איז געוואָרען בלייך ווי א מת, די קינדערלעך האָבען אָנגעהויבען צו הוסטען... אלע האָבען מיר גע־געסען מכות און געטרונקען קריינק מיט צרות... קיינעם איז דער יצר הרע ניט אזא פיינד ווי דעם אידען... וואו ער קען נור, מאַכט ער איהם אָן יסורים און איבעריגע דאגות... וויפיעל מאָל, מיינט איהר פלעגט קומען צו מיר דער יצר הרע און פלעגט מיך שטעכען מיט זיינע ווערטער ווי מיט מעסערס? דו פארך! פלעגט ער מיר זאָגען, אין יאגידיוואקי האָסט דו זיך געלעבט ווי א בעל־בית. אלע אין דער פריה האָסט דו זיך געטרונקען טהעע נאָך מיט מילך פון די אייגענע בהמה. זונטאָג פלעגסט דו עסען א גוטען באָרשט... דיענסטאָג קרעפּ־לעך, פרייטאָג א ראָסעל פלייש מיט א פרישע ווייסע בולקע... און יעצט ליגסט דו אין צרות, אין קריינק, וואלגערסט זיך ווי א חזיר, הונגערסט ווי א הונד... נאָך וואָס דאַרפסט דו דאָס? וואָס וועט דיר דערפון ארויסקומען?...

צו אלע צרות האָבען אלע מיינע קינדער אָנגעהויבען צו מאָזלען...

אוי! אוי! וואָס מיר זיינען אויסגעשטאַנען אין יענער צייט... די קינדער ברענען ווי אין אַ פייער... זיי שלאָפען ניט נעכט... עס ווילט זיך אַ יאַבילע, אַ גלעזעלע וואַרעמס, און מיר ליגען אין אַ פינסטערע גרוב, פון אַלע זייטען בלאָזט, קיין דאָקטאָר איז ניטאָ, וואָס צו טאָן ווייסען מיר ניט!... די קינדער קרעכצען, שרה'קע וויינט, איך געה אום אָהן אַ קאָפּ... עטליכע מאָל זיינען געקומען צו אונז פון דער גרויסע דייטשע שטאָט ברעסלאָו די קאָמיטישע אידען. און אַז מיר האָבען זיי געזאָגט אַז מיר ווילען עסען, האָבען זיי געענטפערט: „גוט! גוט!" און אַז מיר האָבען געזאָגט, אַז אונז איז נויטיג אַ דאָקטאָר, האָבען זיי גאַנץ העפליך געשאָקעלט מיט זייערע צילינדערס און האָבען געזאָגט: „שעהן! שעהן!" אָך, עס איז געוועזען אַזוי שעהן און אַזוי גוט, אַז אַזאַ יאָהר האָט שוין געמעגט האָבען ר' סענדער דער דריטער צוזאַמען מיט אַלע קאָמיטעטציקעס...

איין מאָל האָט אונז אַליין דער ברעסלאויער ראַבינער געמאַכט די עהרע און האָט אונז בעזוכט. ער האָט באַלד דערזעהען, אַז מיר געהען אוים מיר ווילען עסען, האָט ער באַלד... געהייסען... אַז מיר זאָלען אויפשטעהן און ער האָט צו אונז געהאַלטען אַ רעדע.

„די אידען, האָט ער געזאָגט, זיינען אַן עם סגולה... גיט אַ קוק אויף זיך: איהר זייט פערשוואַרצט, פער'חושך'ט, הונגעריג, קראַנק, אָבגעריסען, אָבגעשליסען, מען שלאָגט אייך, מען הרג'עט אייך, מען רייסט אייך אויף שטיקלעך, מען יאָגט אייך, מען האָט אייך פיינט — און פון דעסטוועגען איז אברהם אבינו פאָרט אונזער זיידע און יעקב אבינו אונזער פאָטער! לאָזען זיך שיטען אויף אייערע קעפּ צרות מיט שלעק — זאָרגט זיך ניט; דער גרויסער מאָזעס איז געוועזען און וועט בלייבען אונזערער! לאָז מען אייך האסען, ניעדריג מאַכען, בעדעקען מיט חרפה ובזיון—האָט ניט קיין יסורים! קיינער האָט ניט די עהרע, אַ חוץ אייך, צו זאָגען אַז ער איז אַ איד, און איז געוועזען אַ איד, און וועט זיין אַ איד. וליהודים היתה אורה ושמחה, וששון ויקר! שרייט זשע: האָך! לאָז לעבען דער פּרייסישער קעניג! האָך! לאָז זיין געזונד דער דייטשער אימפּעראַטאָר! אמן סלה..."

אָך! מיינע קינדער ליגען און מאָזלען און ער שרייט דער דריי־

טשישער קעניג זאָל זיין געזונד... וואָלט דען ניט געווען בעסער, אז מיינע קינדערלעך זאָלען זיין געזונד און ער זאָל מאַזלען?

לאנגזאם איז געגאנגען די צייט. פון טאָג אויף טאָג האָבען מיר געוואַרט, אז אָט אָט וועט קומען א קאָמיטע איד און וועט אונז שוין פיהרען קיין בערלין און האמבורג... מיר זיינען אלע ארומגעגאַנגען אזוי ווי לעבעדיגע מתים. אָפט שפּעט ביי נאכט, אז אלע פלעגען שוין שלאָפען, פלעג איך ארויסגעהן און אנידערזעצען זיך אויף א שטיין. דאָס שטעטעל שלאָפט שוין... ווייט אויפ'ן בארג זעהט זיך פייער... דאָס איז דאָרטען, פון יענער זייט, אין רוסלאַנד... עס קען זיין אז באלד פון דעם בערגעל ציהט זיך א וועג גלייך קיין יאַגידיוואָקי.... עס איז ווייט!... פוןביידע זייטען ציהען זיך רוסישע דערפער, פעלדער... קליינע וועלדעלעך... און אָט איז יאַגידיוואָקי, אָט איז אונזער שטיבעלע... דאָ איז איצטער פוסט... די ווענט ארומגעריסען... די אויוועז ניט געהייצט, ניטאָ קיין לעבעדיגע נשמה... אַך! ווי לאַנג דאַכט זיך, זיינען דאָ אומגעלאָפען אונזערע קינדער און האָבען זיך געשפּיעלט און איך מיט שרה'קען זיינען געזעסען, געקוקט אויף אונזערע ליעבע קינדער און געשמייכעלט... וואָס איז דאָס מיט דעם מענשען, וואָס ער איז ניט צופריעדען מיט דעם וואָס ער האָט און ביינקט נאָך דעם וואָס ער האָט אליין אוועקגעוואָרפען?... עס איז שוין שפּעט... די העהנער קרייען... די לבנה האָט זיך אויפגעהויבען הויך... און מיר איז אזוי אומעטיג... אזוי שווער.. וואָס איז דאָס? דאַכט זיך די אייגענע לבנה דאָ, וואָס דאָרטען, די אייגענע שטערען, די אייגענע וועלט.. פאַר וואָס־זשע רופט זיך דאָס שוין אויסלאַנד? נאָך וואָס דאַרף מען האָבען די גרענעצען מיט די קאָמיסארען, מיט די פּאַספּאָרטען, מיט אלע צרות?... אָ! ווי גליקליך וואָלט איך געווען, אז יאַגידיוואָקי וואָלט געקענט זיין אין פּרייסען און אמעריקא וואָלט געקענט זיין אין רוסלאַנד!...

דאָס האָט אזוי געדויערט און געדויערט, ביז, דאַנקען גאָט — דערלעבט זיך די גאולה!... אויף דעם 22טען טאָג איז געקומען א קאָמיטישער איד מיט א גראָבען קארק אין א הויכען צילינדער און האָט אונז געהייסען קלייבען זיך אין וועג...

עס איז שוין בעשערט אז מיין ספּור המעשה זאָל זיך צוצי־

הען ווי א רעזינע... נור פון דעסטוועגען וויל איך אייך ניט דער־צעהלען ווי אזוי מען האט אונז געפיהרט אין בעזונדערע וואגאנעם פון פיערטען קלאס, אקוראט אזוי ווי סקאט, ווי אזוי מען האט אונז דורכגעפיהרט בגנבה דורך בערלין, כדי די דייטשעשע דייטשען זא־לען חלילה ניט ברוגז ווערען אויף די דייטשישע אידען... ווי אזוי מען האט אונז אין שארלאטענבערג אלעמען געפיהרט אין באד אריין... ווי אזוי מען האט אונז דערנאכדעם ווידער אריינגערוקט אין שמוציגע וואגאנעם פון פיערטען קלאס און געטראנספארטירט קיין האמבורג, ווי אזוי די דייטשעשע שאפנער האבען אונז שלעכט און גראב בע־האנדעלט.

ווי אזוי עס איז אונז געוועזען שלעכט, וואס די דייטשעשע צונגען שטעהן ניט אויף די סטאנציעס און אין די וואגאנעס איז ניטא דאס, וואס מען דארף נעטהיג... איך וועל אייך ניט דערצעהלען ווי אזוי אין שארלאטענבורג האבען אונזערע רוסישע אידעלעך ארויפגע־ווארפען זיך אויף די קאמיטישע דאמען, וואס האבען געבראכט פאר די עמיגראנטען קליידער און ווי אזוי מען האט זיי ארומגערינגעלט און ארויסגעריסען פון די הענד אלעס וואס זיי האבען געהאט... אך! דאס איז געוועזען א כאפעריי! דערנאכדעם אז מען האט זיך ארומ־געקוקט, האט מען דערזעהן, אז ביי די ווייבער אין די הענד זיינען מאנסבילשע הויזען און ביי די מאנסבילען ווייבערשע קאפאטעס מיט קליידלעך... איך וועל אייך ניט דערצעהלען וואס עס האט זיך גע־טראפען אין וואגאן מיט איין אידעל וואס האט זיך איבערגעפרעסען ווי א חזיר מיט קאמיטישע קיכלעך... איך וועל אייך ניט דערצעה־לען אז אין וועג האב איך זיך שוין אנגעהויבען צו לערנען פערקניי־טשען דעם דאווגען... — איך וועל אייך נור זאגען, אז ערב שבת פאר נאכט זיינען מיר דאנקען גאט אנגעקומען קיין האמבורג! אקו־ראט אין האמבורג האט זיך ביי מיר אנגעהויבען גאר א נייער, א שפא־געל נייער קאפיטעל...

## פיערטער קאפיטעל.

זיינען מיר שוין אין האמבורג! איך האב געהאפט, אז אין האמ־בורג וועלען מיר זיך אויסרוהען, קומען צו זיך אביסעל, אויסשלאפען

זיך, פטור ווערען פון קאַמיטישע אידען פון אַלע צרות, און לסוף האָ־
בען מיר דאָ אויך געקראָגען צרות אויפ׳ן פּוד.

אין איין פינסטערען און נאַסען קעלער האָט מען אריינ־
גערוקט אַ גאַנצע קהילה מיט רוסישע אידען. עסען האָט מען אונז
געגעבען מכות מיט געשווירען; דערפאר אָבער געקראַצט האָבען מיר
זיך, וויפיעל יעדערער האָט געוואָלט!... דאָ, אין פינסטערען קע־
לער, מעגט איהר זיך קראַצען, האָט מען אונז געזאָגט. די דייטשע
אידען קען דערפון קיין רעה ניט ארויסקומען... איהר פערשטעהט
גאַנץ גוט, אַז עס זאָל ניט בייסען וואָלטען מיר זיך ניט געקראַצט...
קראַץ זיך, פרומע שרה׳קע, האָב איך געזאָגט צו מיין פלונית׳טע,
קראַץ זיך! באַלד וועלען מיר קומען אין אַזא לאַנד, וואו קיינעם בייסט
ניט און קיינער קראַצט זיך ניט... אין אַמעריקא זיינען ניטאָ די קליי־
נע חיות וואָס בייסען. דאָרטען זיינען נור דאָ פרעזידענטען מיט אַגענ־
טען.

יאָ, אַגענטען . . . איך האָב זיך דערמאָנט. ביי אונז אין יאַני־
דיוואָקי, ביי יעדען גוי אין הויף זיינען דאָ צוויי — דריי הינד. פון
דעסטוועגען דאַרף איך אייך זאָגען דעם אמת, אַז אין האַמבורג זיינען
דאָ אַגענטען פיעל מעהר, ווי אין יאַנידיוואָקי הינד... וואָהין איהר
זועט אַ וואָרף טאָן מיט אַ שטעקען, וועט איהר טרעפען אַן אַגענט.
זיי דרייען זיך אַרום דעם אָרימען עמיגראַנט, שמייכלען צו איהם,
קיצלען איהם, מאַכען איהם חן׳דעלעך, ביז וואַנען זיי שלעפּען טאַקע
ארויס ביי איהם פון קעשענע די עטליכע קאָפּיקעס. און ווי באַלד זיי
פערדרייען דעם עמיגראַנט די קאָפּ, זאָגען זיי זה חליפתי, זה כפרתי!
און שטעלען איהם אויס אַ צונג.

אייניגע אַגענטען בעריהמען זיך דערמיט, וואָס זיי זיינען שוין
דרייסיג יאָהר... מאַשינקעס. אַנדערע זאָגען, אַז זיי זיינען מיוחסים,
ווארום זיי זיינען אידישע גנבים... די דריטע זאָגען, אַז זיי האָבען
דאָס רעכט צו קריכען צו אייך אין קעשענע דערפאַר, ווייל ניט נור
אין האַמבורג אליין, אין ניו יאָרק האָבען זיי אויך קאַנטאָרען, צו בע־
נעהמען דעם רוסישען אידעלע פון קאָפּ ביז די פיס. איך האָב שוין
געזעהן אויף מיין וועלט אַ סך פרומע אידען, אַ סך בעלי טובות
און קהל׳ס לייט, פון דעסטוועגען אַזעלכע ליגנער און אַזעלכע גנבים

ווי די אַגענטען, וואָס פערקויפען שיפסקאַרטען און בייטען דאָס רוסי־שע קערבעלע, האָב איך נאָך ניט געזעהן. אַקוראַט ווי דער אַפּטעקער פערקויפט פון איין באַנקע: חזיר שמאַרץ, ציגען שמאַלץ, האָזען שמאַלץ, בערען שמאַלץ, פויגעל שמאַלץ, און אַזוי ווייטער, אַט אַזוי פערקויפט דער אַגענט פון איין טאַשע פערשיעדענע בילעטען: איהר ווילט מיט אַ שנעל־דאַמפּפער נאַט אייך אַ שנעל־דאַמפּפער! איהר ווילט פאָהרען גלייך — נאַט אייך גלייך! איהר ווילט אַראָפּפאָהרען קיין ענגלאַנד — נאַט אייך מיט ענגלאַנד! איהר ווילט אַזאַ שיף וואו מען גיט גוטע שפּייז! ... נאַט אייך גוטע שפּייז! ... נו! נו! נאָכדעם וועט איהר זיך אַם ירצה השם אַלע בעגעגענען אויף איין אַלטע שיף, וועלכע וועט אייך פיהרען פון האַמבורג קיין ניו יאָרק דרייסיג טאָג. פיהרען וועט מען אייך אי קיין ליעדז, אי קיין גלאַז־גאָוו, ליווערפּול, ראָטערדאַם, אַנטווערפּען, אויף בערדיטשעוו, גלייך קיין אַמעריקאַ. און שפּייזען וועט מען אייך אַזוי גוט, אַז ביז אַמע־ריקאַ וועט איהר ווערען גרין ווי אַ אידישע שוואַרץ־חן'עווונדיגע יפת תאר ... אוי! אַ כאָליערע זאָל אויף זיי קומען!

לאָמיר זיך אומקעהרען צו מיין ספּור המעשה: אין האַמבורג הויבט זיך אָן ביי מיר אַ נייע סדרה מיט צרות. מיר איז געוועזען בע־שערט צו ליגען אין האַמבורג אין איין פינסטערען קעלער מיט אַ פּיי־נעם אידען וואָס איז שוין געוועזען אין אַמעריקאַ פינף יאָהר אַ פּעד־לער. ער קען אַמעריקאַ אַקוראַט ווי זיינע פינף פינגער און אַלע זייערע זאַקאָנעס ווייס ער אויסווייניג, בעסער ווי אַ דייטשער רב וויים אשר יצר ... אָט דער פיינער איד האָט מיר אָנגעזאָגט אַ שעהנע בשורה. קיין אַמעריקאַ, זאָגט ער, לאָזט מען גאָר ניט אריין קיין מעוברת'ע ווייבער... וואָס טוט מען דאָ אויף דער וועלט? מיין פרומע שרה'קע איז ניט פאַר אייך געדאַכט, שוין אין זיעבעטען חודש... בעהאַלטען זיך, אָפּלייקענען די זאַך, איז אונמעגליך.

— געוואַלד! האָב איך אָנגעהויבען צו שרייען, ווי אַזוי קען דאָס זיין, אַז מע לאָזט ניט? וואָס טוט מען אַז זי איז פאַרט מעוברת? דאָס געוועגט זיך דאָך ניט אין דעם מענשען... דאָס איז דאָך אַ גאָט זאַך! ...

שרייט חי וקים! אַ זאַקאָן בלייבט אַ זאַקאָן! יעדע מדינה האָט זיך איהרע זאַקאָנעס. כדומה למשל אין ראָסיע טאָר אַ איד ניט טראָגען

קיין פאות, אין עסטרייך מוז דער קייסער הייסען אָדער פראנץ אָדער יאָזעף, אין דייטשלאנד מוז יעדער שפייען איבער'ן ליפ... א זאקאָן!

וואָס טוט מען מיט א זאקאָן? צוויי טעג האָבען מיר מיט פרומע שרה'קען געוויינט, געקלאָגט, געקרעכצעט, און אויפ'ן דריטען טאָג, איז ביי אונז געבליבען, אז פרומע שרה'קע מיט די קינדער זאָלען פאָהרען צוריק קיין יאגידיווקי און איך זאָל דערוויייל אליין פאָהרען קיין אמעריקע. אביסעל געלד האָב איך איהר געגעבען און ביז ק"ן קערבלעך מזומנים האָב איך מיטגענומען, אז ווי באלד איך וועל קו־מען קיין אמעריקא, זאָל איך מאכען א געשעפט. ק"ן קערבלעך איז דאָך ניט קיין קליינינקייט! קען איך אייך דערצעהלען מיט וואָס פאר א צובראָכענע הארץ איז אוועקגעפאָהרען מיין פרומע שרה'קע אליין צוריק, מיט וואָסערע ביטערע טרערען זי האָט געוויינט, מיט וואָסערע ביטערע קולות זי האָט געקלאָגט און געיאָמערט? ! צו ווענען פאָהר איך יעצט קיין יאגידיווקי? האָט זי געשריען, ווענען האָב איך דאָרט און וואָס איז דאָרט ביי מיר געבליבען? א תל, איז געוואָרען פון אונז, פון אונזער בעל הבתי'שקייט, פון אלעמען! אוי! חיים יענקעל! חיים יענקעל, זעה, וואָס איז פון אונז געוואָרען!...

וואָס זאָל איך לייקענען? אז פרומע שרה'קע מיט מיינע קינדער־לעך האָבען זיך ארייננעזעצט אין וואגאָן און דער צוג איז אוועק... אז איך האָב זיך דערמאָנט, אז איך בין געבליבען איצט אליין צווישען פרעמדע מענשען אין א פרעמדע לאנד... אז איך האָב זיך דערמאָנט אז איך וועל נאָך דארפען פאָהרען איבער'ן ים הגדול ווייט, ווייט... און קיין יאגידיווקי וועל איך זיך שוין ניט קענען אומקעהרען — האָב איך אזוי שטארק געוויינט און געשריען, אז די האמבורגער מענ־שען האָבען מיך פעררעכענט פאר א משוגענעם. נישקשה! פרומע שרה'קע, שטארק זיך! מיר וועלען נאָך אי"ה אין נחת דערצעהלען פון די אלע צרות. האר אויס; נאָ'ם איך נאָר קומען קיין אמעריקא און דאָרטען — אָ! האָ! — האָ! דו וועסט שוין זעהן!

ויהי היום, עס איז געוועזען דער טאָג, ווען צו דער גרוב וואו די עמיגראנטען האָבען זיך געוואלגערט איז צוגעפאָהרען א גרויסער וואָגען, וועלכען מען האָט אָנגעשטאָפט מיט קישענס,, מיט קינדער, מיט קלומקעס, מיט וויבער, מיט קאסטענס, מיט אידען פון אויבען

ביז אראָפּ, און מען האָט אונז אוועקגעפיהרט צום פּאַראַכאָד. און טאקע כך הוה. פריהער האָט מען אונז אוועקגעפיהרט צו איין פּריסטאַן. דאָ האָט דער דאָקטאָר אויף יעדערען פון אונז געגעבען א קוק און דער פּאָליסמען האָט יעדערען געגעבען צוויי שטיסאקעס און מען האָט אונז געפיהרט ווייטער. מען האָט אונז צוגעפיהרט צו א קליין שיפעל און מען האָט אונז אראָבגעוואָרפען מיט הכל־בכל. דאָ האָבען מיר זיך געוואלגערט ביז מאָרגען גאַנץ פריה.

אין דער פריה האָט מען אונז ארויפגעטריבען אויף דעם שיפעל, אקוראט ווי שאָף און מען האָט אונז אוועקגעפיהרט קיין הול, אין ענגלאַנד. געוואָרפען האָט דאָס אונז און געשליידערט אויף דעם קליי־נעם פּאַראַכאָדעל אזוי, אז איך האָב מורא געהאַט, עס זאָל מיר ניט ארויסוואַרפען אין דרויסען מיין לונג און לעבער... פון הול האָט מען אונז געפיהרט מיט דעם טאָווארענעם פּאָיעזד קיין עדינבורג. דאָ זיי־נען מיר געשטאַנען א גאַנצען טאָג און פון דאַנען האָט מען אונז געטראַנספּאָרטירט קיין גלאַזגאָוו. אין גלאַזגאָוו האָבען מיר זיך געוואל־גערט א גאַנצע וואָך. ויסעו מגלאַזגאָוו קיין אירלאַנדיע. און דאָרטען האָבען מיר זיך ווידער אומגעדרעהט אהין און אהער א פּאָר מעת־לעת און לסוף זיינען מיר טאָקע שוין אריינגעפאָהרען אין דעם גרויסען ים הגדול אריין.

אכטצעהן טאָג זיינען מיר געוועזן אויף דעם אָקעאַן. א מענש פערגעסט זיך זיינע צרות... נור איך, חיים יענקיל פּלאָם, געדיינק נאָך אפילו איצט, ווי מען האָט אונז געפּייניגט אויפ'ן פּאַראַחאָד, וואָס מיר האָבען איבערגעליטען. עס איז געוועזען אזעלכע מינוטען, אז איך האָב געבעטען גאָט, ער זאָל מיר שיקען דעם טויט... וואו דער איד זאָל ניט זיין: אויף דער יבשה אָדער אויף דעם וואסער, אומעטום בלייבט ער איד און מען האָט איהם אומעטום פיינט... אונזערע אי־דעלעך האָט מען אריינגערוקט אין דער ערגסטער קאַיוטע. עסען האָט מען אונז געגעבען קדחת מיט בויך־וועהטאָג, הערינג מיט קאַרטאָפ־ליעס... דייטשען האָבען פון אונז געלאכט, אירלענדער האָבען גע־מאכט חוזק, פּאָליאקען האָבען אונז איבערגעקרימט... די מאַטראָזען האָבען אונז געשטורכעט, די קוכערס האָבען אונז געוויזען פייגען.

אין חזיר־לאַנד בין איך געוועזן זשיד מאָשקא, און דאָ בין איך געוואָ־רען „אייזיק־שמייזיק", „איציק־שמיציק". דאָרטען האָט דער גוי גע־

כאַפּט די פּאָלע פון זיין סוויטע און געשאָקעלט, דאָ ליגט דער גוי צו זיינע לאַנגע פינגער צום נאָז און שאָקעלט אויך. און וואָס איז דער חלוק? דאַרטען בין איך געוועזן אין גלות און דאָ בין איך אויך אַ איד... שטעלט אייך פאָר, אַז מען ווערט אַזוי פערוואָגעלט... יאַגידיוּוקי איז ווייט... די ווייב מיט די קינדער זיינען ווייט... דו זעהסט נור וואַסער און הימעל, די כוואַליעס רוישען און שרייען, דער ווינד יאָמערט און רייסט... דער קאָפּ איז דול, פערדרייט, די פיס ציטערען... איהר זייט שלאַף, קראַנק, פערהונגערט, פערשמאַכט! וואָס הארט מיך דאַמאָלס אַז גוי־חאַם מאַכט מיר אַ נאָז און שטעלט מיר אויס די צונג? אין יענער צייט האָב איך נור געטאָן דאָ, וואָס אַ איד קען טאָן און דאַרף טאָן: — איך האָב געזיפצעט און געקרעכ־צעט!

אויב איהר וועט ניט אויסזאָגען די היגע אָרטאָדאָקסישע אידען, וועל איך אייך דערצעהלען דעם אמת, אַז פיעל מאָל האָב איך מקנא געוועזען די דייטשען מיט די אירלענדער... אַך, ווי געזונד און ווי לעבעדיג זיי זיינען! דאַכט זיך אַ איד דאַווענט אַ סך, און ווי באַלד עס ווערט אויפ'ן ים אַ גרויסער ווינד, זאָגט ער תהלים און טענה'ט זיך גוט אויס מיט דעם רבונו של עולם; פון דעסטוועגען, גיט איהר דער אידישער גאָט ניט קיין כח און ער ליגט די גאַנצע צייט ווי אַ קלאָץ... ער וואַשט זיך ניט די גאַנצע צייט, שטעהט ניט אויף פון בעטעל צו צוויי דריי טעג, און אַז ער געהט שוין אַרויס אויף דער פּאַלובע, פּירכעט ער און ניסט... גיט אַ קוק אויף די גוים! די גאַנצע צייט פרעסען זיי געזונד טרפה פלייש, חזיר און אַנדערע פּאַסקודסטוועס, זויפען ביער, זיינען רויט, געזונד, פריילעך, לעבע־דיג. דער ווינד פייפט, דער ים שטורעמט, דער פּאַראַכאָד וואַרפט זיך אַהין און אַהער און זיי זינגען, שפּיעלען אויף זייערע האַרמאָני־קעס, טאַנצען וואַלסען, פּאָלקעס און נאָך אַנדערע פּויערשע טענץ; זיי שפּיעלען זיך, זאָגען גלייך־ווערטלעך, לאַכען, און דער איד האַלט זיך ביי דעם בויך און כל זמן ער האָט נאָך כח שרייט ער: מע! בע!...

איהר ווייסט שוין אליין, ווי גוט עס איז מיר געוועזן אויפ'ן שיף, דאַרף מיר דער רבונו של עולם צושיקען נאָך אַ שלאַק. דער דאָק־טאָר, אַ קריינק זאָל אויף איהם קומען, האָט זיך צוגעקלעפּט צו מיר

זוי א קליפּה און האָט מיך ניט געוואָלט אָפּלאָזען, ביז וואַנען איך האָב זיך ניט צוגעשטעלט פּאַקען... אָהן אַלעמען האָב איך זיך קוים גע־האַלטען אויף די פיס, איך האָב שוין קיין כח ניט געהאַט אפילו צו דאַוונען, און דאָ איז מיר נאָך צושוואָלען געוואָרען די האַנד ווי א גראָבער פלאָקען... מיר האָט זיך געוואָלט א ביסעלע וואַרעמע יויך, א שטיקעלע פלייש און זיי האָבען מיר געגעבען דריי פּאַקען. וויפיעל מאָל, אַז איך פלעג שוין יא כח האָבען ארויסצוקריכען אויפ׳ן פּאַלובע, פלעג איך זיך אַנידערשטעלען ביי דעם מאָרט און קוקען אין דער וויים.... פּוסט! מען זעהט גאָר ניט! נור דאָס וואַסער שרייט, רוישט און קלאַפּט. אך! ווען, ווען זיך שוין בעווייזען א שטיקעלע ערד? ווען וועלען מיר שוין דערלעבען צו זעהן די טייערע, די גע־ליעבטע אמעריקא? וועלען מיר דערלעבען?

אויף דעם אַכצעהנטען טאָג אין דער פריה, איז צו אונז צוגע־שוואומען אויף א קליינע שיפעל „דער לאַצי", ווי זיי האָבען איהם אָנגערופען. אַלע פּאַסאַזשירען האָבען זיך א וואַרף געטאָן צום באָרט מיט א שמחה און א פרייד. אפילו די אידעלעך זיינען געוואָרען לעבע־דיגער... און אַז דער „לאַצי" איז ארויף אויף אונזער שיף, האָבען אַלע אָנגעהויבען צו שרייען: הוררא! הוררא!

א גאַנצען טאָג זיינען מיר אַלע געשטאַנען און געקוקט אין דער וויים. יעדערען האָט זיך געוואָלט וואָס גיכער דערזעהן די ערד... די זונן איז פערגאַנגען... דער הימעל איז נאָך געווען רויט... פון ים האָט זיך אויפגעהויבען א וואָלקען... ווייט, ווייט האָט זיך בע־וויזען א שוואַרצע פינטעלע... גרעסער, גרעסער... אָט האָט גע־געגעבען א בלישץ א פייערעל... ערד! ערד! האָט אימיצער א גע־שריי געטאָן. ערד! האָב איך אויך א געשריי געטאָן מיט גרויס פרייד... מיין האַרץ האָט זיך געוואָרפען... די פיס האָבען געצי־טערט... און טרערען האָבען זיך געוויזען אויף די אויגען... ערד! לאַנד! אמעריקא!

## פינפטער קאַפּיטעל.

א גאַנצע נאַכט זיינען מיר געשטאַנען לעבען ניו יאָרק. פון דער ווייטען האָבען מיר געזעהען דעם גרויסען מאָנומענט פון דער פריי־

הייט... די גאנצע טייך, ווי ווייט מען האָט נור געקענט כאַפּען מיט'ן אויג, איז געוועזען בעלויכטען מיט טויזענדער פייערלעך: רויטע, גרינע, בלויע. די פייערלעך האָבען געוואָרפען פון זיך שטראַהלען אויף די וואַסער פון טייך. אין דער הויך, אַזש צום וואָלקען, האָט אויפגע־הויבען איהר האַנד אַליין די פרייהייט מיט אַ גרויסע לאַנטערנע. איך האָב ניט געקענט שלאָפען אַ גאַנצע נאַכט. איך האָב אַלץ גע־קוקט אין די ווייטקייט. איך האָב געוואָלט עפּעס דערזעהן. אָבער עס איז געוועזען אונמעגליך. פון איין זייט האָט זיך געזעהען ליכט און פון דער אַנדערער זייט שוואַרצע מאַסע, אַזוי ווי אַ גרויסער באַרג בעדעקט מיט פינסטערע שאָטענס. די נאַכט האָט קיינער ניט געקענט שלאָפען. יעדערער האָט זיך געוואָלט צוגרייטען צום גרויסען יום־טוב, יעדערער האָט זיך געפּוצט, געקליידעט, גערייניגט, אויף דער פּאַ־לובע, וועלכע איז געווען פול געפּאַקט מיט מענשען, האָט מען שוין ניט געשפּיעלט און ניט געטאַנצט. אפילו דער גוי־חזיר האָט זיך גע־פיהלט, אַז אין דער מינוט שטעהט ער העכער פון די אַלע נאַרריש־קייטען...

גאַנץ פריה זיינען צו אונז געקומען די וואַרעמע ליכטיגע זונן און עפּעס אַ גראָבער פריץ פון ניו יאָרק. די זונן האָט געבלישצעט און געוואַרעמט, פּונקט אַזוי ווי יאַגידיווקי אין אַ שעהנעם טאָג. און דער ניו יאָרקער פריץ האָט אונז געשטורכעט און געזוכט פאַרכעס אויפ'ן קאָפּ, אויך אַקוראַט ווי אין חזיר־לאַנד. ניט אומזיסט שטעהט געשריבען אין די ווייבערשע תחינות: אין כל חדש תחת השמש! און דעם לעצטען מאָל האָט אונזער אַלטער פאַראַחאָד אַ פּייף געטאָן און מיר זיינען צוגעפאָהרען צו דער סטאַנציע פון אַנ־קער ליניע. דאָ האָט מען אַרויסגעלאָזט אַלע פיינע פּאַסאַזשירען, אַלע מיוחסים און נגידים. אונז קבצנים האָט מען געהאַלטען אויפ'ן שיף ביז צוויי אַ זייגער. נאָכדעם האָט מען צוגעפיהרט אַן אַלטע באַרזשע, אויף וועלכע מען פיהרט שאָף, עמיגראַנטען און אַנדערע ברואים און מען האָט אונז אַלעמען פאַרנומען מיט אַלע קלומקעס, מיט די ווייבער, מיט די פּעקעלעך. וואָהין פיהרט מען אונז? דאָס האַרץ קלאַפּט, די פיס ציטערען, די געדאַנקען אין קאָפּ זיינען צומישט... איך פערשטעה אַליין ניט וואָס טוט זיך מיט מיר און וואָס וויל פון מיר מיין האַרץ. באַלד, באַלד וועט מען מיך אַראָפּ וואַרפען פון

שיף, וואָהין וועל איך גיין ? וואָס וועל איך טאָן ? איך זעה פון דער ווייטען טויזענדער מענשען פאָהרען און געהען אום אהין און אהער... דאָס זיינען אלץ נייע מענשען, פרעמדע מענשען !...

— סטאָפּ ! חיים יענקיל, סטאָפּ ! מע שרייט : אלע פּאָרט !

יעדערער כאַפּט זיינע פּעקלעך און לויפט : איך לויף אויך ווי א משוגענער. די קלומקעס פאלען ביי מיר פון די הענד... געשווינד, חיים יענקיל ! רוק זיך אריין אין קעסעל גארדען אריין ! אָט דאָס איז אמעריקא ? האָב איך געוואָלט פרעגען, ווי באלד איך בין נור אריין אין דעם פינסטערען שמוציגען קעסעל גארדען. נור די קשיא האָט מיר באלד פערענטפערט דער פּאָליסמען. ער האָט מיר באלד א טראַסק געטאָן מיט א דובינע, גלייך איבער'ן קאָפּ און האָט מיך א שטויס געטאָן אין אן אנדער זייט... „אהין ! וואָהין קריכסט דו ? !" נא דיר א ברוך הבא ! איך האָב דאנקען גאָט געזעהן בלאָטע אין אונזער חזיר לאנד, האָב געזעהן אלערליי חיות, אז מיר האָבען זיך געוואלגערט אויף דעם פּרייסישען גרענעץ, האָב געשמעקט א ריח נחות, אז איך האָב געשטעקט אין האמבורג אין א פינסטערען קעלער, נור אזא בלאָטע אזעלכע ווילדע און בייזע וואנצען, אזעלכע געדיכטע דוחעס, ווי אין קעסעל גארדען, האָבען זיך מיר אפילו אין חלום ניט גע'חלום'ט. איך האָב געזעהן אויך פון יענער זייט ים, ווי אזוי פּריצים גיבען אין די ציין דעם פּראָסטען מענשען... נור שלאָגען מיט א דובינע איבער'ן קאָפּ און וועמען ? א גאסט ! דאָס איז א חידוש גדול !... יא ! היינט פערשטעה איך טאקע, אז יעדעס לאנד האָט זיך איהר אייגענעם שכל, מיט איהרע אייגענע זאקאָנעס... שלאָגען מיט א פלאָקען איבער'ן קאָפּ ! א פיינער זאקאָן, ווי איך בין א אידיש קינד !

ויהי ערב ויהי בקר יום אחד ! דערווייל איז אוועק א טאָג מיט א נאַכט און מיין נאָז האָט נאָך אפילו ניט געשמעקט וואָס הייסט ניו יאָרק. אין קעסעל גארדען האָט מען אונז געבראַכט פּונקט אין דער צייט, ווען דער גענעראל פון קעסעל גארדען האָט פונקט קיין צייט ניט געהאט אונז אָפּצוגעבען זיין צייט, און מיר זיינען געבליבען נעכטיגען אין דעם דאָזיגען פּראַכטיגען עמיגראַנטען האָטעל, פון אונ־טען בלאָטע, פון אויבען א ריח נחות, און פון די זייטען גרויסע, גע־זונדע, הונגעריגע וואנצען אָט דאָס איז דיר מימיני מכאל ומשמאלי גבריאל, שלאָף רוהיג, אידעלע !...

אויף דעם אנדערען טאָג האָט מען אונז אויפגעכאַפּט און מען האָט אונז גענומען צום דאָפּראָס:

— וואָהין פאָהרסט דו? — האָט מען מיך געפרעגט.

— קיין אמעריקא! האָב איך געענטפערט.

— אָבער וואָהין? — האָט מען מיך נאָך אַ מאָל געפרעגט!

— אָבער קיין אמעריקא, האָב איך געענטפערט.

— וואו ווילסט דו בלייבען? זאָגט דער פריץ.

— דאָ וויל איך בלייבען, ענטפער איך.

— וואו דאָ? אין קעסעל גאַרדען? זאָגט ער.

— ניין! דאָ, אין אמעריקא!

— אין וואָס פאַר אמעריקא?

— פערשטעהט זיך אין דער אמעריקא וואָס איז אין ניו יאָרק. פון וואָס פאַר אַן אנדערע אמעריקא ווייס אַ איד?

— האָסט דו געלד? פרעגט ער מיך. אַ חכם, אַ מענש! ער האָט געמיינט אַז באַלד נעהם איך און זאָג איהם דעם גאַנצען אמת, אַז איך האָב טאַקע ק"ן רו"ב מזומנים:

— קיין געלד האָב איך ניט!

— האָסט דו דאָ פריינד?

— ניין! מיין ווייב האָט דאָ פריינד, איך האָב דאָ קיין פריינד ניט: איך בין אַ יאַנגידיוועקער אליין.

נו, וואָס זאָל איך אייך פיעל דערצעהלען מעשיות מיט זאַכען: מען האָט מיר אָפּגעשטופּט צוריק און פון קעסעל גאַרדען ניט ארויסגע־לאָזט!... עס האָט זיך געפונען נאָך אַ דריי אידעלעך אַזעלכע, ווי איך, זיינען מיר אַלע בשותפות איבערגעשלאָפען נאָך אַ נאַכט אין קע־סעל גאַרדען און ווייטער זיך געקראַצט און געשמעקט. אָט דאָס איז דער גאַנצער פערגעניגען, וואָס איך האָב געהאַט, נאָך אַזאַ וועג און נאָך די צרות, וואָס איך האָב איבערגעליטען, זינט איך בין ארויס פון יאַגי־דיוועקי! אך! עס איז ניטאָ אין דער וועלט נאָך אַזאַ באַשעפעניס, וועל־כע זאָל קענען אַזוי פיעל אויסשטעהן און איבערטראָגען דאָס, וואָס אַ איד קען איבערטראָגען! דער שלאָפער אידעלע איז שטאַרקער פון דעם דלות אליין און געזונטער פון אַלע צרות.

דערווייל, ויהי ערב, ויהי בקר יום שני. נאָך אַ טאָג איז אַוועק... און איך בין נאָך אַלץ אין קעסעל גאַרדען... ווי איך פערשטעה, זאָגט

מען גאָר, אַז מען וועט מיך שיקען צוריק. איהר פערשטעהט צוריק? דאָס בלוט ווערט אין מיר פערקיהלט!.. אויף דעם צווייטען טאָג איז געקומען עפּעס אַ איד מיט אַקיילעבדיגע בייכעל און מיט אַזאַ קאַפּעליוש אויף'ן קאָפּ, ווי אַ קוגעל־טאָפּ, און האָט מיך גוט אָרומגעקוקט און אָרומגעשמעקט, האָט זיך פערקרימט, האָט פערדרייט זיין נאָז און איז אַוועק... דאָס איז געווען אַ קאָמיטישער איד. ביי נאַכט זיינען צו אונז געקומען די פּאָליסמענען, וואָס היטען אונז, און האָבען אונז פאָרגעלייגט אַזאַ מגילה: מאָרגען אין דער פריה וועט מען אייך אַרויפזעצען אויף אַן אַנדער שיף און פיהרען צוריק קיין האַמבורג. אויב איהר ווילט, קענען מיר אייך געבען אַ גוטע עצה... לאָז יעדערער פון אייך געבען אונז צו צעהן דאָלאַר וועלען מיר אייך אַריינלאָזען קיין ניו יאָרק... מיר וועלען דאָס אַזוי אָפּמאַכען, אַז איהר זייט כלומרשט אַנטלאָפען... איהר וועט צוברעכען אַ שויב פון פענסטער און אַרויסקריכען... מיר וועלען אייך כאַפּען און אַביסעל אָנשלאָגען אייך די ביינער, נאָך דעם וועט איהר זיך אַזוי ווי אַרויסרייסען און מיר וועלען אייך שוין ניט קענען דעריאָגען... פערשטעהט איהר אַ געשעפט? מיר נאַרישע גרינהאָרנס? — וואָס זאָל מען דאָ ניט פערשטעהן? מאָרגען וועט מען אונז שיקען צוריק: נאָך אַ מאָל ליידען צרות, הונגער, ים־קראַנקהייט און וואָהין פאָהרען? פערשטעהט זיך, יעדערער פון אונז האָט צובונדען זיינע קניפּלעך און מיר האָבען אָפּגעצעהלט אונזערע בעלי טובות אחת ואחת... איך האָב זיי אַריינגערוקט אַ גאַנצע פינף און צוואַנציגער לאַ־ירחץ־כלב־לשונו געלט...

שפּעט ביי־נאַכט האָבען מיר צובראָכען עטליכע שויבען און מיר האָבען אָנגעהויבען צו קריכען... איך האָב זיך צושניטען די הענד און דעם פּנים מיט דעם גלאָז... נאָך דעם בין איך אַראָבגעפאַלען פון עטאַזש און האָב זיך געבראָכען רוק און לענד... קוים אַ לעבעדיגער האָב איך זיך אויפגעהויבען פון דער ערד און האָב אָנגעהויבען צו לויפען... דאָ האָבען מיך באַלד געכאַפּט די ניו יאָרקער מלאכי חבלה מיט די גראָבע פּיפּקעס און האָבען מיך אָנגעהויבען צו בויקערן... זיי האָבען מיך געשלאָגען, טאַקע אויף „צוקלאָמפּערשטען", נור פון יעדער זעץ האָב איך געמיינט, אַז עס וועט זיך ביי מיר אָפּרייסען דער לונג און לעבער און ביי יעדער פּאַטש פלעג איך דערזעהן די באָבע פון יענער וועלט... אַ טויטער, אַ צו'הרג'עטער, אַ צולוטיגטער, אַ דערשראָ־

קענער, האָב איך זיך ארויסגעריסען פון די מחבלים'ס הענד און האָב אָנגעהויבען צו לויפען וואָהין די אויגען האָבען מיך געטראָגען. וויפיעל איך האָב נור געהאַט כח בין איך געלאָפען. עס איז געוועזען שפּעט. אויף איינִיגע גאַסען איז געווען שטיל און זיי זיינען געוועזען ניט שטארק בעלויכטען, ווייט ערגעץ האָב איך געהערט, ווי עס רוישט און עס קלאַפּט אַן אייזענבאַהן, עס פּייפען פּאַראַכאָדען. אַז מיינע קרעפטען האָבען מיך פערלאָזען, בין איך געפאַלען אין מיטען דער גאַס און בין געבליבען ליגען אָהן מאַכט.

ווי איך בין נור געקומען צו זיך, האָב איך זיך אָנגעהויבען צו צוהערען: שטיל! קיינער יאָגט זיך ניט נאָך מיר!... דאַנקען גאָט! איך בין שוין אין אַמעריקאַ! איך בין שוין דאָ! נישקשה, גאָט וועט מיך ניט פערלאָזען... אין אַמעריקאַ זיינען דאָ אידען, קאָמיטעטען, געשעפטען, אַ סך דאָלארס... פאַל ביי זיך ניט אראָפּ, חיים יענקיל!.. אַ גאַנצע נאַכט בין איך אומגעגאַנגען פון איין גאַס אויף דער אַנדערער. איך בין געוועזען מיעד. מיינע פיס האָבען מיך קוים געשלעפּט. די אויגען האָבען זיך אליין צוגעמאַכט...

איך האָב אָבער ניט געוואוסט וואָהין צו געהן, ביי וועמען צו בעטען נאַכטלעגער, וואו צו זוכען אַ אידען. קיין מאָל אין מיין לעבען האָב איך נאָך ניט געוואַרט אַזוי אויף דעם פריה־מאָרגען, ווי אין יענע אונגליקליכע נאַכט. קיין מאָל האָט מיך נאָך די זונן אַזוי ניט געפרעהט, ווי אין דעם טאָג, ווען איך האָב אָבגעשטעלט אין ניו יאָרק עפּעס אויף אַ גאַס. איך האָב דערזעהן אַנטקעגען זיך אויף אַ פענסטער אויפגע־שריבען מיט אידישע כתיבעטע ווערטער: אַ כשר'ע מקוה!... אַ מקוה!... אידישע ווערטער, אידען! אַ! דאַנקען גאָט! איך בין שוין געקומען!... איך בין שוין אין אַמעריקאַ! עס איז שוין געקומען אַן ענדע צו אַלע מיינע צרות!... דאָ בין איך געפאַלען און בין גע־בליבען אין חלשות.

## זעקסטער קאַפּיטעל.

ווער קען איבערגעבען, ווער קען דייטליך דערצעהלען, ווער קען בעשרייבען מיין פרייד, מיין גליק, מיין שמחה, אַז איך האָב זיך אין דער פריה אויפגעכאַפּט אין ניו יאָרק און האָב דערזעהן בעשיינפערליך

אז איך האָב זיך טאַקע אריינגערוקט טיעף, טיעף אין אַמעריקאַ אריין ?... נארישע און גראָבע גוים ! גיט א קוק אויף דעם אידעלע אין ניו יאָרק און זייט זיך גיכער... מגייר ! זעהט ! זיינען מיר דען ניט א „אתה בחרתנו״ פאָלק ? ערשט געקומען פון א לאַנד וואו מען האָט אונז געשלאָגען און גע'הרג'עט, וואו מיר האָבען גאָר ניט געוואוסט און קיין זאַך ניט פערשטאַנען, אין אַזאַ קורצע צייט זיינען שוין אַלע גאַסען פון ניו יאָרק פארפלייצט מיט אידישע קינדער ! וואָהין איהר זאָלט זיך ניט קעהרען און... דאָ האָט איהר שוין כשר'ע וואורשט, און דאָ געראָטענע רבנים ; פון איין זייט בערג מיסט און פעדערען, פונקט ווי אין די פיינסטע אידישע שטעטעל אין פוילען אָדער ליטאַ, פון דער אַנדער זייט בתי מדרשים און שולען ; פון איין זייט אַן אמת'ער, א כשר'ער חזיר־מאַרק.

פון דער אַנדערע חברה ש״ס און חב״ד : פון איין זייט א געגריי־זעלטע פאה מיט גנידעס, פון דער אַנדער זייט א פּארוק מיט א ציפּיק. נאָך גאָר ניט לאַנג האָט דער איד קיין רעכט ניט געהאַט און איז גע־ווען אָבגעזונדערט פון אַלעמען, און דאָ, אז ער וויל, מעג ער געהן מיט באַקענבאַרדען און אז ער וויל מעג ער גאָלען די וואָנצעס ! נאָך גאָר ניט לאַנג איז ער געווען א זשיד פּארכאַטי, און היינט איז ער שוין געוואָרען א גאַנצער... שיני... איהר קענט אליין זעהן מיט אייערע אויגען, אז אפילו דער פּאָליסמען שמייכעלט צו א אידיש מיי־דעל פונקט אַקוראַט ווי צו אַנאַנדער נקבה, און אז די אידישע יונגע לייט האָבען דאָס רעכט צו זיין אַזעלכע „לאָופערס״ ווי די איירישע און אַנדערע אומות העולם... און א חוץ דעם, וויפיעל כשר'ע מקואות, וויפיעל אידישע ביער סאַלונען, וויפיעל לאָדזשעס און וויפיעל קהילות, וויפיעל שוחטים, דינים, סופרים, מוהלים, מלמדים, אידישע רעדאַק־טאָרס, אידישע באַנקירער, וויפיעל גלאַט גנבים ! וליהודים היתה אורה, ושמחה וששון ויקר !...

מיין ערשטע קוואַרטיר איז געוועזען אין אַן עמיגראַנטען הויז אויף מאָנראָו סטריט... עס האָט מיך זעהר געפרעהט, וואָס איך האָב געטראָפען צו א פרומען און כשר'ען אידען... ער איז פרום ווי אַן איי־זען און ירא שמים ווי די לעמבערגער רבעצין. אליין א איבריג קאָפּיקע וועט ער ביי אייך ניט נעהמען... ביז וואַנען ער וועט ניט מאַכען קיין ברכה און וועט ניט זאָגען אשר יצר... און וועט בעסער קוילען פיער

אידען איידער אַנריהרען זיך חלילה אום שבת צו אַ לייכטער... אויף מיין נייע קוואַרטיר בין איך אביסעל געקומען צו זיך... אַלע טאָג אַ ראָסעל־פלייש, ביי נאַכט אַ מאַטראַץ... דער מאַטראַץ איז טאַקי געלע־גען אויף דעם פלאָאָר און וואַנצען האָבען מיך טאַקע אַזוי געביסען, אַז מע וואָלט געקענט מיינען, אַז זיי ווילען מיך אויפעסען לעבעדיגערהייד. איך אָבער האָב זיי געהערט ווי די קאַטץ, וואַרום איך האָב געוואוסט, אַז פון וואַנצען קען מען ניט שטאַרבען: אַז ניט וואָלט מען אין ונתנה תוקף געשריבען ניט נור: מי במים, מי באש, מי בחרב און אַזוי ווייטער, עס וואָלט אויך געשטאַנען ומי בוואַנצען.

אַז איך וואָלט זיין אַ געלערענטער מענש וואָלט איך זיך שטאַרק גענומען און וואָלט געווים דערגאַנגען מיט מיין שכל, פאַר וואָס איז דאָס עפּעס אין ניו יאָרק אַזוי שרעקליך פול מיט וואַנצען? איז אין ניו יאָרק פול וואַנצען דערפאַר ווייל עס זיינען דאָ פיעל אידען, אָדער פערקעהרט: אין ניו יאָרק זיינען דאָ פיעל אידען דערפאַר ווייל דאָ זיינען דאָ פיעל וואַנצען? נור ניט דאָס בין איך אויסען.

דאָ, אויף מאָנראָו סטריט, האָב איך זיך אָנגעהויבען צו לערנען ווי אַזוי צו זיין אַן אַמעריקאַנער. ווי באַלד דער בעל הבית און אויך די בעל הבית'טע האָבען זיך דערוואוסט אַז ביי מיר אונטער'ן ווערסט ליגט אַ סומע געלט פון העכער מאה רו"כ, האָבען זיי ביידע צו מיר אַזוי לאַנג געשמייכעלט, ביז איך בין ארוים נקי מנכסיו, אָהן אַ קאָפּיקע געלד. די בעל־הבית'טע האָט צו מיר געשמייכעלט און האָט מיך גע־שטאָפּט מיט ראָסעל פליישען און זיסע פּאָטייטאָס, און דער בעל־הבית האָט צו מיר געשמייכעלט און האָט מיט מיר געמאַכט פּלענער פון אַ פעקטאָרי, פון אַ סטענד, פון אַ העמדער שאָפּ... אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט ביז וואַנען איך בין אליין געבליבען אָהן אַ העמד... דאָ האָבען זיי מיר געגעבען מיט'ן קניע גלייך אין מיין „ראַוונאָפּראַוויע" אריין און האָבען מיר געזאָגט: קישל! קישל! אויף מאָנראָו סטריט האָבען מיך דעם ערשטען מאָל מכבד געווען מיט אַ כבוד די אַמעריקאַנער יונגאַ־טשעס... קיין שלעכטס חלילה האָבען זיי מיר ניט געטאָן, זיי האָבען נור געטריבען מיט מיר אביסעל קאַטאָוועס: זיי האָבען מיר פריהער פון אַלעם צוריסען מיין קאַפּאָטע. נאָכדעם האָבען זיי מיר אָנגעשטאָפּט אין היטעל פערדישע... חכמות און נאָכדעם האָבען זיי מיר אויסגע־פליקט אַ האַלבע באָרד און אַ חוץ דעם האָט דער גרעסטער חכם פון

זיי געגעבען מיר מיט אַ שטיין גלייך אין פּנים אריין און האָט מיר צוקוויאַטשעט דעם נאָז און אויסגעשלאָגען פיער ציין. אַ! עס איז אַ מחיה צו לעבען אין אַ פרייע לאַנד!... ביי אונז וואָלט זיך אַזאַ שייגעץ געררופען באַשיבוזוק, און מען וואָלט איהם געוויס אריינגערוקט אין חרחור אריין, און דאָ איז ער אַ סיטיזען, אַ פּאָליטישען, אַ „רעוואָ־לוציאָנער", אַ פריידענקער, אַ לויפער, אַ דזשענטעלמען: עס איז פּשוט אַ פערגניגען, ווי איך בין אַ אידיש קינד!

נאָר מעשות אָן דער זייט — עס ווילט זיך עסען, מען דאַרף עפּעס טאָן. ביי אונז אין חזיר לאַנד געהט אָן דער גלייכווערטעל: „ניטאָ פּאַפּע — געה אין ליולי". דאָ אָבער, אין אַמעריקאַ, זאָגט מען גאָר: ניטאָ פּאַפּאַ — געה אין דער ערד און באַק בייגעל!" אויף זייער לשון הייסט דאָס: העלפּ יו־סעלף... וואָס טוט מען אויף דער וועלט? אַזוי ווי צו חלום בין איך אומגעגאַנגען דריי טעג פון איין גאַס אויף דער אַנדערער. ווי איך האָב נור דערזעהן אַ מענשען אָדער אפילו אַ אידענע, האָב איך זיך אָבגעשטעלט און געבעטען ארבייט. און אַלע האָבען מיר געענטפערט איין תשובה: געה צום טייוועל, גרינהאָרן! אַ פּנים אין אַמעריקאַ רעכענט מען דעם טייוועל פאַר דעם בעסטען באָס, אַז מען גלויבט אַז ער גיט ארבייט יעדערן... און אפשר ארבייט דער רוח טאַקע נור מיט סקעבס? נור צום טייוועל אָבער האָב איך ניט געקענט טרעפען און טאַקע אליין דער טייוועל האָט מיך געבראַכט אויף דער אַכטער סטריט, גלייך צו די אַמעריקאַנער בעלי־טובה'ניקעס און קאָמיטישע אידען. אָט דאָ איז געקומען די גאולה אויף מיין קאָפּ. ניט אומזיסט! אַז איך בין געווען אַ קליינער אינגעלע האָב איך אַלע אין דער פריה געזאָגט מיט דער מאַמע: „אַ ברכה, אַ הצלחה זאָל קומען אויף מיין קעפּעלע אמן סלה!" אויף דער אַכטער סטריט האָב איך דערזעהן, אַז ניט איך אליין בין אַ מיוחס, עס זיינען דאָ נאָך הונ־דערטער אידען וואָס ווערען געשוואָלען פון הונגער.

דריי טעג בין איז געשטאַנען אין דרויסען און האָב זיך אפילו ניט געקענט דערקוועטשען צום גרויסען פּאָליסמאַן, וואָס איז געשטאַנען מיט'ן גרויסען בויך און גרויסע דובינע און האָט ניט געלאָזט די קליי־נע אידעלעך אין גרויסען האָל, וואו עס זיצט דער גרויסער קאָמיטישער איד. און אַז איך בין שוין יאָ צוגעקראָכען צום פּאָליסמאַן, האָט ער מיך תיכף ומיד מכבד געווען מיט זיין דובינע און האָט געזאָגט, אַז

איך בין א „גאַ־אַן !" וואָס פאַר א פייערדיגע קלעפּ זיי געבען, א פּגירה זאָל אויף זיי קומען ! אין דער צייט איז מיר געוועזען אזוי שלעכט, אז איך האָב זיך געוואָלט צוקריגען מיט דעם אַלטען אידישען גאָט און פערקויפען זיך פאַר צעהן דאָלאַר צו דעם נייעם גוי'אישען גאָט... נור דער „קאָמיסיאָנער" האָט מיר געזאָגט, אז זייער גאָט גיט אויך ניט קיין געלד פריהער, ביז וואַנען ער זעהט ניט בעשיינפּערליך, אז מען איז גוט און פרום... וואָס זאָל מען טאָן? איך בין ווידער א מאָל געגאַנגען אויף דער אכטער סטריט... איצט האָט מען מיר גע־זאָגט, אז מען וועט מיך אריינלאָזען אין קדשי קדשים צום קאָמיטישען איד, נור דאמאָלס אז איך וועל ברייגען א צעטיל... גוואַלד וואָס דארפט איהר א צעטיל, אז איך בין אליין דאָ? אז איהר זעהט, אז איך בין הונגעריג און פערשמאַכט, אז איך בעט ביי אייך נור איינס: גיט מיר ארבייט? הקיצר, ווי זאָגט דער פּאָניע, „דער הונגער איז ניט קיין מוהמע": איך האָב געקראָגען א צעטיל. מיט'ן צעטיל בין איך שוין זוכה געווען אריינצוגעהן אין דער גלאָווגע קאַנצעליאַריע. דאָ האָב איך געכאַפּט א מאָל א פּאָאַר סטוסאַקעס און האָב געקראָגען אַן אָרדער... צו קומען מאָרגען. אויף מאָרגען האָט מען מיך צוגענו־מען שוין פאַר אַן אייגענעם און מען האָט מיר געגעבען נאָך א פּאָאַר קלעפּ און מען האָט מיר געהייסען קומען מאָרגען. אויף מאָרגען האָט מען מיר געזאָגט, אז אין פינף־זעקס טעג ארום וועט מיר געבען אַן ענטפער. אין פינף־זעקס טעג ארום, אז איך בין געקומען, האָט מען מיך אָנגעהויבען צו שלאָגען פון דאָס ניי... לסוף האָט מען מיר גע־געבען א בריוועלע אין קאָנטרי אין א גרויסע פעקטאָרי, וואו מען האָט מיר צוגעזאָגט ארבייט.. דאָרטען האָט מען מיך אויפגענומען זעהר פיין און מען האָט מיך אנידער געשטעלט ארבייטען...

דאָ האָב איך שוין געמיינט, אז איך האָב שוין טאַקע געכאַפּט מיין גליק פאַר'ן עק... אך! איך האָב איהם אָבער ניט שטאַרק גע־האַלטען און ער האָט זיך באַלד ארויסגעריסען. שטעלט אייך פאָר, ווי באַלד איך האָב זיך נור אנידער געשטעלט ארבייטען, זיינען צו מיר צוגעלאָפען אַלע ארבייטער, האָבען אָנגעהויבען שרייען אויף מיר: „סקעב", „שיני"! און האָבען מיך אָנגעהויבען צו שטופען אהין און אהער און שטורכען אין די זייטען. און אז איך בין שוין טאַקע ארוים ווי מען זאָגט, פון די כלים און האָב אויך אָנגעהויבען... צו וויינען, האָ־

בען זיי מיך געכאַפּט פאַר מיין נאָז און ארויסגעשלעפּט פון דער פּעקטאָרי אין דרויסען. אַך! ווי גליקליך וואָלטען מיר נארישע קבצנים געוועזען, אז מיר זאָלען זיין אָהן נעזער. קיינער וואָלט אונז פאַר'ן נאָז ניט געפּיהרט און ניט ארויסגעפיהרט! נור דער בורא יתברך ווייס געוויס בעסער ווי אזוי צו סטראָיען דעם מענשען — ער איז אַן אַלטער קאַזיאָנער ארכיטעקטאָר!...

מיט א צובראָכענע האַרץ, מיט צובראָכענע ביינער און געשוואָלענע פּיס (צוריק איז ניט געווען קיין געלד אויף א טיקעט) האָב איך זיך אומגעקעהרט אין דעם גרויסען און דעם פיינעם ניו יאָרק. היינט האָב איך טאַקע אריינגעלעגט א פינגער אין מויל און האָב אָנגעהויבען גאַנץ שאַרק צו טראַכטען: וואָס טוט מען? זאָל איך ווערען א שלעפּער, א שנאָרער? אָדער א רעדאַקטטאָר פון א אידי־שער צייטונג? איהר לאַכט? איהר ווייסט דען ניט, אז מען איז הונגעריג איז מען גרייט אויף אַלעס? אז איך וואָלט דאַמאָלס געווען קליגער, וואָלט איך שוין עפּעס געוואָרען. איך בין אָבער געוועזען א פּראָסטער אידעל און בין גאָר געוואָרען א שוירטס מייקער. אַך! אז אימיצער פון יאַגידיווקי וואָלט מיך דערמאָלט דערזעהן, ער וואָלט געוויס געפּלאַצט פון געלעכטער. דער געזונדער, גראָבער חיים־יענקיל פלאַם האָט געקראָגען אַ'ן אויסגעווייקטען פּנים'על, די באָרד האָב איך זיך אָפּגעגאָלט און די לאַנגע קאַפּאָטע אראָבגעוואָרפען. איך זאָל אפילו שטאַרבען, וואָלט קיינער ניט געקענט דערקענען, אז איך בין ניט א געבאָרענער אמעריקאַנער...

און א חוץ דעם בין איך טאַקע געוואָרען א שטיקעל מענש און האָב זיך אָנגעהויבען צו שניידען אויף אַ'ן אמת'ן אמעריקאַנער־דייטש פון העסטער סטריט: איך האָב שוין געקענט זאָגען: „יא!", „פערשיינליך", „וואונדערבארע ביזנעס", „די ענטוויקלונג פון דעם ציוויליזיישען", „שור", „פּאָרטרעפליך" און „גאַד דעם!" איך האָב שוין געקענט אויסטרינקען א גאַנצע „פּאַינט" ביער און שרייען „גרינ־האָרן" אויף יעדען נייעם עמיגראַנט... פּערדיענען פלעג איך געזונד... אי דריי, אי פיער דאָלאַר א וואָך. און ווען איך זאָל ניט סטאַפּען אַלע צוויי וואָכען, וואָלט איך שוין געקענט ווערען א קליינער קאַפּיטאַליסט... הקיצור, איך וואָלט שוין געקענט זיין גליקליך, אז דער אונגליק זאָל זיך צו מיר ניט טשעפּען... אם ערשטען האָט

מען מיך אויפגעכאפּט און מען האָט מיך אַרעסטירט אויף צעהן טעג... הערט וואָס פאַר א מעשה עס פערלויפט זיך. איך שטעה אויף דעם קאָרנער עסעקס און „אסתר" און עס א באַנאַן. כאַפּט מיך אָן פּלוצ־לונג פון הינטען א גראָבער פּאָליסמען און הויבט מיך אָן צו טרייס־לען: „נאָך וואָס האָסט דו אויסגעשאָטען א הויפען מיסט אויפ'ן גאס?"

— ווער? איך?

— יאָ; דו!

— שטייטש, די גאס איז פערשמוציגט מיט בערג מיסט, ווי אזוי האָסט דו דערקענט מיין הויפען מיסט?

— קום אין קאָורט!

— אודני קעניג, „שיינק מיר מיין לעבען!"

— קום אין קאָורט!

— שטייטש! איך בין דאָך גאָר א באָרדער און האָב ניט קיין איינענע מיסט?

נור דער מחבל האָט מיך שוין אויפגעכאַפּט ווי דער רוח דעם מלמד און האָט מיך געטאַסקעט... געוואלד איך וואָהן גאָר אין נאָרפאָלק! ניטאָ קיין טענות! ער האָט מיך געבראַכט צום שופט שלום, ער האָט איהם געשוואָרען ביי זיין באָרד און פּאות, אז ער האָט אליין געזעהן — און דער ריכטער האָט עפּעס א בורטשע געטאָן און האָט אויפגעשריבען: צעהן דאָלאַר שטראָף אָדער צעהן טעג אַרעסט, וואָס זאָגט איהר פאָרט אויף אזא בלבול, אויף אזא שלאַק?

בין איך טאַקע אָבגעזעסען צעהן טעג... נור דאָס איז נור געוועזען א הקדמה. איך בין געוועזען פון „יענער זייט טייך" אויך זעקס חדשים... און איצטער, אז איך בין גענית, וויים איך שוין אז אין אמעריקא דאַרף מען זיך ניט וואונדערען אויף קיין זאַך... און ווי איהר זעהט מיך א אידען, אז מען זאָל מיך אפילו אויפהייג־גען וועל איך זיך דערנאָך אויך ניט וואונדערען... א פרייע לאַנד! וואָס קען זיך ניט טרעפען אין א פרייע לאַנד?

איהר ווייסט דאָך מסתמא וואָס דאָס איז פאַר א פויגעל א באָרדער? איך בין געוועזען א באָרדער ביי א אידען וואָס האָט געהאַט א ווייב, א שוועגערין, אַן אלטע מאַמע, זעקס קינדער און אַכט באָרדערס מיט באָרדערקעס. מיר אַלע האָבען זיך פּאָמעשצעט אין

צוויי פיינע רומס אין טאפ־פלאָאר — בעק. נור ניט דאָס בין איך אויסען. צווישען די באָרדערקעס איז געווען א יונגע ווייבעל... אן אלמנה, אָדער א גרושה, אָדער אַן עגונה און אפשר גאָר א מיידעל, דאָס קען איך אייך ניט זאָגען... די באָרדערקע פלעגט אָפט צו מיר שמייכלען. זי שמייכעלט — שמייכעל איך אויך. איך ווייס עפּעס? איך בין דאָך א גרינהאָרען! וואָס דאָרטען איז געוועזען, ווייס איך עד היום ניט. כאָטש איך בין געווען אַן אמת'ער גלוח בין איך נאָך געווען גאַנץ גרין, און האָב גאָר ניט פערשטאַנען. איך ווייס נור, אז דער בעל־הבית האָט זיך געפּאַטשט מיט הער ווייב, די בעל־הבית'טע האָט געפּאַטשט די באָרדערקע, די באָרדערקע האָט עפּעס לאַנג גערעדט אויף ענגליש מיט א באָרדער, צו וועלכען זי האָט שטאַרקער געשמייכעלט ווי צו מיר... און פּלוצלונג האָט זי אויסגעגלאָצט די אויגען און האָט אָנגעהויבען צו שרייען צו מיר: חיים יענקיל! פיהר מיך צו דער חופה! און אז ניט וועל איך דיר אריין זעצען אין דזשייל! דו ביסט מיין חתן... דו דאַרפסט מיר סאָפּפּאָרטען.

— א פינסטערער חלום צו דיין קאָפּ! וואָס הייסט? איך האָב דאָך א ווייב! און וואָס זאָל איך טאָן מיט מיין שרה'קע און מיט מיינע קינדערלעך זאָלען לעבען?!

— מעגסט זיך מיט זיי וואַרגען... און מיך מוזט דו פיהרען צו דער חופה...

א וואָרט פאַר א וואָרט, אהין אהער פּיטש־פּאַטש... זי איז אוועקגעלאָפען צום דזשאָדזש האָט איהם דערצעהלט א גאַנצע מגילה און ער דער גולם, האָט געגלויבט, אז וואָס די לעדי דערצעהלט איז תורת לאָקשין און האָט מיך אריין גערוקט אויף סיקס מאָנטס אין פּריזאָן! אָלל רייט! א פּגירה זאָל קומען אויף אַלע דזשאָדזשעס, אויף אַלע אלמנות, אויף אַלע גרושות, עגונות און גלאַט ווייבער וואָס שמייכלען צו די גרינע גרינהאָרנס!

פון יענער זייט טייך בין איך געוואָרען א וואהרער יענקי. איך האָב זיך אויסגעלערנט רעדען ווי א געבאָרענער איירישמען, קען זינגען אַלע ליעדלעך פון דער בויערי, קען זיך שילטען ווי סאַליוואַן, קען זיך פּייטען בעסער פון א לאָדזש פּרעזידענט און קייען טאַבעקאָ גלייך מיט דעם וואהרען פיץ־דזשעראַלד. איצט בין איך שוין גוט געביל־

דעט! איצט ווייס איך שוין גוט וואָס הייסט אַ באָקס פון אַן איירישמען, אַ פייג פון אַ באָס און אַ פּריוואַט פון טעמעני האָל. איך האָב זיך אַריינגעצויגען און ציה אין איינעם מיט אַלע משא... איך ווייס ניט וואָהין איך שלעפּ און וואָהין עס שלעפּט מיך, זעקס טעג אַרבייט איך ווי אַן אָקס... איך האָב קיין צייט ניט צו דענקען, ניט צו טראַכטען, ניט אפילו צו לעבען... איך דענק נור פון איין זאַך: וועל איך האָבען מיט וואָס צו דערנעהרען זיך?...

גאַנץ פריה גאַה איך אָוועק און שפּעט קעהר איך זיך אום... איך בין געוואָרען שלאַף, דער פּנים האָט זיך אויסגעצויגען, די פּיס ציטערען אָפּט... דאָס איז שוין איצט, אַז איך בין נאָך ניט אַלט... וואָס זשע וועט זיין מיט מיר אויף דער עלטער?... ווי עס קומט זונטאָג, ציהט מיר די קליפּה אין ביער־סאַלון... איך וויל זיך פערגעסען אָן אַלעס... מיין אָרעמע פרומע שרה'קע און מיינע קינדער זיינען נאָך דאָרטען... נור איך דענק פון זיי אויך זעהר זעלטען... בּיסלעך ווייז האָב איך זיך פון זיי דערווייטערט... די צרות און דער נויטה האָבען מיך געצוואונגען נור צו דענקען פון זיך... דאָך טרעפט זיך אַמאָל, אַז איך דערמאָן זיך אויף דעם וואָס איז אַמאָל געוועזען, אויף דעם, וואָס איז שוין אָוועק, פערלאָרען... איך דערמאָן זיך וואָס פאַר אַ פריש ווינטעלע עס האָט געוואָיעט אין יאַגידיוועקע... ניט ווייט פעלדער... אומעטום בוימער... אין דער מינוט הויבט מיך אָן צו ציהען פון דעם ניו יאָרק... עס ווילט זיך מיר זעהן אַ שטיקעלע הימעל, אַ גרין בוימעלע, אַ בערגעלע בע־עקט מיט גראָז... אַך! אומזיסט! איך זעה נור הויכע, זעקס־עטאַזשנע קאַזאַרמעס, איך זעה נור דונקעלע וואָלקענס פון רויך און שטויב, הער נור עס קלאַפּען די רעדער און פייפען די מאַשינעס! יאָ! איך האָב געכאַפּט דעם גליק פאַר'ן עק!...



# דער בעל חוב.

(א דראמאטישע סצענע).

---

פערזאָנען:

מר. אוירבויך, א ריעל עסטייטניק רויט, געזונד, דיק.
מרס. פריעדמאַן.
דער מלאך המות.

(א דייגינג־רום ביי אוירבויך. עס איז נאכט לאָמפּען ברענען. זעהר ריינע מעבעל. אוירבויך האָט ערשט אָבגעגעסען סאפּער. ער גיסט זיך אָן פון פלאש א גלאָז רויטען וויין, טרינקט לאנגזאם און דאן פעררויכערט ער א סיגאר. ער איז זעהר אויפגערעגט).

---

אוירבויך: הא? מיר דאכט זיך מע קלאפּט. (מע קלאפּט אין טהיר) קאָם אין! (מרס. פריעדמאַן קומט) אה, מרס. פריעדמאַן, העלאָ! העלאָ! ווי געהט עס? זיצט.

מרס. פריעדמאַן: דאנקע. (זעצט זיך.) (זי איז זעהר טרויעריג).

אוירבויך: וואָס גיבט עס נייעס?

מרס. פריעדמאַן: קיינע נייעס. איך בין געקומען צו אייך רעדען וועגען...

אוירבויך: ווי איך זעה, זייט איהר געקומען רעדען וועגען ביזנעס... פאר וואָס זייט איהר ניט געקומען צו מיר אין אָפּיס?... וועגען ביזנעס דארף מען רעדען מיט מיר נור אין מיין אָפּיס... איך

קום אהיים מיער, איך וויל זיך אָברוהען. איהר האָט עפּיס א בעגריעף, וויפיעל א ריעל עסטייט־מאן הארעוועט זיך אָן פּאר א גאנצען טאָג!... דעם דארף מען אָנרעדען, ער זאָל קויפען, דעם צווייטען דארף מען איינשמועסען ער זאָל פערקויפען... דעם וואָס פערקויפט, דארף מען ווייזען שווארץ אויף ווייס, אז איהם לוינט זיך ניט צו האלטען אזא פּראָפּערטי. דעם וואָס קויפט דארף מען איבערצייגען, אז די זעלבע פּראָפּערטי איז א גאָלד־גרוב. מיט יעדען פון זיי דארף מען רעדען, ארגומענטירען, טענה'ן, שווערען זיך, ברענגען בעווייזע. יעדע מינוט לויפען צום טעלעפאָן... איהר פערשטעהט? חא! חא! אויבען, איבער מיין אָפּיס, זיצט מיין קלערק און קלינגט... דער קונה זיצט לעבען מיר און ווארט... דין! דין! דין! העללאָ! העללאָ! איז דאָס דער ריעל עסטייט אָפּיס פון אוירבויך? פרעגט דער גנב, מיין קלערק, יא. — וועגען דאָס הויז? — אה, איך קען וועגען דעם הויז יעצט ניט רעדען, ביי מיר זיצט יעצט א קונה... הא! איהר גיט 32 טויזענד פאר'ן הויז? זעהר א שעהנע פּרייז... אָבער דער וואָס קויפט איז מיינער א גוטער פריינד... איך האָב איהם געזאָגט די פּרייז איז 30 טויזענד און קען ניט נעהמען מיין וואָרט צוריק, סיידען ער וועט זיך אליין ענטזאגען. גודבאַי... איהר הערט? זאָג איך צום קונה מען גיט שוין 32 טויזענד... דין! דין! דין! העללאָ! העללאָ!... וועגען הויז? יא!.. הא? איהר ווילט געבען 33 טויזענד... חא! חא! דאָ דערשרעקט זיך דער קונה און כאפּט אויף גיך די מציאה... אוי! מיינט ניט, עס איז גרינג צו מאכען א לעבען. (טרינקט וויין).

מרס. פריעדמאַן: העררר אוירבויך, איך האָב געוואָלט מיט אייך רעדען...

אוירבויך: וועגען ביזנעס קען מען מיט מיר רעדען נור אין אָפּיס. וואָס ווילט איהר, איך זאָל צאָהלען אומזיסט רענט פאר מיין אָפּיס? יא, איהר ווייסט, איך בין דאָ איצט אליין אין גאנצען הויז מיט צוויי דיענסטען... אונזערע אלע זיינען אין לאָנג ברענטש...

מרס. פריעדמאַן: מר. אוירבויך, ענטשולדיגט, איך מוז מיט אייך רעדען...

אוירבויך: איהר האָט געדארפט זעהן, וואָס פאר א קאטעדזש איך האָב געקויפט פונקט געגען דעם אָשעאַן איהר זאָלט זעהן... א וויו! או! או! פּראכטפאָל!

מרס. פריעדמאַן: געוויס, אייער פרוי און אייערע קינדער קען־נען זיך שעצען גליקליך, אָבער איך... און מיינע קינדער...

אוירבויך: זעהט איהר דאָך... איך מוז דאָ זיין אליין א גאַנצע וואָך, נור שבת און זונטאָג בין איך מיט זיי... די ביזנעס לאָזען מיך ניט לעבען... מע מוז שווער ארבייטען... (טרינקט).

מרס. פריעדמאַן: מר. אוירבויך, איך וויל פרעגען, וואָס הערט זיך וועגען מיר? איך...

אוירבויך: (בייז) איך האָב אייך געזאָגט, וועגען ביזנעס וועט איהר רעדען מיט מיר אין אָפיס!

מרס. פריעדמאַן: ווען איך קום אין אָפיס זייט איהר, ווי אונ־מיסטען, זעהר שטארק בעשעפטיגט... איהר קלינגט ביים טעלעפאָן, איהר שרייבט, איהר רעכענט, איהר לויפט, איהר שרייט... ביז וואַנען נאָך וועל איך געהן צו אייך? עס מוז דאָך געהמען אן ענדע...

אוירבויך: ווער הייסט אייך געהן? איהר זאָלט פערשטעהן ביז־נעס, וואָלט איהר שוין לאַנג אויפגעהערט צו געהן... איהר האָט שוין לאַנג געדארפט פערשטעהן, אז עס האָט שוין גענומען אן ענדע...

מרס פריעדמאַן: וועה איז מיר! וואָס מיינט איהר?...

אוירבויך: וואָס זאָל איך מיינען? עס איז גאַנץ איינפאַך, איהר האָט אינוועסטעד אייער געלד אין ריעל עסטייט און עס איז געוועזען א פוילער... עס איז א גאַנץ געוועהנליך זאַך...

מרס. פריעדמאַן: א שעהנע בשורה, וועה איז מיר! וועה איז מיר! (פערברעכט די הענד און וויינט).

אוירבויך: צום טייפעל! א פערגניגען צו האַנדלען מיט א אי־דענע, וואָס האָט קיין בעגריעף ניט וועגען ביזנעס...

מרס. פריעדמאַן: האָט איהר מיר אליין ניט געראַטהען?...

אוירבויך: עס איז ניט געלונגען, האָט איהר פערלוירען. דאט'ס אָלל. דערויף איז דאָס ביזנעס.

מרס. פריעדמאַן: די פינף טויזענד בעלאַנגען ניט צו מיר, דאָס איז אלעס וואָס מיינע יתומים פערמאָגען... דאָס איז יתומישע געלד.

אוירבויך: מרס. פריעדמאַן, ביזנעס איז ניט קיין טשאַריטי... דאָ העלפט ניט קיין רחמנות.

מרס. פריעדמאַן: איהר זייט אליין געקומען צו מיר און איהר האָט מיך צוגערעדט...

אוירבויך: איך זאָל ניט צו־רעדען, וואָלט איך קיין מאָל ניט געמאכט קיין ביזנעס.

מרס. פריעדמאַן: איהר האָט מיר פערשפּראָכען...

אוירבויך: ווייס איך וואָס מען פערשפּרעכט... אָט צום ביי־שפּיעל, האָב איך פערשפּראָכען מיין דאָקטאָר ניט צו טרינקען קיין וויין... ווייל ער שרעקט מיך אלץ מיט דער אַפּאָפּלעקסיע און טרינק שוין די צווייטע פלאַש באָרדאָ... עס איז אומעטיג צו זיצען אליין אין דער היים, טרינק איך מיר אַ ביסעלע וויין. (טרינקט) וואַרפט ארויס פון קאָפּ די אלע נאַרישע געדאנקען... וואָס זאָל מען טאָן? פערלאָרען איז פערלאָרען... מע קעהרט ניט אום צוריק קיין טויטען פון בית עולם...

מרס. פריעדמאַן: פערגעסט ניט, איהר וועט אויך אמאָל שטאַר־בען, ווי מיין אונגליקליכער מאַן... ער איז געווען אייער פריינד און דערפאַר האָב איך אייך געגלויבט... זיין ביסעל געלד איז געווען פערהאָרעוועט מיט בלוט און שוויים... זיין לעבען איז געווען פערזוי־כערט פאַר זיינע קינדער און אַזאַ געלד האָט איהר ביי מיר גע־רויבט...

אוירבויך: גערויבט גאָר? נאָנסענס!... וואָס הייסט גערויבט? ביזנעס איז ביזנעס...

מרס. פריעדמאַן: האָט איהר ניט געשוואָרען, אַז דאָס געלד וועט זיין גאַנץ?

אוירבויך: איהר האָט מיר אַזוי ניט געוואָלט גלויבען, האָב איך געמוזט שווערען...

מרס. פריעדמאַן: געדענקט, מר. אוירבויך, איהר האָט מיר גע־זאָגט, אויב איהר וועט ניט קומען אליין צו מיר אַהיים און ברענגען דאָס געלד מיט'ן פּראָפּיט, זאָל צו אייך דער מלאך המות קומען!.. געדענקט איהר דאָס?

אוירבויך: ווי קען מען געדענקען אלעס, וואָס מע זאָגט, אַז מע האַלט גאַנצע טעג אין איין רעדען?...

מרס. פדיעדמאַן: יא! איהר האָט געזאָגט אויב איהר וועט ניט

קומען צו מיר אהיים מיט'ן געלד, זאָל צו אייך דער מלאך המות קו־מען! שעהן. הא?...

אוירבויך: בערוהיגט אייך, מרס. פריעדמאַן, שרייען איז ניט ביזנעס־מעסיג...

מרס. פריעדמאַן: יא, איך וועל שרייען! איך וועל אייך ניט לאָזען רוהען! איהר האָט בערויבט מיינע יתומים, גזלן! רוצח!... איהר האָט דאָך אונז אונגליקליך געמאכט! דאָס טוט אזוי א פריינד! אַן אייגענער מענש!

אוירבויך: מרס. פריעדמאַן, עקסייטמענט איז פאַר מיר פיעל געפערליכער פון וויין!... דער דאָקטאָר האָט מיר אַנגעזאָגט, אויב איך וויל זיך אָבהיטען פון אפאָפּלעקסיע זאָל איך זיך אָבהיטען פון עקסייטמענט...

מרס. פריעדמאַן: אה, איהר האָט מורא פאַר אפּאָלעקסיע? פאַר וואָס האָט איהר ניט מורא פאַר גאָט? פאַר וואָס האָט איהר ניט מורא פאַר מענשען?...

אוירבויך: (אויפגערעגט) לאָזט מיך צו רוה! איהר וועט קו־מען צו מיר אין אָפיס!

מרס. פריעדמאַן: פאַר וואָס האָט איהר ניט מורא פאַר די טרערען פון אן אלמנה? פאַר די ביטערע טרערען פון יתומים?...

אוירבויך: איך וועל מוזען רופען א פּאָליסמאַן! געהט אייך בעסער!

מרס. פריעדמאַן: מיין געלד! מיין בלוטיג געלד! מיינט ניט עס וועט אייך ווערען געשענקט.

אוירבויך: וואָסער געלד? איך בין אייך שולדיג? איך האָב ביי אייך געבאָרגט?

מרס. פריעדמאַן: ניין! ניט געבאָרגט, אויסגענארט! אויסגע־שווינדעלט!

אוירבויך: פאָרט פון מיין הויז!... (שטויסט זי) געהט געזונ־טער הייד! געהט!

מרס. פריעדמאַן: וואָס זאָלען מיר איצט טאָן? געהן מיט מיינע יתומים אין די הייזער?

אוירבויך: איך וועל אייך ארעסטען! וואָס הייסט, איהר קומט אין א פרעמד הויז?

מרס. פריעדמאַן: לעגען זיך אין גאס און שטארבען! וועה איז מיר! וועה! (וויינט).

אוירבויך: פאָרט פון מיין הויז! ארוים! פאָרט! פאָרט פון דאנען! (שטויסט זי ארוים. אב. שרייענדיג) טענות גאָר צו מיר! האָסט דו געהערט א נייעס... אזא מין עזעל!... האָסט געוואָלט רייך ווערען און האָסט ריזיקירט — האָסט דו פערלאָרען!... דערויף איז דאָך דאָס ביזנעס... צום טייפעל, ווי זי האָט מיך אויפגערעגט. (טרינקט וויין, זיינע הענד ציטערען) ביזנעס פיהרען מיט ווייבער דארף מען קיין מאָל ניט... זיי האָבען ניט קיין שכל דערצו... האָסט געהערט? זי קומט גאָר מאָנען ביי מיר דאָס געלד... א מאן פערשטעהט אם וועניגסטען, אז דאָס מאָנען איז איבריג... פו! ווי איך בין עקסייטעט... אזש אין האַלז איז טרוקען געוואָרען... איך וועל דאכט זיך נעהמען נאָך א ביסעל וויין (טרינקט א פולע גלאָז וויין) איך פיהל דאָס בלוט האָט מיר א קלאַפּ געטאָן אין קאָפּ אריין... אוי! (כאַפּ זיך פאר'ן קאָפּ) איך בין געקומען א הונגעריגער און האָב דאכט זיך צו־פיעל געגעסען... נאכדעם די צוויי פלעשער וויין און נאכדעם די אלמנה... איך וועל זיך בעסער א ביסעל צו־לעגען. (לעגט זיך אויפ'ן לאָנדזש דרעהט צו די לאָמפען. ס'ווערט דונקעל.) איך וועל כאַ־פען א דרעמיל. (קוקט אויפ'ן זייגער) וועל שלאָפען א שעה און פונקט ניין וועל איך געהן א ביסעל געמבלען... חע! חע! עס רופט זיך אזוי, אָבער עס איז ניט קיין געמבלינג־הויז, דאָס איז אונזער קלאָב... איהר מעגט מיר גלויבען, אין רוסלאַנד האָבען די גרעסטע פּריצים ניט אזעלכע שעהנע קלאָב־רומס, אזא רייכטהום... עס, טרינק, רויכער ווילסט שלאָפען? א שעהנער רייכער שלאָף־צימער... ווילסט א באָד? וואָס דו ווילסט... מען פערשפּיעלט טאקע א מאָל א זעכציג, זיעב־ציג, הונדערט, הונדערט און פופציג דאָלאר... דערויף איז דאָס אמעריקא... אין רוסלאַנד ציטערט מען איבער'ן גראָשען, עס קומט שווער אָן און אויסער דעם, מע שעמט זיך. דאָ זיינען מיר פריי. א מכה האָבען זיי שכל דאָרטען אזוי צו לעבען... חא! חא! חא!... אוי, מיין קאָפּ! וואָס זאָגט איהר פאָרט דערצו... אי!

ער ווערט אנשוויגען. פויזע. דער אָרקעסטער שפּילט פּיאַנאָ א טרויער מארש. א מענש אין שווארצען קומט

אריין שטיל, געהט צום לאַנדזש און שטעלט זיך אָב צו־
קאָפּענס.

אוירבויך: (רעדט שטיל, ווי פון שלאָף) ווער איז דאָרטען?

מלאך המות: דאָס בין איך.

אוירבויך: ווערט ביסט דו?

מלאך המות: איך בין דיין בעל חוב.

אוירבויך: (הויבט אויף זיין קאָפּ) מיין בעל חוב? איך קען דיך
ניט.

מלאך המות: וועסט מיך באלד קענען.

אוירבויך: וואָס ביסט דו געקומען?

מלאך המות: איך האָב דיר געבראכט, וואָס איך בין דיר שול־
דיג.

אוירבויך: איך ליעב ניט צו צאָהלען א חוב, אָבער נעהמען א
חוב — מיט פערגניגען. אָבער איך געדענק ניט... וואָס ביסט דו
מיר שולדיג?

מלאך המות: איך בין דיר שולדיג א וויזיט...

אוירבויך: (בייז) א וויזיט?! ווער ביסט דו? דו!... ביסט
געקומען שפּאָס מאכען?

מלאך המות: איך מאך קיין מאָל קיין שפּאָס ניט. ווילסט ווי־
סען, ווער איך בין? איך בין דער מלאך המות! (וואַרפט אראָפּ פון
זיך דעם שווארצען מאנטעל).

אוירבויך: (דערשראָקען) הא?... אוי! וועה איז מיר!... מערי!...
סעם!... איך בין דאָ אליין! איינער אליין!... מיינע אָלע זיינען
ניטאָ דאָ!... רעטעט! רעטעט! עס שטיקט מיך! מיינע אויגען זיי־
נען פול מיט בלוט... מיין קאָפּ איז שווער ווי בליי... רעטעט!..

מלאך המות: אומזיסט רופסט דו... קיינער קען דיך ניט רעטען
פון מיין האנד...

אוירבויך: וואָס ווילסט דו פון מיר?...

מלאך המות: איך בין געקומען צונעהמען דיין ארעמע נשמה...
פונקט ניין האָסט דו געוואָלט געהן אין דיין געמבלינג קלאָב... וועסט
פונקט ניין געהן פון דער וועלט, אין דער וועלט פון אייביגע פינס־
טערניס!... דו האָסט געשוואָרען, אויב דו וועסט ניט קומען צו דער
פרוי, וועט קומען צו דיר דער מלאך המות... בין איך געקומען...

אוירבויך: (וויינט פון שלאָף) אָ־אָ־אָ! ביסט געקומען?... איך וויים, דו האָסט רחמנות אויף דער ארעמער אלמנה, דו האָסט סימפּאטי מיט איהרע ארעמע יתומים. האָב רחמנות אויף מיר... איך בין נאָך ניט אלט... איך וויל נאָך לעבען... האָב רחמנות אויף מיין פרוי און קינדער... האָב מיטלייד מיט אונז... אה, ערבארעם זיך אויף אונז!...

מלאך המות: רעדט דאָס צו מיר א ביזנעס מאַן?... ביזנעס איז ווייט פון רחמנות, סימפּאטי, מיטלייד.... איך, דער מלאך המות, בין דער ריכטיגער פּראָקטאַקטיש פון אן אמת'ן ביזנעס מאַן... מיך קימערען ניט קיין טרערען, ריהרט ניט קיין געבעט, קיין סימפּאטי, קיין מיטלייד... מיר איז גלייך אלמנה, יתום, רייכער, אָרעמאַן, שטארקער, שוואכער... איך טו מיין ביזנעס, ניט אכטענדיג אויף קיינעם און ניט אָבשטעלענדיג זיך פאר קיין זאך... איך בין דורך און דורך ביזנעס מאַן און ביי מיר איז טיים מאָנעי... ניכער, פּאַרבערייטע זיך צום טויט... איך האָב קיין צייט ניט... באַלד שלאָגט דער זייגער ניין...

אוירבויך: ניין, ניין! איך וויל ניט שטארבען!... איך וועל זיך אָברעכענען מיט דער אלמנה, איך וועל אומקעהרען ביז א סענט... הער מיך אוים!... זאָגסט, ביסט א ביזנעס מאַן, דו דארפסט פערשטעהן, אז מיט דער אלמנה האָב איך נור געמאכט א פאלשע רעכנונג... מיר וועלען זיך יעצט בערעכענען... איך בעט דיך... אוי! איך בעט דיך.

מלאך המות: וואָס נעהט מיך אָן די אלמנה? איך בין געקומען מאכען ביזנעס און וועל אָהן ביזנעס פון דאנען ניט אוועק־געהן... אָברעכענען זיך און דורכקוקען די חשבונות דארף מען בעפאָר איך קום — איצט איז שוין שפּעט... דו שטארבסט.

אוירבויך: שפּעט?... קיין זאך וועט ניט העלפען? איך מוז שטארבען? מיר וועט ניט העלפען ניט מיין געבעט, ניט די טרערען פון מיינע אונגליקליכע קינדער, ניט דער געוויין פון מיין ארעמער פרוי?... שטארבען פלוצלינג, שטארבען איידער איך האָב זיך פּאַרבערייטעט צום טויט? שטאַרבען, איידער איך האָב זיך אָבגעגעבען א חשבון צו ליעב וואָס האָב איך געלעבט! אָה. שענק מיר, נאָך עטליכע יאָהר... איך בעט ניט קיין סך, נור עטליכע יאָהר... (וויינט).

מלאך המות: ניין!

אוירבויך: איין יאָהר!... ניין? עטליכע חדשים... שענק מיר עטליכע חדשים... איך מוז סעטלען פיעלע געשעפטען, אָברעכענען זיך... קריגען מיין קאָמישיאָן... ברענגען אַלעס אין אָרדנונג... עטליכע חדשים נור!...

מלאך המות: ניין! דיין לעבען וועט זיך ענדיגען פונקט אין דעם אויגענבליק ווען דער זייגער וועט שלאָגען ניין...

אוירבויך: (כאַפּט זיך אויף פון לאַנדזש, ווי א פערוווירטער) ניין! איך וועל ניט שטאַרבען! איך וויל ניט שטאַרבען! איך וועל קעמפּפען מיט'ן טויט! איך וועל קעמפּפען פיר מיין לעבען!.. ווער זאָגט עס, איך וועל שטאַרבען?... איך בין ניט קראַנק! איך בין געזונד ווי א ריעז, שטאַרק ווי א פעלז!.. איך לעב! איך פיהל אין זיך אַלע מיינע קרעפטע! ווער וואגט עס צו זאָגען, אז איך שטאַרב?! פאָרט פון דאנען! ארויס פון מיין שטוב! פאָרט פון מיין הויז! פאָרט! (ער מאַכט מיט־די הענד אויפ'ן מלאך המות. דרעהט אויס די לאָמפּען. עס ווערט ליכטיג. דער מלאך המות פערשווינדעט). הא? (קוקט זיך ארום.) וואָס האָט זיך מיר אויסגעוויזען? עס איז געוועזען א טרוים... עס איז געוועזען א נאַררישער חלום... און איך, נאַרר... חא! חא! הא!... דערשראָקען זיך פאר'ן טויט, הא? חא! חא! חא! עס איז דערפאַר, ווייל איך דענק שטענדיג פון דער אפּאָפּלעקסיע (ער שרייט פלוצלונג אויס): אוי, אוי! (כאַפּט זיך ביים טיש ער זאָל ניט פאַלען) זעה, נור, מיר האָט זיך אויסגעוויזען, ער האָט מיך א הויב געטאָן אין דער הויך און איך האָב אָנגעהויבען זינקען אראָפּ... פוי! א קאַלטער שוויים, האָט מיר באדעקט דעם שטערן. נו'ם איך זיך בעסער צוזעצען... איך וועל זיך אָברוהען א ביסעל און ארויסגעהן אויף דער פרישער לופט (זעצט זיך און שפּארט אונטער דעם קאָפּ. פּויזע. דער זייגער שלאָגט לאנגזאם ניין מאָל. ער כאַפּט זיך פלוצלינג אויף). דער זייגער שלאָגט ניין! מיין קאָפּ... מיך שטיקט!.. די אפּאָפּלעקסע! דער פּאַראַליטש!. . די אפּאָפּלעקס... (פאַלט צו דער ערד, ראנגעלט זיך מיט'ן טויט, און שטאַרבט).

פּאָרהאַנג.

# דער אָרגעל בלאָזער.

### אָדער

## דער קאָמישער סטרייק.

---

**א היסטאָרישע געשיכטע פון א רעפאָרמיטען טעמפעל אָפטאון.**

---

.1

דער הויך־אויפגעקלערטער רעוורענד, דאָקטאָר אייבראהאם־איי־זיק סמיקענבייכלער האָט ערשט געענדיגט זיין גלענצענדע פרעדיגט. ער האָט געדרש'ענט אויף דעם פסוק פון בלק: „ויפתח ד' את פי האתון" — גאָט האָט געעפענט דעם מויל פונ'ם עזעל...

דער הויכווירדיגער דאָקטאָר אייבראהאם־אייזיק סמיקענבייכ־לער האָט זיך ניט בעגנוגענט מיט דעם, וואָס ער רעדט צו די מעמבערס פון זיין קאָנגרעגיישען, — ער האָט געוואָלט היסטאָריש, וויסענשאפט־ליך און נאטור־פילאָזאָפיש איבערצייגען און ערקלערען, ווי אזוי דער אַלמעכטיגער האָט געעפענט דעם מויל פונ'ם עזעל, ווי אזוי דער עזעל האָט געהאַלטען א ספיטש צו בלעם'ן און ווי בלעם, אנשטאָט צו ווערען גוט און פרום פון דעם עזעלס פרעדיגט, האָט איהם (ניט דעם רעוו־רענד, דעם עזעל) געגעבען שמיץ, ווי אין פסוק שטעהט...

עס איז געוועזען היים און דאָך האָבען די דייטשע יהודים אָנגע־שטרענגט אַלע כחות פון זייער געהירען צו פערשטעהן גוט די טיעפ־זיניגע פילאָזאָפיע פון דעם עזעל, וואָס רעדט, דאָס הייסט: וואָס רעדט אין דער ביבעל, נור דער שמש האָט עטליכע מאָל א פייף געטאָן מיט דער נאָז צו אָרטאָדאָקסיש, און דער וויצע פרעזידענט, אן עכט דייטשער יהודי מיט א כפלשמונה'דיגע „נאזע" און מיט צוויי באקענ־בארדען, ווי צוויי צוגעקלעפטע „ווילקאָטלעטס" — האָט עטליכע מאָל

א טייטעל געטאן מיט'ן קאפ צום ארון קודש. אויסער די צוויי אונגליק־ליכע, וועלכע האבען פערשלאפען כמעט א האלבע דרשה פונ'ם „עזעל" האבען אלע געהערט און זיך בעלערנט. איין אלמנה אין א לאנגען שווארצען שלייער האט זיך פונקט ביי דעם פסוק דערמאנט אן איהר געזעליגען און האט זיך זעהר ביטער צו־וויינט... מיט איין ווארט דער דאקטאר אייבראהאם־אייזיק סמיקענבייכלער האט געענדיגט, ער האט מיט איין האנד א גלעט געטאן זיין וויסען קראוואטעל, מיט דער אנדערער האנד און מיט די אויגען געשיקט דעם אלמעכטיגען א „מאיא פאטשטעניע" (בלע"ז וועט עס הייסען כ:מעט ווי „האו דו יו דו, רבונו של עולם?") און האט זיך א צופריעדענער אנידערגע־זעצט. דער חזן האט שוין אויסגעריינינגט זיין כלי מיט א ברייטען באסען־הוסט און האט אנגעהויבען: „קומה ד' ויפוצו"... דער ארגעל שווייגט... דער חזן ווארפט פייערדיגע בליקען צום ארגאניסט ארויף אויף דער גאלעריע. דער ארגאניסט טאפעט מיט די פיס האסטיג און וויגט שטארק זיין גאנצען קערפער — דער ארגעל שווייגט. דער פרעזידענט זאגט: „נון?" דער וויצע פרעזידענט מורמעלט: „וואס איז דהע מעטער?" די מעמבערס פון דער קאנגרעגיישאן פערגעסען פון ערשטוינונג די גאנצע געשיכטע פונ'ם עזעל און דער ארגעל שווייגט...

.2

דיעזע היסטארישע געשיכטע האט זיך געטראפען אין דעם בע־קאנטען טעמפעל „מי יתן מציון". דער טעמפעל האט געהאט זעהר גרויסע הוצאות. דר. אייבראהאם־אייזיק־סמיקענבייכלער אליין האט געקאסט פיער טויזענד דאלאר א יאהר און א חוץ איהם, האבען געזונ־גען צוויי איירישע שיקסעס, מיט א באס, מיט א טענאר... היינט דער חזן, דער ארגאניסט, דער שמש, דער סעקרעטער, בלומען צום קאמפירמאציאן, כלי זמר צו כל נדרי, האמבורגער סטייקס יום־כפור און אנדערע רעליגיעזע בעדירפניסע... אבער אזוי ווי דער ארגעל שפילט נור דאן, ווען א בלאזער שטעהט אויפ'ן בוידים און בלאזט ארויס פון בלאז־זאק די געטליכע מוזיק צום גאטעס דיענסט, האט דער טעמפעל „מי יתן מציון" געהאט אן אלטען, גוטען, א ביסעל א

תם׳עוואטען נעגער מיט׳ן נאָמען דזשאַ־לינקאָלן־וואשינגטאָן־דזשעפער־סאָן־בראון, וועלכער האָט זעהר גוט געבלאָזען.

צו ווייל עס איז געווען זעהר היים און בלאָזען די געטליכע מו־זיק איז אפילו ווינטער זעהר אַ שווערע מלאכה, צו ווייל עס איז געגאַנ־גען די סדרה בלק — דער גוטער דזש־לינקאָלן־וואשינגטאָן־דזשעפער־סאָן־בראון, האָט אָבגעשפּילט שחרית און האָט צו מוסף אָפּיציעל ער־קלערט אַ סטרייק. — וואָט איז דהע מעטער מיט׳ן אידישען גאָט, האָט דער אָרגעל בלאָזער גע׳טענה׳ט צום סעקרעטער, וויל ער דען איך זאָל איהם בלאָזען פאר 75 סענט אלע תפלות.

מען האָט דעם סטרייקער בעפוילען ניט וואגען צו טענה׳ן און מען האָט פאָרטגעזעצט נאָך דער פּראָגראם. ווער האָט זיך געקענט ריכטען, אז דזשאָ, דער אַלטער דזשאַ־לינקאָלן־וואשינגטאָן־דזשעפערסאָן־בראון, וועלכער האָט אזוי פיעל יאָהר געשוויגען, געבלאָזען און ווי אַ קנעכט געניינט זיך צו אלע אָפּיסערס פון „מי יתן מציון״, — דאָס דזשאָ זאָל זיך ערלויבען אזא שוויינערייַ פונקט ביי „קומה ד׳ ויפוצו?״...

עס איז אָבער געשעהען. דער פּרעזידענט צופּט מיט צאָרן זיין וואָנציע, דער וויצע פּרעזידענט קייט זיין באקען־באָרדיגע „ווילקאָמ־לעט״. דער חזן קוקט מיט אַ רחמנות׳דיגען פּנים אויפ׳ן אָרגאַניסט, דער אָרגאַניסט טרעט מיט די פיס ווי אַ פערד אין אַ טרעט־מיהל און דער אָרגעל לאָזט נור ארויס אַ לאנגען זיפץ און שווייגט... ניטאָ קיין מוזיק — דער אָרגעל בלאָזער דזשאָ לינקאָלן וואשינגטאָן דזשע־פערסאָן בראון סטרייקט.



# סעי, יוקעל, וואָס איז רעאַליזמוס?

(הומאָרעסטקע.)

— סעי, יוקעל, איך בעט דיך, זיי א גוטער מענש און ערקלער מיר, וואָס איז רעאַליזמוס. איך וויים, דו פערשטעהסט די דאָזיגע אַלע זאכען, ביזט שוין אכצען יאָהר אין לאַנד און האנדעלסט אזוי לאַנג מיט הערינגג. איך שטוים זיך אָן, רעאַליזמוס דארף זיין זעהר א מיאוס'ע זאַך, אָבער וואָס דאָס איז וויים איך ניט. אונזערע פרומע חסידים און כשר'ע אידען פון די אידישע בלעטער שפייען מיט גאַל אויף דעם דאָזיגען רעאַליזמוס... איך אליין בין שוין אויך אזוי אין כעס אויף דעם דאָזיגען רעאַליזמוס, אז איך וואָלט איהם פשוט עוקר מן השורש געווען און וואָס דאָס איז, וויים איך ניט. סעי, יוקעל, וואָס איז רעאַליזמוס?

— רעאַליזמוס איז אזא זאַך, וואָס זאָגט וועגען דער זאַך, וואָס די זאַך איז און וואָס די זאַך האָט. כדומה למשל, צום ביישפיעל, נעהם א הערינגג. דו קענסט זאָגען: מר. יוקעל, גיט מיר א הערינגג, קענסט זאָגען: מר. יוקעל, גיט מיר אזא זאַך, וואָס איז אמאָל געווען א פיש און איצט איז דאָס א געזאַלצענעס. ווען אָבער דו וועסט זאָגען: מר. יוקעל גיט מיר אזא חיה וואָס האָט א קאָפּ מיט אן עק און וואָס מע עסט מיט ציבעלע — איז דאָס שוין רעאַליזמוס און איך מעג דיך שוין נעהמען פאר'ן קארק און ארויסוואַרפען ווטרי שעי פון סטאָר ארויס.

— איך וויים ניט, יוקעל, פאַר וואָס קומט דאָס מיר?

— וואָס הייסט, דו קומסט צו אן עהרליכען פרומען אידען אין סטאָר און זאָגסט איהם אזעלכע זאכען, ווי קאָפּ, עק, ציבעלע!? דאָס קען זיך נור ערלויבען א'ן אנטיסעמיט, א שונא ישראל!

— אָבער וואָס בין איך שולדיג, יוקעל, אז א הערינג האָט

פאַרט אַ קאָפּ מיט אַ'ן עק? מע טאָר ניט זאָגען דעם אמת?
— פאַרקעהרט, מע דאַרף נור רעדען וועגען דעם אמת: זאָגט דעם אמת, לעבט מיט אמת, זייט פרום מיט אמת, זייט גוט מיט אמת, היט אָב דאָס אידישקייט מיט אמת, — דאָס אַלעס מעג מען און מען דאַרף זאָגען, אָבער קאָפּ, ציבעלע, עק, חיה — דאָס איז רעאַליזמוס, דאָס דאַרף מען זיך שעמען צו זאָגען אין אַ סטאָר אָדער אין אַ בית־המדרש, דאָס קען מען זאָגען נור ביי זיך אין דער היים...
אַ הערינג האָט טאַקע אַ קאָפּ מיט אַ'ן עק, אָבער אז דו זאָגסט עס, ביזט דו אַ רעאַליסט און מע דאַרף דיר אויסזעצען די ציינער. היינט שטעל זיך פאָר, אז מה דאָך, אז אפילו פון אַ הערינג קען רעאַליזמוס אָנטאָן אזוי פיעל צרות, וואָס קען שוין זיין, ווען כדומה למשל, צום ביישפּיעל, עס איז גאָר ניט קיין הערינג, ניט קיין קאָפּ, ניט קיין עק, עס איז גאָר אַ איד, אַן ארויסגעבער פון אַ כל ישראל בלאַט. עס קען זיין, דו גלויבסט טאַקע, אז ער איז אַ גראָבער יונג, אַ חאַפּ־לאַפּ־ניק, אַ צבוע'יאַק וואָס וועט פערקויפען גאָט מיט זיין תורה פאַר צעהן סענט, פון דעסטוועגען אז דו שרייבסט צו איהם, דאַרפסט דו שרייבען: להרב הגאון, הצדיק, המושלם... ווארום אויב דו וועסט שרייבען: להגנב, הגראָבער יונג, הבייטעל שניידער מהור"ר וכו'. וועט עס שוין זיין אמת'ער רעאַליזמוס און דו ביזט שוין געגען כלל ישראל... היינט אויסער דעם, דאַרפסט דו וויסען, אז דער רעאַליז־מוס קלאַפּט איבער טהרת המשפחה, פונקט אַקוראַט ווי אַ קצב פּאַטשט איבער אַ לונג און לעבער. כדומה למשל, צום ביישפּיעל, עס איז דאָ אַ איד, וואָס שרייבט פּיעסינעס מיט רעאַליזמוס. זיין יעדע פּיעסניע איז אַ פּאַטש פונקט איבער'ן טהרת המשפחה. נעהם זיין פּלעי „סאַ־פּאָה"... איך האָב אַ פריינטיל זרח צימבעל... זיין פלונית'טע, פּעסי הינדע האָט געזעהן די דאָזיגע פּלעי. ווייסט דו וואָס עס איז געשעהן? זי איז געקומען אהיים און זאָגט, דיר־ניט, מיר־ניט: זרח צימבעל, פון היינט אָן וויל איך ביי מיר זאָל זיין אַ לאַ גאַריבאַלדי־דע־פּאָמפּאַדור פונקט ווי ביי סאַפּאָה... אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, זרח צימבעל איז ארויסגעשפּרונגען פון די כלים און איז אריינגעפּאָה־רען פּעסי הינדען מיט אַ פּאַטש... פּעסי הינדע האָט דאָך אָבער געזעהן דעם רעאַליזמוס, איז זי ברוגז געוואָרען און איז צוויי וואָכען, פּונקט אזוי ווי אין דער פּלעי, געשלאָפען מיט'ן פּנים צום וואַנד.

אַט האָסט דו דיר טהרת המשפחה. און ווער? דער רעאַליזמוס!...
וואָס מיינסט דו, דער כל ישראל וועט אויף אזא זאַך קוקען און וועט
שווייגען?... ער וועט דערלאָזען, אז ביי א כשר'ע אידישע טאָכ־
טער זאָל זיין א לא גאריבאַלדי דע פּאָמפּאַדור? אָבער גאָר ניט!
ווארום אז ניט ער, ווער וועט זיך זאָרגען פאר'ן טובת הכלל? וועה
איז מיר, אז ניט ער און געציל, וואָס וואָלט געוואָרען פון דער טהרת
המשפחה?!...

דער זעלבער רעאַליסטישער איד האָט זיך ערלויבט אָנצושרייבען
א פּיעסניע מיט'ן נאָמען „די יתומה"... אי, מאמע מיינע, וואָס
דאָרט טוט זיך רעאַליזמוס!... יעדעס וואָרט איז רעאַליזמוס, יעדע
שורה זאָגט דעם גאנצען אמת, וואָס די זאַך איז און וואָס די זאַך האָט.
דער סוף פון דער פּלעי איז, אז די אידישע יתומה, וועלכע זינגט
גוי'אישע פּיעסנעס, פער'סם'ט זיך מיט ביליגע שוועבעלעך. דו ווייסט,
וואָס פון דעם דאָזיגען רעאַליזמוס איז ארויסגעקומען? פרייטאָג
האָט מען געשפּיעלט די פּלעי צום ערשטען מאָל און שבת האָט זיך
שוין אַן איירישע שיקסע פער'סם'ט, מיט קארבאָליק, פון ברוקלין
ברידזש האָט זיך א ניגער אראָפּגעוואָרפען אין טייך אריין, אין וויל־
ליאַמסבורג האָט זיך א דייטשער בוטשער אויפגעהאנגען אויף א
שטריקעל און אין בראָנזוויל האָבען זיך דריי ריעל עסטייט דיעלערס,
(דו ווייסט דאָך, אין בראָנזוויל איז איצט א בום אויף ריעל עסטייט,)
נו, נו, האָבען זיך דריי ריעל עסטייטניקעס פער'סמ'עט מיט געז.
ווער האָט אומגעבראַכט די אַלע אונגליקליכע מענשען פון דער וועלט?
„די יתומה"! ווער האָט אויסגעטראַכט הענגען זיך, סם'ען זיך, שיסען
זיך, דערווערגען זיך, דערטרינקען זיך, דערשטיקען זיך? דער רעא־
ליזמוס! היינט פערשטעהסט דו שוין וואָס פאר א צרה דער רעאַליז־
מוס איז?

כדומה למשל, נעהם צום ביישפּיעל א איד. דער רעאַליזמוס
זאָגט: עס זיינען דאָ מאנכע אידען, וועלכע דאַוונען צו גאָט און קרי־
כען אין א פּרעמדע קעשענע; אזעלכע אידען, וועלכע זאָגען תהלים און
מאכען א פייער אין א טענעמענט הויז, וואו הונדערטער נפשות קע־
נען אומגעבראַכט ווערען, אזעלכע אידען, וועלכע שפּרינגען קדוש,
קדוש, קדוש! צום רבונו של עולם און פערקויפען אַלע אידען פאר
זעקס טויזענד דאָלאר א יאָהר; אזעלכע אידען, וואָס זינגען „אשת

חיל פאר קדוש און פאטשען דאס ווייב פאר הבדלה; אזעלכע אידען, וואס קריבען אויף די ווענד פיר טהרת המשפחה און פערגעמבלען אין די מיאוס'טע קלייזלעך זייער גאנצעס פערדיענסט און לאזען זייער ווייב און קינדער ליידען נויטה און ארמוטה. דו הערסט, וואס דער פינסטערער רעאליזמוס ערלויבט זיך צו זאגען וועגען אידען?

— אבער, יוקעל, צווישען אונז גערעדט, עס איז דען ניטא אזעלכע אידען?

— חמור! הערסט, דאס האב איך דאך דיר ערשט ערקלערט מיט'ן הערינג. א הערינג האט טאקע א קאפ, מיט אן עק, מע עסט איהם טאקע מיט ציבעלע, אבער דו דארפסט עס ניט זאגען, דו דארפסט עס ניט זאגען, דו דארפסט זיין אן ערעלמאן און זאגען: עס איז אזא זאך, וואס עס איז אמאל געווען א פיש און היינט איז דאס א געזאלצענעס. דאס זעלבע זאך מיט'ן אידען... דו דארפסט נור רעדען וועגען דער זאך, דו מעגסט אנרופען די זאך גופא, אבער זאגען וואס די זאך איז און וואס די זאך האט דאפסט דו ניט, ווארום דאס איז שוין רעאליזמוס און דערפאר דארף מען דיר שלאגען די צייהנער. נו, היינט, ווייסט דו שוין, וואס רעאליזמוס איז?

— יא, יוקעל, איך ווייס. אויב אימיצער וועט מיך פרעגען, וואס איז רעאליזמוס? וועל איך זאגען, נעהם למשל, צום ביישפיעל א הערינג... איך ווייס שוין... אי, יוקעל, וואס וואלטען מיר פראסטע מענשען געטאן, אז דו און אזעלכע ווי דו וואלטען ניט געזארגט פאר אונז און וואלטען אונז ניט ערקלעהרט וואס רעאליזמוס איז? און טאקע, מע זאל דערצעהלען וואס די זאך האט, וואס וואלט געווארען פון אונזער טהרת המשפחה? מע זאל זאגען, וואס די זאך איז, וואס וואלט געווארען פון אונזער אידישקייט?... אחינו בני ישראל, כל־זמן דאס אידישקייט און די טהרת המשפחה האבען אזא מליץ יושר ווי יוקעל, האבען מיר ניט וואס מורא צו האבען פאר'ן רעאליזמוס! פערלאזט אייך אויף יוקלען און שלאפט רוהיג... א גוטע נאכט!...

# ר׳ יענקעל בעל תשובה דערצעהלט די וואַרהייט.

(הומאָרעסקע.)

---

די הייליגע מלאכים און די גאַנצע פמליא של מעלה האָבען ביטער געוויינט און געווישט זייערע טרערען מיט א צוריסענעם שווארצען פרוכת: רבש״ע! עס איז דאָ אויף דער וועלט א שעדליכע זאַך, א געפעהרליכע זאַך, א צרה׳דיגע זאַך, א מגפה זאַך, א זאַך, וואָס, ניט דאָ אין די הימלען געדאכט, ניט אין קיין אידישע שטוב געדאכט, — א זאַך, וואָס רופט זיך... טפו! רעאַליזמוס!... און די דאָזיגע געפעהרליכע זאַך ווערט צוזעעט און צושפרייט צווישען די אידען דורך א געוויסען כופר בעיקר יעקב יעפימאָוויץ גאָרדין ימח שמו וזכרו. אמן! אמן! אמן!

שטעהט אויף דער קטיגר און זאָגט: פאַר דיזען יעקב יעפימאָוויץ גאָרדין דאַרף מען זיך נעהמען. ווען ער זאָל זיך בעניגענען מיט זיינע חברים די אפיקורסים, די פריידענקער, די פאָרגעשריטענע מחבלים, וואָלטען מיר געקענט נור קריצען מיט די צייהן און שווייגען. ער אָבער, א צרה איהם אין די ביינער, ער קריכט אויף צו די דאָזיגע אידען זאָגאר, וואָס וואָלטען קיין מאָל ניט געוואוסט, אז מען דאַרף זיין מענשען, אז מען דאַרף דענקען און פערשטעהן, מיט איין וואָרט, זאָגאר די אידען, וואָס לעזען די כשר׳ע „טאגעבלאט״...

ווי מען האָט דערמאָנט דאָס וואָרט „טאגעבלאט״ האָבען זיך אַלע מלאכים א כאַפּ געטאָן פאַר די נעזער און דער גרויסער מטטרון האָט אָנגעהויבען צו שרייען: עפענט אויף די פענסטער פונ׳ם הימעל און ברייננגט גיכער אָדעקאָלאָן מיט בשמים.

זאָגט דער קטיגר: מען דאַרף זיך נעהמען פאַר דעם דאָזיגען

צורר היהודים, מען דארף איהם צווינגען צו לערנען זיך דרך ארץ און אנשטענדיגקייט ביי די צוויי גרויסע זשלאָבעס פון „טאגעבלאט". מיט וועלכע מיטלען קען מען איהם צווינגען? אָדער אָנשרעקען אויף טויט די טאפפערע און בראווע מענעדזשערס פון די אידישע טהעאַטערע, אָדער וואַרפען אויף איהם מיט בלאָטע אַזוי לאַנג, ביז ער וועט ווערען אַן אמת'ער בעל תשובה.

לאַנג איז דעבאַטירט געוואָרען די פראַגע: די מענעדזשערס אָדער די בלאָטע? ענדליך האָט זיך אויסגעצייגט, אַז דאָס לעצטע מיטעל האָט אַלע „פּרעפערענסעס!" און מען האָט בעשלאָסען — מיט בלאָטע, און מען האָט געוואָרפען מיט בלאָטע אַזוי לאַנג ביז ענדליך יענקיל גאָרדין האָט תשובה געטאָן און איז פון יעקב יעפּימאָוויץ געוואָרען ר' יענקעלע בעל תשובה.

זאָגט ר' יענקעלע בעל תשובה: מיינע ברידער, איך וועל אייך דערצעהלען אַ מעשה'לע פון אַ טאַלאַנטפאָלען רוסישען שרייבער.

אַ פאָלק האָט געוואָהנט אין אַ ניעדריגען טהאָל, וועלכען מיר וועלען אָנרופען עמק הבכא, דער טהאָל פון געוויין. צו דיעזען טהאָל פון יאָמער און געוויין האָט די זונן ניט געקענט צוקומען מיט איהרע ליכטיגע שטראַהלען. דער טהאָל איז געווען אָבגעצוימט פון דער וועלט מיט אַ הויכען בארג, אויף וועלכען עס האָט געוואַקסען אַ געדיכטער וואַלד פון דערנער און פלעקער. אַן עוויגע פינסטערנים האָט געהערשט אין דעם יאָמערליכען טהאָל... אויף יעדען טריט און שריט זיינען געלעגען בלאָטעס מיט זומפּען. אַ שעדליכער דאַמפּף פלעגט געהן פון די דאָזיגע זומפּען און פלעגט פערפּעסטען די לופט. שעדליכע מיאזמען פלעגען פערגיפטען דאָס לעבען פון די אונגליקליכע מענשען. אין די בלאָטעס און זומפּען האָבען זיך געוויידעט שעדליכע ווערים און באַקטעריען... די מענשען זיינען געוועזען אויסגעקריינקט און פער'חושך'ט...

איינינגע פון דיעזען פאָלק, וועלכע האָבען געבענקט נאָך דער ליכטיגער זונן און נאָך דער פרישער לופט, האָבען זיך ענדליך בעשלאָסען צו העלפען זייערע אונגליקליכע קראַנקע ברידער... זיי האָבען גענומען שאַרפע רעאַליסטישע העק אין זייערע הענד, און מיט גרויסע סכנות זיינען זיי אַרויפגעקלעטערט אויפן הויכען באַרג, האָבען אָנגעהויבען קעמפּפען מיט די ווילדע חיות און האַקען די דערנער

פון דעם געדיכטען פינסטערען וואלד. עטליכע שטראהלען פון דער זונן האָבען זיך באלד דורכגעשלאָגען דורך דער פינסטערנים און האָבען בעלויכטען דעם פערפעסטעטען עמק הבכא... און אַלע מענשען האָבען מיט פרייד אויסגעשריען: ליכט! ליכט! ליכט!

זייער פרייד איז אָבער באלד פערשוואונדען. פון די זומפען האָבען זיך אויפגעהויבען נאָך מעהר שעדליכע טומאַנען, די ווערים און די שלענג זיינען געוואָרען אונרוהיגער און מעהר אויפגערייצט און די איינוואָהנער פון עמק הבכא האָבען אָנגעהויבען שרייען: הערט אויף צו האקען די דערנער! ווען עס איז געווען פינסטער האָבען מיר ניט געזעהן דיעזע אבשייליכע ווערים רעפּטיליען, זיי זיינען געלעגען רוהיג אין זומפּ.

זייערע אמת'ע פריינדע האָבען זיי אָבער געענטפערט... וועניגע שטראהלען האָבען אייך נור געוויזען אייערע צרות, האָבען געמאכט אונרוהיגער און געפעהרליכער די ווערים און באקטעריען, האָבען אויפגעהויבען נאָך מעהר מיאזמען פון די פערפעסטעטע זומפען... מעהר רעאַליסטישע העק! מעהר ארבייטער! מיר מוזען אויסהאקען אַלע דערנער וואָס פארשטעלען פון אונז די זונן... ווען די גאנצע זונן וועט בעלייכטען אונזער יאָמערליכען טהאַל, דאן וועט דאָס גאנצע אונגעציפער מוזען קראַפּירען, און אַלע בלאָטעס און זומפען וועלען אויסגעטרוקענט ווערען....

זאָגט יענקעלע בעל תשובה: איך בין זיך מודה ומתודה אז מיט זייער בלאָטע האָבען זיי מיך געצוואונגען תשובה צו טאָן... יא! איך טו תשובה, וואָס איך האָב וועניג געארבייט מיט מיין רעאַליסטישע האַק, וואָס איך האָב פערניכטעט פלעקער און דערנער... איך האָב וועניג געקעמפּפט געגען די, וועלכע ווילען מאכען פון דער אידישע גהעטאָ אן עמק הבכא!... צו וועניג ליכט האָבען מיר געבראכט, מיר האָבען נור די ווערים און די רעפּטילען געמאכט אונרוהיגער און גיפטיגער... מען דארף אזוי לאַנג האקען די דערנער און פלאָקענס ביז אַלע אונזערע ברידער וועלען דערזעהן דאָס ליכט דער ווארהייט, ביז עס וועט קיין מעגליכקייט ניט בלייבען, אז ליגנער און פּי׳רקויפּטע נשמות זאָלען זאָרגען פאר טובת הכלל, געמבלערס

און אויסגעלאסענע יונגען זאָלען זאָרגען פאַר טהרת המשפחה, גנבים און קעשענע שניידערס זאָלען פּרעדיגען פון מאָראל, איגנאָראַנטען און גראָבע יונגען זאָלען זיין דעם אידען׳ס וועגווייזער און פיהרער!...
מעהר רעאליסטישע העק! מעהר ווארהייט! מעהר ליכט!...



# פון מיין בריעפקאַסטען.

וואָס זעה איך ביי מיר אין בריעפקאַסטען? א בריעף פון דעם בעוואוסטען שאָפּ דעלעגאַט מיסטער הוזדאק! נו׳ם איך זעהען וואָס שרייבט ער.

מיין ליעבער פריינד!

„דו ווייסט גאָר ניט, קאמעראד, ווי גרויס מיין פריינדשאַפט איז צו דיר, זינד מיר האָבען אונז בעקאַנט אין שאָפּ ביי דעם „רוסי־שען אידען”. איך רוף דיך קאמעראד און פריינד ווייל זינד איך בין געוואָרען א באָס פאר זיך לאָך איך אויך אזוי ווי דו פון די יוניאָנס מיט זייערע פינסטערע קאָנסטיטושענס מיט זייערע ביטערע אָרגאַני־זיישענס. און ווען איך שטרייט מיט מיינע ארבייטער זאָג איך זיי גאַנץ אָפט: „זעהט, אפילו מיין גוטער פריינד (איך מיין דיך) לאַכט אויך פון אייך און זאָגט אויך, אז איהר דארפט ניט קיין שכל ווען איהר האָט א קאָנסטיטושאָן מיט א בעשלוס פון דער מאַדזשאָ־ריטי”.

„מיך פערדריסט זעהר וואָס איך בעגעגען דיך ניט בא מיסטער יוקעל בלינטשיק אין קאפע סאלון איך וואָלט דיך טראַקטירט מיט א „קאָפּ” קאפע און וואָלט דיר געזאָגט: יענקיל, רייב זיי א מאָרדע, די אלע יוניאָנס זיינען נור ווי א געשוויר אָף דער אָרגאַניזיישען פאָן דער געזעלשאַפט. זיי געהען גענען דער לאָו און גענען דער קאָנס־טיטושאָן. מיר פלאמען די אויגען ווען איך דערמאָן מיך, אז איך בין אמאָל געוועזען אין זייער באנדע און זייער פינסטערען אָרגאַניזיישאָן. און דיר מעג איך זאָגען בסוד: איך בין געוועזען אזא פערד, אז איך האָב מיר ערלויבט אמאָל מאַטשען מיט א רויטע פאָהן אין האַנד. חלילה, מען זאָל דאָס ערפאהרען ביי אונז אין דיסטריקט, וואָלט איך

געווים פערלאָרען מיין פּאָליטישען פּולל. אַלזאָ זיי געזונד און האָק די יוניאָנס ווי אין קרויט אריין. דערפאר אז גאָט וועט געבען מען וועט דיך אמאָל ארעסטען, וועל איך מיך פאר דיר אָננעהמען: דו האָסט עס כשר פערדיענט.

דיין פריינד, וואס האָפט נאָך פון דיר נחת האָבען.

מיסטער דזשאָן טודרוס הוזדאק עקסקווייר.

ווי איך האָב נור דורכגעלעזען מיין פריינד'ס הוזדאק'ס בריעף האָב איך באלד גענומען מיין פעדער און האָב איהם געשריעבען דיעזען אנטוואָרט:

מיסטער הוזדאק!

ווייל איך האָב קיין צייט ניט, וועל איך אייך ענטפערען קורץ און דייטליך. איהר רעכענט מיך פאר אייער קאמעראד עס איז געווים דערפאר, ווייל איהר האָט פערגעסען אז די גמרא זאָגט אין ברכות: „גוס סוויניע ניע טאָווארישץ" אין לשון קודש הייסט עס: אַ גאַנז מיט אַ חזיר זיינען קיין חברים ניט.

איך גלויב אייך אז איהר זייט געווען אַ פערד ווען איהר האָט געטראָגען די רויטע פאָהן און געמאטשט. דערפאר טאקע האָב איך געלאכט פון אייך און איך האָב געוואָלט אז אַלע זאָלען לאכען פון די הוזדאקעס וואָס טראָגען די רויטע פאָהן ווי פערד... רעספּעקטירען דארף מען נור די ארבייטער וועלכע ווילען זיין פאָרטגעשריטענע זעלבסט בעוואוסטע, אויפגעקלערטע, אָרענטליכע מענשען און איבער־צייגטע, טרייע און איבערגעבענע יוניאָן לייטע. „זיי אַ יוניאָן מאַן, אָבער זיי ניט קיין גראָבער יונג און קיין שלעכטער מענש!" דאָס האָט איך געזאָגט מיין יונגער פריינד נאטהאַן גרינשטיין און איהר האָט איהם ניט געפאָלגט און איהר זייט געבליבען אַ גראָבער יונג און אַ שלעכטער מענשען און זייט באלד אויס יוניאָן מאַן געוואָרען.

יא, אַ פערד זייט איהר געווען, ווען איהר האָט געפלאפּעלט מיט'ן מויל די ווערטער: „טרייד יוניאָניזמוס, פּרינציפּיזמוס, באָ־סיסמוז אונד סקעביזמוס" און אַ בהמה זייט איהר ווען איהר דענקט צו בעזיעגען אייערע ארבייטער מיט דעם וואָס די הוזדאקעס זאָגען אז מען דארף ניט קיין שכל ווען עס איז דאָ אַ קאָנסטיטוציאָן... פערקעהרט וואָס אָפּטער די ארבייטער וועלען הערען דיעזע ווערטער, דאָס גיכער וועלען זיי פערשטעהן, אז מען דארף נאָך האָבען שכל,

אז מען דארף טרייבען פון די יוניאָנס די הוזדאקעס, וועלכע האַלטען די פּאָהן ווי פערד, רעדען ווי אייזלען און האנדלען ווי גנבים און בעטריגער, דעסטאָ שטארקער וועט זיין זייער פעראייניגונג, דעסטאָ בעוואוסטער וועלען זיי געהן צו זייער ציעל, דעסטאָ שטארקער וועלען זיי זיין אין זייער קאמפּף געגען די, וועלכע ווילען ניט אנערקענען די פאָדערונגען פון גערעכטיגקייט! ארונטער מיט די הוזדאקעס!...



# עסעקס מאַרקעט פּאָלים קאָורט.

ענדליך בין איך זוכה געווען צו זיין אין א ניו יאָרקער דאון־טאונער פּאָלים קאָורט.

אין א מדינה וואו עס איז דאָ פרייהייט און עס עקזיסטירט דאָס בעריהמטע, „האבעאס קאָרפּוס" אין א לאנד וואו דער סיטיזען איז (דארף זיין) אלעס און אלעס איז דער סיטיזען; אין א לאנד, וואו גלייכהייט ווערט אויסגעדריקט אין דעם, דאָס אלט און יונג, פיינער מענש און גנב, קענען גלייך און לייכט ארדעסירט ווערען, קענען קריגען שטורכאקעס פון די פּאָליציי־מחבלים, קענען שלאָפען אין „קארדעגארדיע" און קענען ווערען געביילט, און געבאילט, אין אזא מדינה איז ניט מעהר שווער צו טרעפען אין פּאָלים קאָורט אריין. דאָך שרעקט אייך ניט, איך בין געווען נור אין דער מדרגה פון א „וויטנעס"... איך שווער אויף בנאמנות. עס איז שוין אויף גענוג...

אז איהר וועט נעהמען די פינסטערנים פון א רוסישע „פּאָלי־צעיסקי פּראוולעניע" ערגעץ אין א פערוואָרפענע קליינע שטעטיל, דעם ריח פון א מרחץ אין א חסידישען געגענד, די חוצפּה פון „טור־רעמשציקעס" אין א סיבירער אסטראָג, די העפליכקייט פון איירישע שכורים אין אקאבאק פון דער בויערי, די למדות פון באָד־יונגען אין א מאָסקווער שוויץ־באָד, דעם העלדענמוטה פון באשי־בוזוקעס אין א קריסטליכען דאָרף, די אָרענטליכקייט פון קארמאנשציקעס אין צייט פון א פּאראד, דאָס הירזשען פון פערד אויף א גרויסען יריד, די שמוציגקייט פון עסעקס סטריט אונטער דעם „רעזשים" פון טאַ־מאני האָלל, — אז איהר וועט דאָס אלעס נעהמען און דאָס כפל'ען אויף א געזונטען קולאק פון א טאלענטפאָלען פייטער, וועט איהר האָבען פאר זיך די אָפּבילדונג פון עסעקס פּאָלים קאָורט.

רבונו של עולם, וועלכע מאָרדעס, וואָסערע רויטע נעזער, וועל־

כע בוריאַנאַוואַטע וואָנצעס, וועלכע הייזעריגע קולות, וואָסערע גראָ־בילדיגע פינגער, וועלכע גנב׳ישע אויגען, וואָס פאר אַן ערשטיקענדע אַטמאָספערע! לאָיערס, פּראָסטיטוטקעס, סעקאָנד־הענדיגע פּאָליטי־שענס, פּימפּס, פּראָמינענטע דיסטריקט לידערס און באָמס, אַלטע שכורע פרויען, אויסגעלאַסענע קינדער, פערלאָרענע טרעמפּס, צוויאַט־רעטע יאַבעדניקעס, צולאָזטע גנבים, אונגליקליכע טרעמפּס, עזות פּנים׳דיגע פּאָליציסטען, שמוציגע שרייבער׳ס (פּיסמאָוואָדיטעלעס בלע״ז) מע געהט, מע קלאַפּט, מע רעדט, מע רויכערט, מע שווינדעלט, מע ווינקט, מע האַקט, מע קנאַקט, מע שטופּט זיך, מע רוקט זיך צום וואָג שאָל פון גערעכטיגקייט, מע שווערט מיט הייליגע שבועות, מע גיט כּאַבאַר, מע קייט טשו טאָבעקאָ און מע ציטירט די לאָו, מע קושט די ביבעל און מע שפּייט איבער׳ן לופט...

ווען מע זאָל ברייינגען אין אַ פּאָליס־קאָורט דעם גריעכישען פי־לאָזאָף סאָקראַט און מע זאָל איהם פרעגען: ווער געפעלט איהם בע־סער, אַ ווילדער עסקימאָס אָדער אַ ציוויליזירטער יענקי, וואָלט ער געוויס געזאָגט, דאָס די יענקים וועלען נאָך דאַרפען פיעל אַרבייטען און לערנען ביז זיי וועלען זיך אַרויפאַרבייטען אויף דער שטופע פון דעם עסקימאָסעס אָרענטליכקייט און אנשטענדיגקייט... פון האַלב קולטיווירטען מענשען. די גרויזאַמקייט און גראָבהייט פון זאַגענאַנטע סיטיזענס פון אַ פרייע רעפּובליק, די צרות פון הילפלאָזע און אונ־גליקליכע, אונוויסענהייט, אַרמוטה, נויט, טרערען, אויסגעלאַסענ־הייט, דעמאָראַליזאַציאָן, גייסטיגע און קערפּערליכע קראַנקהייטען, גראָבהייט, שמוץ — פון דעם אַלעם קריעגט איהר „פּראָבען" און מאָ־דעלען אין אַ ניו יאָרקער פּאָליס־קאָורט...

קוים האָב איך געענטפערט, ווי אַזוי מען רופט מיך, האָט מיך שוין איין מלאך חבלה געשלעפּט אָהן צערעמאָניעס ביים האַנד און דער אַנ־דערער האָט מיך געשטורכעט אין פּלייצע.. איך בין נאָך ניט צוגעגאַנגען צום כּסא הכּבוד פון דעם רעפּרעזענטאַטיוו פון „דזשאָסטיס", האָט שוין אַ דריטער מלאך חבלה אַ באַלאַבאָצע געטאָן מיט׳ן צונג און האָט מיר אונטער געטראָגען אַ פערשמאָלצענע שוואַרצע פּאָדעשווע, איך זאָל אַ קוש טאָן... איך האָב גאָר ניט געזאָגט, איך האָב ניט געקושט און דאָס האָט שוין געהייסען, איך האָב געשוואָרען...

וואָס פאר אַן ערניעדערונג פאר אַ מענשען וועלכער האָלט ניט

פון קיין שבועות. וואָס פאר א שאנדע פאר א מענשען, וועלכער גלויבט אין דער הייליגקייט פון א שבועה, וואָס פאר א מיאוסע קאָ־מעדיע פאר די אלע האלב געבילדעטע „פרייע" אונפרינציפיעלע לאָ־יערס, ביי וועלכע אין די מוחות איז צוזאמענגעמישט, ציוויליזאציאָן, אטהעאיזם, גאָט און טייוועל, פראָגרעס און דעגענעראציאָן, „פריי־דענקער" און אבערגלויבען, טאָלעראנץ און פאנאטיזמוס, די נייעס פון סענסאציאָנעלע צייטונגען און די נאכריכטען פון רייסעס, באקסעס, מיטינגס און פוט באָל פליים!

פע! ווי מיאוס, ווי עקעלהאפט, ווי שענדליך און ווי שמוציג...! און ווי טרויעריג דאָס איז, דאָס אונזערע ברידער זומען ארום אזא פלאץ, ווי א פאָלים־קאָורט פונקט ווי פליגען ארום א פאדלע. פריינ־דע, טוט עס נים!



# אַ „סמאָוקער"·

(אַ ניו יאָרקער סילועט).

.1

ווען ער איז אַ זייגער ניין ביי־נאַכט אריינגעגאַנגען אין דעם לאַנ־
גען שמאָלען זאַאַל, איז ער געבליבען שטעהן אַ פערוואונדערטער.
אַלעס וואָס איז געווען אין צימער איז געווען איינגעוויקעלט אין גאַנ־
צע וואָלקענס פון דערשטיקענדען רויך. איבער'ן רויך האָט זיך געטראָ־
גען אַ געטומעל פון פיעלע שרייענדיגע שטימען און אַ הילכיגער צי־
נישער געלעכטער. עטליכע הונדערט מענער זיינען געזעסען אין פער־
שיעדענע פּאָזען, האָבען געפיהרט אַ פרייען שמועס, און האָבען גע־
רויכערט. ווענינע פון זיי האָבען גערויכערט סיגאַרען, דער
גרעסטער טהייל האָט גערויכערט פון איינע און
דיזעלבע בילינע הילצערנע „פּייפּקעס". די אויפזעהער פון דער אונ־
טערנעהמונג האָבען איהם, אַלס נייעם גאַסט, זעהר פריינדליך אויפ־
גענומען, האָבען איהם גענעבען אַ שטוהל אין די ערשטע רייהען, ער
זאָל בעסער הערען און זעהן, און דער „רויכער־מייסטער" האָט איהם
באַלד דערלאַנגט אַ הילצערנע טרובקעלע, ווי ביי די איבריגע געסט,
און אַ קליינעם פּאַקעט מיט בילינע טאַבאַק. ווען ער האָט זיך אַ ביסעלע
בערוהיגט פון זיין ערשטע ערשטוינונג, האָט ער זיך אָנגעהויבען
ארומצוקוקען. געגען איהם איז געשטאַנען אַ הויכע הילצערנע פּלאַט־
פאָרמע, וועלכע איז געווען פערדראַפּירט מיט אַלטע געלע פאָרהאַנגען.
איין ווינקעל פון דער פּלאַטפאָרמע איז געווען אָבגעטהיילט מיט אַ
שפּאַנישען שירם. אין אַן אַנדער ווינקעל איז געשטאַנען אַן אַלטע
צובראָכענע פּיאַנאָ. אויף דער פּלאַטפאָרם וועט היינט פאָרקומען,
ווי מען האָט איהם פערזיכערט, עטוואָס איבערראַשענדעס. ארום איהם

זיינען געזעסען בעקאַנטע און אונבעקאַנטע ביזנעס־לייט, ריעל עסטייט בראָקערס, פּראָפעסיאָנעלע מענשען, פערמעגליכע סטאָרקיפּערס. זעהר וועניג בעיאָהרענטע מענשען, פיעל יונגע בעלי־בתים און ניט וועניג בחורים, נאָך גאָר אינגלעך. אַלע לויטער אידען, מיט אידישע, אַם מייסטען יאהודישע נעזער, מיט אידישע אויגען, מיט אידישע מינעס. אַלע האָבען גערעדט הויך, איינער דעם אנדערען איבערשלאָגענדיג. אַלע האָבען גערעדט נור „ענגליש" מיט א אידישען אָדער דייטשען אקצענט... איינער פון זיינע שכנים האָט זיך אָנגעבויגען צו איהם און האָט אין פאַמילארען טאָן געזאָגט: „בראָדער, די פּאָרשטעלונג וועט זיך אָנפאַנגען אין א פיערטעל שטונדע אַרום. נאָך ניט אַלע מיידלעך זיינען דאָ און מיר וועלען דארפען וואַרטען"... ער, אום צו האַלטען זיך אַלס אַן אייגענער, האָט אָנגעשלאָגען זיין פייפ מיט טאַבאַק, האָט זי פערדרויכערט און אריינגעשטעלט אין זיין מויל אין דער קרים און צוגעגעבען זיין פנים א שייגעצעוואַטען אויסדרוק. אָבער אין דער צייט וואָס ער רויכערט און וואַרט אויף דער פּאָרשטעלונג, וועלען מיר דערווייַלע דערצעהלען, ווער ער איז, וואו ער איז, און ווי קומט ער אהער.

## 2.

זיין נאָמען... וואָס איז דער חילוק ווי זיין נאָמען איז? דאָ אין ניו יאָרק איז זיין נאָמען לעגיאָן — ניט איין לעגיאָן, דאָ אין ניו יאָרק האָבען מיר לעגיאָנען און לעגיאָנען אַזעלכע ווי ער. ער האָט א גרויסען געשעפט פון האַלב־זילבערנע און בעזילבערטע זאַכען. און ווייל ער איז א סימפּאַטישער מענש און פיהרט זיך אַלס אַנשטענדיגער סוחר האָט ער פיעל קרעדיט, פיעל קונים און איז רייך. נאָך גאָר ניט לאַנג האָט ער געוואָהנט דאַון־טאַון, האָט זיך אינטערעסירט מיט שעהנע לשון־קודש'דיגע מליצה, מיט א גוטען אידישען ביכעל, מיט א שעהנע אידישע דראַמאַ, מיט א גוטען אַרטיקעל אין א אידישע ראַדיקאַלע צייטונג. ער האָט געפיהרט א רוהיגען שטילען לעבען, ווי אַן איינפאַכער פּראָווינציאַל, און האָט זעהר וועניג גע־וואוסט פון דער גרויס־שטאָדטישער „ציוויליזאַציע". ער האָט ניט גע־דענקט פון קיין אנדערע פרויען און האָט ניט געקענט קיין איינע, אוי־

סער זיין שווארץ־חנ'עוודיגע ווייבעל, איז ניט געגאַנגען ערגעץ־וואו אָהן איהר, און איז געווען אַן אמת'ער בן־בית. די חכמות פון זיינע קינדערלעך האָבען איהם אינטערעסירט מעהר פון אַלע חכמות אין דער וועלט, און דאָס פערגניגען צו זיצען אין דער היים איז געווען דאָס גרעסטע פערגניגען, פון וועלכען זיי קליינשטעטעלדיגער מח האָט געקענט האָבען אַ בעגריף. איצט וואָהנט ער אָפּ־טאַון.

יא, ער וואָהנט אָפּ־טאַון און רעדט שוין ענגליש, אָדער וועניגסטענס, דייטש. ער בעזוכט שוין נור ענגלישע טהעאטערע, און טאַקע דוקא אין אַ טאַקסידאָ מיט ווייסע הענדשקעס. נאָכ'ן ספּעקטאַקל געהט מען מיט די נייע בעקאַנטע אין גרויסאַרטיגע רעסטאָראַנען, וואו מוזיק שפּיעלט, לוקסוס גלאַנצט און געלד פליהט, אַלעס אויפ'ן הויכער שטייגער. פון אָנפאַנג שעמט ער זיך אַ ביסעל פאַר די לאַקעען און פיהלט זיך אונבעקוועם, אָבער ביסלעכווייז געהט ער אריין אין טאָן. די נייע פריינדע שלאָגען ביסלעכווייז ארוים פון איהם דעם פּראָווינציאַלען גייסט און מאַכען איהם פאַר אַ „ציוויליזירטען" מענשען. זיי לערנען איהם שפּיעלען אַ פּאָוקער און פערהאַלטען איהם שפּעט ביי אַ קערטיל. די נייע פריינדע האָבען איהם אויך געמאַכט פאַר אַ מיטגליעד אין אַן אריסטאָקראַטישע לאָדזש, וועלכע בעשטעהט אויסשליסליך פון פערמעגליכע ביזנעס־לייטע, ריעל־עסטייטניקעס, לאָיערס, פינאַנסיסטען און פּאָליטיקער. די הויפּט־אויפגאַבע פון דיעזער לאָדזש איז — געבען איהרע מיטגליעדער אַ „גוד־טאַים" דורך באַנקעטען, הוליאַנקעס און אַנדערע „עסטעטישע" אונטערנעהמונגען.

אויף דעם לעצטען מיטינג פון זיין לאָדזש איז געמאַכט געוואָרען אַ פּאָרשלאַג, אַז דער געוועהנליכער יעהרליכער סמאָוקער פון דער לאָדזש זאָל שטאַטפינדען פּורים. ווי עס זאָל ניט זיין, האָט דער לאָדזש־ברודער געזאָגט, מיר זיינען דאָך אידען און פּורים איז אַ יום טוב. זיין פּאָרשלאַג איז אויפגענומען געוואָרען מיט גרוים בעגייסטערונג און שטירמישע אַפּלאָדיסמענטען.

— וואָס איז מיט זיי די שמחה? — האָט געפרעגט אונזער נאָך אַלץ ניט אין גאַנצען „ציוויליזירטער" נייער מענש. דאָ האָט איהם אַ ברודער געגעבען די דאָזיגע ערקלערונג:

אויפ'ן סמאָוקער קומען נור מיר, די מענער. די קאָמיטע וועט

איינלאַדען מיידלעך, וועלכע וועלען אונז אַמוזירען. שאַ, שרעקט אייך ניט! האָט איהר דען ניט געהערט, ווי רייכע חתנים פאַר דער חתונה געבען זייער אבשיעדס־אַבענד צו זייערע פריינדע די בחורים? דער גרעסטער טהייל אין דעם פּראָגראַם פון אַזאַ אַבענד איז אַ מיידעל אין מוטער חוה׳ס קאָסטיום, וועלכע ווערט דערלאַנגט אין אַ קייק, און וועלכע טאַנצט נאָך דעם אויפ׳ן טיש אַ הוטשי־קוטשי טאַנץ. אין די רייכע קלובען ווערען אָפט געגעבען סמאָוקערס מיט אַזעלכע פּראָגראַמען. וואָס דאָרטען קומט פאָר איז שווער איבערצודערצעהלען. די מיטגליעדער פון אַזעלכע קלובען זיינען בעריהמטע מענשען, סאָלידע באַנקירען, גרויסע פּאָליטיקער. זיי קריגען דאָס בעסטע וואָס עס גיעבט אויפ׳ן מאַרקעט. אָבער דאָס קאָסט טייער. עס זיינען דאָ אַזעלכע אַגענטען, וואָס שטעלען צו די דאָזיגע „פּערפאָרמערס"... די אַגענטען נעהמען זעהר טייער פאַר אַזאַ סחורה, אָבער די מיידלעך קומט אָן זעהר ווייניג. אין ניו יאָרק ווערט יעדען אַבענד געגעבען צעהנדליגע אַזעלכע פאָרשטעלונגען, און איהר ווייסט עס גאָר ניט! אם ירצה השם פּורים ווילען מיר זיך אויך אַמוזירען. איהר וועט האָבען וואָס צו הערען און וואָס צו זעהן... פון דעם וואָס איהר וועט זעהן, וועלען אייך די אויגען פערפלאָמט ווערען און פון דעם וואָס איהר וועט הערען, וועט אייך קלינגען אין די אויערען.

ער האָט זיך געפיהלט זעהר שלעכט, ווען ער האָט היינט פערלאָזען זיין היים... אין שטוב ביי איהם איז געוועזען ליכטיג, פריילין, יום־טוב׳דיג. אַבוואָהל ער איז כמעט אָן אויפגעקלעהרטער, האָט ער דאָך גענעסען צום סאַפּער אידישע געפילטע פיש, קרעפּלעך מיט פלייש און אַנדערע אידישע דעליקאַטעסען. זיין שוויגער האָט איהם געשיקט זאָגאַר המן־טאַשען. זיינע קינדער האָבען געזונגען און געלאַכט, זיין שוואַרץ־חנ׳עוודיג ווייבעל איז געוועזען אַזוי שעהן אויסגעפּוצט... ער וואָלט געווים בעסער געבליבען אין דער היים — אָבער די פליכטען צו דער געזעלשאַפט! און אויסער דעם, די „ברידער" וועלען מיינען אַז ער האָט מורא, אַז ער שעהמט זיך און זיי וועלען לאַכען פון איהם.

איצט ווייסט איהר שוין פאַר וואָס מיר זעהען איהם דאָ מיט אַ פייפ אין מויל און מיט שלעכטע געפיהלען אין האַרצען. אויטאָמאַטיש רויכערט ער איין טרובקע נאָך דער אַנדערער. דער שלעכטער טאַ־

באַק, די פערגיפטעטע אַטמאָספערע ווירקען אַלץ מעהר און מעהר אויף זיינע נערוועז, און ער ווערט ווי פער'שכור'ט און בעטויבט.

.3

ענדליך ערשיינט אויף דער פּלאַטפאָרמע דער זעלבער „בעאַמ־טער" פון דער לאַדזש, וועלכער האָט נאָך גאָר ניט לאַנג עקזאַמע־נירט אונזער גאַסט, אויב ער איז זוכה צו זיין אַ מיטגליעד פון דעם גרויסען אָרדען, אויב ער גלויבט אין גאָט, אויב ער האַלט פון רעלי־גיאָן און לייקענט ניט אָב די אונשטערבליכקייט פון דעם מענשענס זעעלע, — איצט ערקלערט דערזעלבער בעאַמטער, אַז אַלע מאַמזעלען זיינען שוין דאָ, אַז די פאָרשטעלונג פאַנגט זיך באַלד אָן און אַז דער סופּרייז פון אבענד, די קרוין פונ'ם פּראָגראַם קומט צום לעצטען.

די פאָרשטעלונג פאַנגט זיך אָן.

עס געהט אַרויס אַ יונגע אידישע מיידעל און זינגט אַ שמוצי־גען קופּלעט. זי שטרענגט אָן אַלע איהרע קרעפטע צו בעגייסטערען איהרע צושויער. זי לאַדעט איין אויף דער פּלאַטפאָרמע פּליכעוואַטע, מיאוס'ע לאָדזשען־ברידער און קושט זיי אין זייערע פערשוויצטע פּליכען... נאָך דעם קומט אַן אַנדערע, אַ דריטע. די טעמפּעראַטור וואַקסט און אין איהם וואַקסט אַ געפיהל פון עקעל געמישט מיט ניי־גיערדע. אויף דער פּלאַטפאָרמע טרעט אַרויס אַ בעיאָהרענטע שווע־רע אידישע פרוי. איהר שטימע איז איבערגעריסען, רייסט זי איהר האַלז און איהר האַרץ. זי לאַכט פרעך און אַלעס אין איהר וויינט. איהר שעהנקייט איז פערשוואונדען, נעהמט זיך מיט חוצפה און אויס־געלאַסענטהייט. זי איז האַלב נאַקעט פאַר די עטליכע דאָלאַר וואָס זי קריגט היינט, שטעלט זי אַרויס איהר פיעל געשענדעטען קערפּער... מען בעגעגענט זי מיט שמוציגע און בעליידיגענדע בעמערקונגען, זי ענטפערט מיט שמוציגע גלייכווערטלעך, מיט עקעלהאַפטען ניבול פה, מיט אונגליקליכען ציניזם... ער רויכערט מעכאַניש זיין ליולקע און דענקט: אַזאַ בעיאָהרטע אידישע פרוי וואָלט דאָרט, אין דער היים, געזעסען איצט ביי דער סעודה צווישען אַנשטענדיגע געסט. זי וואָלט שוין געווים געהאַט אַ זוהן אַ חתן, אָדער אַ טאָכטער אַ כלה און וואָלט ערוואַרטעט פון איהרע קינדער נחת און נחמה... און דאָ,

נעהט זי ארויס און ברעכט איהר קערפער און רייסט איהר נשמה פאר די דאָזיגע מענשען, וועלכע שרייען ווילד און לאַכען, וועו מען דארף וויינען... עס געהען ארויס נאָך אנדערע, וועלכע האָבען נאָך מעהר חוצפּה און דערצעהלען נאָך שמוציגערע געשיכטען. קיין צוויי־דייטיגקייטען איז דאָ ניטאָ — זיי רופען אָן יעדע זאַך מיט'ן נאָמען. די אוידיענץ קומט אריין אין התלהבות, די פייפקעס רויכערן זיך פלייסיגער, די אויגען גלאַנצען פייערדיגער. און איירישע שיקסע מיט א פלאַטציגע נאָז חזנ'ט זיך מיט א שטימע פון א בים־באם... די צובראָכענע פּיאַנאָ קלאַפּט פאַרטאָ, די גאַנצע קהלה זינגט צוזאַ־מען מיט די „פּרימאַדאָנעס": „האָני באָי", „סאַקראַמענטאָ" און „טשינג־א־לינג" און „מאַריוטש" און „הארריגאַן". די וואָס קענען ניט דעם פּיוט אויסענווענינג קריגען געדרוקטע מחזורים'לעך. עס איז טאַקע א ריכטיגער פּורים און — והעיר שושן צהלה ושמחה!...

ענדליך, שפּעט אין דער נאַכט, קומט דער לעצטער נומער, דער לאַנג־ערוואַרטעטער סורפּרייז נומער, פונ'ם אבענד, די קרוין פונ'ם פּראָגראַם... עס געהט ארויס אויף דער פּלאַטפאָרם א יונגע, שעהנע מיידעל, מיט א ליידענדען אונשולדיגען פּנים, מיט גרויסע פערטראַכטע אויגען, אין זעהר אשעהנעם ציגיינערשען קאָסטיום. זי פערשטעלט שעמעוודיג איהר געזיכט און וואַרט. די פּיאַנאָ שפּיעלט א ליידענ־שאַפטליכען טאַנץ און דאָס יונגע מיידעל פאַנגט אָן צו טאַנצען. עס איז ניט קיין טאַנץ, ניט קיין הוטשי־קוטשי, ניט קיין קאַנקאַנען, עס איז א פאַנטאַסמעגאָריע, עס איז ניט קייןווירקליכע ערשיינונגען, עס איז אן איינבילדונג וואָס משוגעים ערפינדען אין זייער פיעבער; עס איז ניט קיין ליידענשאַפט, עס איז א העלישער פייער, עס איז שוועבעל און פעך פון סדום און עמורה; עס זיינען ניט בוועגונגען, נור קאָנוואולסיען פון עפּילעפּסיע; עס זיינען ניט פּאָזען, נור דאָס ציטערן פון היסטעריע; עס זיינען ניט זשעסטען, עס איז די אַגאָניע פון א דערשטיקטען. עס איז דאָס פערדאָרבענסטע, דאָס אונאַטיר־ליכסטע, דאָס קראַנקהאַפטעסטע, דאָס מיאוס'טע וואָס עס האָט גע־קענט געשאַפען ווערען פון דער פערדאָרבענער פאַנטאַזיע פון אויס־געלאַסענע מענשען, וועלכע ליידען פון פּסיכאָפּאַטיע סעקוסואַלים, פון מאַניאַ עראָטיקאַ, פון א ווילדע פּאַראָקסיזמאַ פון זנות, פון בעס־טיאַלע, אונמענשליכע תאוה!

דאָס בלוט האָט זיך צוקאָכט, די ניעדריגסטע אינסטיקטען האָ־בען ערוואכט, אלע זיינען געקומען אין עקסטאַז, פיעלע זיינען אויפ־געשפרונגען פון זייערע פלעצער, יונגע און אלטע האָבען געהירשזעט ווי ווילדע פערד — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זיין קאָפּ איז געווען צודולט און טרערען האָבען איהם געשטיקט אין האלז, ווען ער איז מיט איינינע „ברידער" נאָכדעם געגאנגען אין א רייכען רעסטאָראַן עסען און טרינקען. ער האָט געטרונקען קאָקטיילס און שאמפּאניער, אָבוואָהל ער האָט ניט געקענט פערשטעהן, וואָס איז מיט איהם די שמחה... ער האָט געלאכט שטארקער פון אלע, אָב־וואָהל איהם האָט זיך געוואָלט וויינען. ער האָט געררויכערט א סיגאַר נאָך א סיגאַר, אָבוואָהל זיין קאָפּ איז געווען אָנגעגאָסען ווי מיט בליי... ער האָט געוואָלט פון רעסטאָראַן געהן אהיים צו זיין שווארץ־חנ'עוודיגער ווייבעל, וועלכע איז געשטאַנען א ריינע, א צארטע פאר זיינע אויגען אין איהר שעהנעם יום־טוב'דיגען קלייד, אָבער זיינע „ברידער" האָבען איהם ערקלערט, אז פּורים בייי־נאַכט, נאָך „אזא" פאָרשטעלונג געהן אהיים, הייסט האנדלען מעשה גרינהאָרן. אין דיע־זער נאכט איז ער צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען געוואָרען א פאָל־קאָמען „ציוויליזירטער" מענש. די גרויסע ציוויליזירטע שטאָט ניו־יאָרק איז איצט געוואָרען זיין לייבליכע מוטער — זי האָט איהם אויפ'ס ניי געבאָרען.



# דער אַנאַרכיסט.

1.

זיין נאָמען איז אמאָל געווען חיים לפידות, דאָ אין אמעריקאַ רופט מען איהם: מר. הײמאַן לײפּידאַט. עס וועט זיין זעהר שווער צו ערקלערען און פּינקטליך היסטאָריש צו דערצעהלען אַלע עפּאָכען פון זיין לעבענס-געשיכטע. ער איז אַלאַנדסמאַן פון דעם שטעטעל פּידראַקיטנע, און ווי אַזוי האָט עס איהם פאַרוואָרפען פון פּידראַ-קיטנע קיין סטופּידוויל, אָהייאָ, איז אונמעגליך איינצוזעפינען.

מיר ווייסען נור: ער איז אַ סיטיזען פון דעם קליינעם טאַון סטופּידוויל, אָהייאָ, און עס איז כדאי איהר זאָלט איהם קענען.

אין סטופּידוויל איז זיין בעשעפטיגונג געווען: נעהען מענער הויזען און לײדיס ראַפּפּערס און פאַרבען אַלטע קליידער. אויף דער פראַגע: ווי קומט ער צו ווערען אַ שניידער און אַ פאַרבער, אַז ער איז גאָר געווען בעקאַנט אין גאַנץ פּידראַקיטנע אַלס דער „לערעריל" חיים לפידות, פלעגט ער ענטפערן נור מיט איין וואָרט: אמערי-קאַ!...

עס זיינען ניטאָ קיינע דייטליכע בעווייזע, פאַר וואָס ער איז געווען אנערקענט אין סטופּידוויל אַלס אַ שרעקליכער און געפעהרלי-כער אַנאַרכיסט. ער האָט אין זיין לעבען, חלילה, קיין מאָל ניט געוואָר-פען קיין באָמבעס, האָט ניט פערגוואַלטיגט קיינע מלכים און קיינע פּרינצען, האָט ניט געוואוסט דעם אונטערשיעד צווישען קאָמונים-טישען און אינדיווידואַליסטישען אַנאַרכיזמוס, איז ניט געווען בע-קאַנט אפילו מיט זיינע רוסישע לאַנדסלייט באַקונין און קראָפּאָטקין, ווער רעדט אַנדערע האָבען זיך איהם זאָגאַר אין חלום ניט גע'חלום'ט. ווי אַזוי זשע איז ער געוואָרען אַ געפעהרליכער אַנאַרכיסט? דאָס איז טאַקי די פראַגע.

נו, און דאָס, מיינט איהר, איז ניט קיין פראַגע, פאַר וואָס מע האָט איהם נאָך אין פידראַקיטנע געטרופען חיים לפידות דער „לערע־ריל״? ער איז געווען כמעט זיעבען פוס די הויך, ברייטע ביינערנע פלייצעס מיט א בערגיל פון אויבען, וועלכען מע האָט געקענט ביי א קליינעם מענשעלע אָנרופען, א גוטער האָרב, נור ביי אזא גיגאַנט האָט עס אויסגעוויזען ווי א קליינער הויקער. א געדיכטע, קיילעכדיג גע־שאָרענע באָרד, מיט לאַנגע שווארצע האָאָר, מיט ברייטע קליידער ווי א זאַק, — אז ער פלעגט געהן איבער דער גאַס פון סטופידרוויל פלעגט זיך אויסוויזען גאַנץ פידראַקיטנע בעוועגט זיך. פון דעסטוועגען האָט מען איהם אין דער היים גערופען לערעריל.

מע זאָגט, מאָלט אייך, אז מע האָט איהם גערופען לערעריל, ווייל ער האָט נור געלערנט לעזען און שרייבען און ווייל ער איז גע־ווען צו א גוטער — פאַר גאַנץ פידראַקיטנע האָט ער געשריבען בריעף און אדרעסען אומזיסט. ער איז געווען א קבצן און האָט דאָך שטענדיג ליעב געהאַט צו האָבען ביי זיך אין שטוב אורחים, טרינ־קען טהעע שבת־נאַכט ביז טאָג און רעדען פון ספרי השכלה, פון פאָ־ליטיקע און פון אמונה זאַכען... ער איז געווען נאָך אין דער היים א ביסעל געכאַפּט... פיעלע האָבען איהם גערעכענט זאָגאַר פאַר אן אויסגעשפּראָכענעם אפּיקורס, פון דעסטוועגען פלעגט ער געהן איבערן שטעטעל מאַכען א נדבה פאַר אן אָרעמאַן און האָבען טענות מיט'ן בעל טקסא און מיט'ן פרנס פאַר דער גערעכטיגקייט — דער פאַר האָט מען איהם גערופען אין גאַנץ פידראַקיטנע — חיים לפידות דער לערעריל.

נו, און פון לערעריל ביז אנארכיזמוס איז דאָך שוין מיט'ן האַנד צו דערלאַנגען.

.2

אין דער וועלט געשיכטע איז חיים לפידות צום ערשטען געוואָ־רען בעקאַנט, ווען די עמיגראַנטען געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיך גע־רופען „עם עולם״, האָט פלוצלונג ערפאַהרען דאָס א געוויסער חיים לפידות פאָהרט אויך קיין אמעריקא מיט'ן עם עולם. נאָך מעהר איז ער געוואָרען בעוואוסט, ווען אין בראָד, איז דוקא חיים לפידות גע־

ווען דער ערשטער, ביי וועמען צוויי קינדער, (ער האָט דאמאָלס מעהר ניט געהאט) זיינען געשטאָרבען פון טיף. א בעריהמטע היסטאָרישע פּערזאָן איז ער געוואָרען אויפ'ן שיף: חיים לפּידות'ס ווייב איז גע־ווען די איינציגע דאמע, וועלכע איז אויפ'ן שיף געלעגען געוואָרען. זי האָט געבוירען אַ מיידעל, וועלכע מען האָט אָנגערופען מיט'ן נאָ־מען פון דעם שיף „דעוואָניא". (מאדאם לפּידות האָט זיך נאכהער מודה געווען, אז זי האָט איינגעוויליגט צו געבען איהר טאָכטער אזא נאָמען, ווייל דעוואָניא קלינגט ווי דוואָניע און זי האָט געהאט א מוהמע, אונז צו לאַנגע יאָהר, דוואָניע...) דארף איך אייך דער־צעהלען, אז אויפ'ן גאנצען שווערען וועג איז לפּידות געווען דער ערש־טער צו העלפען שלעפּען די פּעקלאַך, דעם דערלאנגען א טרונק, פאר דעם אויסבעטען הייסע וואסער, פאר אַן אנדערען קריגען א לימענע, א קעפּיל קנאָבעל, מינץ טראָפּען, א ציבעלע און אנדערע ים־מעדיקאַ־מענטען? אויסער דעם, איז ער געווען דער ערשטער צו פּראָטעסטי־רען געגען די גראָבע בעהאנדלונג פון די מאַטראָסען און איז טאקע געווען דער ערשטער צו קריגען פון זיי קלעפּ און סטיסאקעס. ווי איהר זעהט, ער איז שוין דאמאָלס געווען א שטיקעל אנארכיסט.

זעלבסטפערשטענדליך, חיים לפּידות איז געווען א קאָלאָניסט אין סאוטה ראקאָטאַ. דיעזע פאקטען פון זיין לעבען, אלס לאנד ארבייטער, איבערצייגען זעהר גוט זיין בלוטדורשטיגקייט און זיינע אנארכיסטע איינגענשאפטען: ער האָט מורא געהאט צו שפּאַנען א פערד; פון דער ווייטען אפילו פלעגט איהם דערשרעקען דער הירזשען פון א פערד, און א בהמה האָט פערקעהרט, מורא געהאט פאר איהם. ווי ניעדריג ער פלעגט זיך ניט זעצען ביים מעלקען, פלעגט זיין קאָפּ מיט דער שווארצער באָרד און לאנגע האָאר אלץ זיין העכער פון דער בהמה, און אז זי פלעגט זיך אומקוקען מיט איהרע ערשראָקענע אויגען און דערזעהן איבער'ן רוקען חיים לפּידות'ס צלם אלהים, פלעגט זי מיט'ן פוס איבערקעהרען דעם עמער מיט'ן מילך.

אויסער דעם איז אין דער קאָלאָניע געווען א הונד (וואו זיינען זיי ניטאָ?) דער הונד אָבער האָט געהאט א טבע שטילערהייט, ניט בילענדיג, צו ווארפען זיך אויף קינדער און רייסען ווייבערשע קלייד־לעך. די קאָלאָניסטען האָבען צוליעב דיעזען הונד געהאט פיעלע פער־זאמלונגען, אויף וועלכע זיי פלעגען הייס דעבאטירען און קריגען זיך

גאַנצע נעכט און עס איז ענדליך בעשלאָסען געוואָרען דעם הונד־צו בעשראָפען מיט א טויט שטראָפע. אין דעם טאָג פון׳ם הונד־מאָרד איז מיסטער הײמאַן לײפּידאַט געווען א גאַנצען טאָג בעהאַל־טען אין וואַלד... איין מאָהל איז אויף חיים לפידות אויסגעפאַלען דער גורל צו קאָכען אבאָרשץ פאר דער גאַנצער קאָלאָניע, ער האָט געדאַרפט קוילען צוויי העהנער מיט א הוהן... ער האָט אָבער קוים ערמאָרדעט איין האָהן און עס האָט איהם שוין אויסגעקעהרט די גרינע גאַל... דריי וואָכען נאָך דעם האָט ער נאָך אַלץ געטראָגען א מעלאַנכאָליע אין הארצען און אַן עגמת נפש אין גאַנצען קערפּער... אי, אָרעמער האָהן!

לאַנד־ארבייט איז אָבער זעהר א שלעכטער באָדען פאר אנאַר־כיסטישע טענדענצען — מיסטער הײמאַן לײפּידאַט איז פון דער קאָלאָניע צוריק פערבלאָנדזשעט געוואָרען קיין ניו יאָרק און פון ניו יאָרק האָט עס איהם פערוואָרפען אין דעם שטילען, פרומען שטעדטיל סטופּידוויל, אָהײאָ.

דאָס איז דער פּלאַץ, וואו דער אנארכיזמוס האָט זיך אין איהם ענטוויקעלט ביז א שרעקליכע מדרגה.

### .3

איהר דאַרפט וויסען, אז אין דער שטאָט סטופּידוויל רעכענען זיך טויזענד אכט הונדערט נפשות, שווארצע און ווייסע. אויסער דעם זיינען דאָ פופצעהן פאַמיליען רעפאָרמירטע דייטשע אַמערי־קאַנישע יהודים און צעהן פאַמיליען פשוט אָרטאָדאָקסאַלע אידען. ווי געוועהנליך, סטופּידוויל האָט צוויי קאַטוילישע קירכען, עוואַנגע־לישע קירכען, פּראָטעסטאַנטיש־לוטעראַנישע, עוואַנגעליש־פּראָטעס־טאַנטישע, באַפּטישע, פּרעסביטעריאַנישע, מעטאָדיסטישע, קאָנגרע־גאַציאָנאַלע, אוניווערזאַלע כריסטישע, ברודערליך־כריסטישע, אוניטאַ־ריאַנישע, קריסטליך־ספּיריטואַליסטשע און טעאָזאָפיסטישע קירכען מיט איין רעפאָרם סינאַגאָגע און מיט איין אידישע שול—פון דאַנען האָבען זיך אָנגעפאַנגען די צרות: מר. הײמאַן לײפּידאַט איז זיך געווען א מענש פאר זיך אליין.

פון אָנפאַנג איז איהם אין סטופּידוויל געגאַנגען אויסגעצײי־

כענט. אלס שניידער איז ער ניט געווען קיין איבריג גרויסער ארטיסט, ער האָט אָבער געגעהט שטארק, אָהן חכמות, א זוים איז געווען א זוים א נאָט איז געווען א נאָט, א קנעפּיל צוגענעהט איז געווען אויף איי־ביג. אין פארבען אלטע קליידער איז ער געווען א בריה א יונג... פון גרינע הויזען מאכען בלויע און פון גרויע קליידער מאכען שווארץ איז ביי איהם געווען א שפּיעלכעל. אויסער דעם האָט ער שטענדיג געהאלטען וואָרט און האָט ניט געבעטען טייער פאר זיין ארבייט. שפּע־טער, ווען די סטופּידרווילער סיטיזענס האָבען זיך אָנגעהויבען אָנצו־שטויסען, אז מר. היימאַן לייפּידאט איז א געפעהרליכער מענש זיינען דאָס געווען די ערשטע בעווייזע: ער האלט זיך ניט אלס ביזנעס מענש, נור אלס עהרליכער מאן. אדווערטייזט ניט זיין געשעפט און האלט ניט זעהר שטארק פון מאָני. איז ער ניט אן אנארכיסט?

די אידישע אָרטאָדאָקסישע קהילה איז געווען זיכער, אז זי האָט מעהר מיט א אידען: ער איז מיט א באָרד, האָבען זיי געטראכט, מסתמא א'ן אונזעריגער. און חיים לפּידות שווייגט און געהט ניט.

דאן האָבען די רעפאָרמירטע יהודים אָנגעהויבען צו שמייכלען צו איהם: אָבוואָהל ער איזט מיט איין באארד, אָבער איזט געווים רעפאָרמירט, און מר. היימאַן לייפּידאט געהט ניט.

דאן האָבען איינציגווייז אלע קריסטליכע קירכען־פּאסטוכער געשטעלט נעצען זיין נשמה — ער איז ניט געגאנגען. א מענש איז אָהן א רעליגיאָן. דארף מען נאָך לאנג טראכטען וואָס ער איז? מיר מוזען זאָגען די וואַרהייט, אז נור דיביידע קאטאָלישע פּריעסטער פון סטופּידרוויל האָבען זיך געהאלטען געגען היימאַן לייפּידאט גאנץ אינדעפּענדענט. זיי האָבען איבער געגנוג איירישע, פּוילישע און אי־טאליענישע נשמות און די נשמה פון א אידען שפּיעלט ביי זיי פון שטענדיג אָן א ראָלע פון א גאָר נישט...

יא, דערווייליע האָט זיך ארויסגעלאָזט א שם איבער סטופּידרוויל, אז היימאַן לייפּידאט לעזט ביכער. דאָס אליין רעקאָמענדירט שוין ניט זעהר גוט א מענשען. היינט ווער רעדט נאָך, אז ער לעזט אנאר־כיסטישע ביכער! אייגענטליך האָט חיים לפּידות צום טויזענדען מאָל געלעזען די עטליכע רוסישע ראָמאנען פון טורגעניעוו, טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי, וועלכע ער האָט מיט זיך געבראכט פון פּידראקיטנא. די טאָוולען פון די ביכער זיינען געווען אזוי צוריבען, די בלעטער

פערשמאָלצען, די רוקענס צופאָהרען, אז זיי האָבעןווירקליך אויסגע־זעהן אַנאַרכיסטיש. אויסער דעם, געגען היימאַן לייפּידאט איז אויך געווען דער פאַקט, וואָס ער האָט גערעדט מיט אַ געדיכטען שאַרפען באַס. רעדען אין סטופּידוויל מיט אַ באַס גאָר? דאָס קען זיך נור ער־לויבען אַן אַנאַרכיסט. אַמעריקאַניש און פּאַטריאָטיש קלינגט נור אַ שוואַנקענדע ניט זיכערע טענאָרען שטימע. אַזאַ שטימע וואָס קלינגט היינט אַזוי און מאָרגען קען זי קלינגען אַנדערש. אָבער אַ זיכערע, פעסטע, איין מאָהל פאַר אַלע מאָל געזעצטע באַסענשטימע? דאָס קען זיך טרעפען נור מיט אַ מענש, וואָס איז געגען אַוטאָריטעט...

צום אונגליק נאָך האָט זיך געדאַרפט טרעפען, אַז עטליכע סטו־פּידוויללער יונגע בחורים האָבען ארויסגע׳גנב׳עט פון היימאַן לייפּי־דאַט׳ס הינער שטאַהל צוויי הינער מיט אַ קאַטשקע. דער קאָנסטיי־בעל פון שטאָדט, אַלס וועכטער פון אָרדנונג, האָט זיך זעהר גענומען צום הארצען די געשיכטע מיט די הינער מיט דער קאַטשקע און האָט דערטאַפּט די פערברעכער. אין דער הויף האָט דער קאָנסטיי־בעל געראַטהען מר. לייפּידאַטען צו דערלאַנגען אויף די פערברעכער אין קאָורט, און שטילערהייד האָט ער געזאָגט, אַז דערפאַר וואָס ער האָט עהרליך ערפילט זיין פליכט, קומט איהם אַ האַלבער דאָלאַר. היימאַן לייפּידאַט האָט אָבער, ניט ווי אַלע מענשען, געענטפערט, אַז אין קאָורט געהן וויל ער ניט און אַז אַ האַלבען דאָלאַר געבען דאַרף ער ניט — דאָ איז געוואָרען דייטליך קלאָר, אַז ער איז געגען געזעצע, געגען רעגיערונג, געגען גאָווערנמענט...

.4

אין אַ שעהנעם פריהמאָרגען האָט זיך חיים לפּידות ארומגע־קוקט, אַז ער שטעהט גאַנץ אליין אין סטופּידוויל, ארומגערינגעלט פון פערביסענע שונאים און געגנער... ביסלעך ווייז, אונבעמערק־טערהייט, האָט זיך אין שטעטעל פערשפּרייט געגען איהם אַ געפיהל פון האַס און פעראַכטונג און ער איז געבליבען אָבגעזאָנדערט און פון אַלע אָבגעטהיילט. די קריסטען האָבען ניט געקענט פערצייהען דעם געדאַנק: אַ מענש זאָל קענען זיין אַ מענש, ניט בעלאַנגענדיג ניט צו אַ קאַטאָלישע, עוואַנגעלישע, לוטעראַנישע, פּראָטעסטאַנטישע,

באפטישע, פרעסביטעריאנישע, מעטאָדיסטישע, קאָנגרעציאָנאַלישע, אוניווערזאַל־כריסטליכע, אָדער אם וויינינגסטען אוניטאריאנישע קאָנ־גרעגיישאָן. די דייטשע יהודים האָבען מורא געהאַט, די סטופּידוויל־לער סיטיזענס זאָלען ניט מיינען אז זיי קענען חלילה זיין אזעלכע ווי לייפּידאַט און האָבען אויף יעדען טריט און שריט געוויזען זייער פּעראַכטונג צו איהם און געצייגט אויף דעם, דאָס ער איז ניט זייע־רער . . . נור צווישען רוסישע קען זאָ וואס געשאפען ווערען! די אָרטאָדאָקסישע קהילה איז נעבעך געקראָכען פון הויט, איבער־צייגענדיג די אמעריקאנס, אז זיי האָבען ניט קיין סימפאטיען מיט אזא מין זאָרט מענשען. ביידע אידישע קהילות האָבען זאָגאר גע־האַט א פּלאַן ארויסצופּטר'ן פון סטופּידוויל, זאָגאר פון אמעריקא, א אידען, וועלכער שטעלט אַלע אין אזא סכנה: רעדט מיט א באַס, לעזט ביכער און איז ניט לאָיאַל ניט צו גאָט, און ניט צו דעם קאָנ־סטייבעל...

אמאָל פלעגט מען איהם דאָך ווען עס איז בעגעגענען מיט א: „גוד מאָרנינג, איי וועדי נייס וועדהער טו דעי", — היינט קעהרט יעדער אָב פון איהם דעם מענשליכען צלם אלהים... זעהר אָפט פליהט איהם נאָך א שטיין און נאָך עפּטער לאָזט מען אויף איהם ארויף אַן אָנגערייצטען הונד, און טאקי פאר וואָס ניט? א מענש ער־לויבט זיך אין מיטען סטופּידוויל זיין אזא געפעהרליכער אנאַר־כיסט! אין דער זעלבער צייט געהען די געשעפטען אלס ערגער, דער קבצן וואקסט שטארקער און די פעראַכטונג, זעלבסטפערשטענדליך, ווערט נאָך גרעסער.

די נאַטור וויל ניט וויסען פון קיינע אנארכיסטישע טענדענצען און חיים לפּידות'ס טאָכטער, די שעהנע דעוואָניא, וואקסט, געראַדע ווי איהר טאַטע זאָל זיין אזא מענש ווי אַלע מענשען. נאָך מעהר, דער טאַטע איז אַן אנארכיסט און זי וויל חתונה האָבען... און עס איז דאָ א יונגער מאַן, זיין פּאָטער האָט די גרעסטע קלאָדהינג סטאָר אין סטופּידוויל. אָבער ווער וועט עס דערלאָזען צו אזא שידוך? זי איז טאקע אַן אמעריקאַן גוירל מיט אַלע פּיצעלעך... קען טאַנצען פּא דע דו, פּאָהרען אויף א בייסיקעל און זינגען: „ביקאָז אי לאָוו יו", אָבער איהר פּאָטער?... ער האַלט ניט פון כשר, פון א ראבאי. פון א קאָנסטייבעל... דעוואָניא ליידעט און גענען איהר ווילען

פאַנגט זי אָן צו האַסען און פעראַכטען איהר אייגענעם פאָטער, ווי גאַנץ סטופּידוויל. נאָך וואָס דאַרף ער זיין ניט ווי אַלע מענשען? וואָס האָט ער דערפון? ... זי רעדט מיט עזות געגען פאָטער, בעלע־דיגט און פערשפּאָטעט איהם. חיים לפידות בויגט נאָך ניעדריגער איין זיין גרויסען הויקער און שווייגט, און די מוטער מיסעס לייפּידאַט, וויינט....

.5

א משוגענער האָט ערמאָרדעט דעם פּרעזידענט אין בופאַלאָ און דאָס האָט געענדיגט דאָס לעבען פון חיים לפידות אין סטופּידוויל. די אויפרעגונג געגען איהם איז געוועזען אַזוי גרויס, אַז איהם האָט געדראָהט סכנות נפשות. און ווען ער האָט אַמאָל געוואַגט פרעגען:

פאַר וואָס? בין איך דאָ שולדיג? האָט מען איהם געענטפּערט מיט א זעץ אין די ציין און אין נאָז אַז עס האָט מיט בלוט בעפאַרבט זיינע אַלע בגדי מלכות. עטליכע אידישע יונגע לייט האָבען זיך אָרגאַ־ניזירט און האָבען געשיקט נאָך דעם רעפּאָרטער פון „סטופּידוויל גלאָב", וועלכען זיי האָבען ערקלעהרט אַז זיי האָבען געשוואָרען אויס־צוראָטען פון דער וועלט אַזאַ אונגעהייערדיגען אַנאַרכיסט, ווי היימאַן לייפּידאַט. אין סיטי קאָנסיל האָבען עטליכע עהרליכע סיטיזענס גע־מאַכט א פאָרשלאַג: מען זאָל מאַכען א געזעץ צו שיקען אַזעלכע ווי היימאַן לייפּידאַט צוריק אהין פון וואַנען זיי זיינען געקומען, וואָרום עס איז א שאַנדע פאַר סטופּעדוויל צו האָבען אַזאַ איינוואָהנער...

לאַנג האָט געדולדעט און אַלעס ערטראָגען חיים לפידות. ענדליך האָט ער זיך מישב געוועזען, עס איז טאַקע צייט אומצוקעהרען זיך אהין פון וואַנען ער איז געקומען. ער האָט זיך אריינגעלייגט מיט זיינע לאַנגע אויסגעדאַרטע פיס אין זיין אַלט הילצערען בעט און איז שוין ניט אויפגעשטאַנען מעהר. איין מאָהל, אין א לאַנגע קאַלטע ווינטער־נאַכט האָט ער בערעכענט אַלעס וואָס ער איז אויסגעשטאַנען, זיין פריידלאָזע פינסטערע יוגענד, זיין שקלאַפענלעבען אין רוסלאַנד, זיין דלות אין פידראַקיטנע, זיינע צרות אויפ'ן וועג קיין אַמעריקא, זיינע פּורעניות אין דער קאָלאָניע, זיין פּלאָגען זיך אין סטופּידוויל און אַלס פערביסענער אַנאַרכיסט, האָט ער זיך אומגעקעהרט צום וואַנד, האָט

געגעבען אַ שטילען זיפץ און איז אנשווינגען געוואָרען אויף איי־
ביג...

עס איז וואהר, חיים לפידות׳ס טויט האָט ארויסגערופען אַ שווע־
רען געפיהל איןביידע אידישע קהילות פון סטופידוויללּ, אָבער דאָך
האָבען זיי זיך ניט געקענט בעשליסען צו געבען אזא אנארכיסט פּלאַץ
אויף זייער בית עולם. זיי האָבען מורא געהאט: וואָס וועלען חלילה
מיינען די אַמעריקאַנער? מיסעם לייפּידאַט האָט נעבעך געוויינט אין
אַלע קאָנגרעגיישאָנס, ביז דער יוניטארישער רעווערענד, וועלכער האָט
זיך גערעכענט פאר דעם גרעסטען ראדיקאַל פון סטופּידוויללּ, האָט
ענדליך געהאַלטען אַ רעדע צו זיין קאָנגרעגיישאָן און וועלכער ער
האָט איבערצייגט, אז עס איז אַ מצוה צו בעטען פאר דער נשמה
זאָגאר פון אזא פערלאָרענעם מענשען און בעגראָבען איהם.

חיים לפידות ליגט אין אַ קאנאווע לעבען פלויט אויף אַ יוניטאַ־
רישען בית עולם אין סטופּידוויללּ.



# איינינע קריטישע בעמערקונגען וועגען ה. ליבין און ה. קאַברין.

—איהר האָט געגעבען א הקדמה צו קאַברינ'ס „יאנקעל בוילע" ?

— האָבען מיך געפרענגט איינינע בעקאַנטע. אי! אי! אי!...

איך בין זיך מודה ומתודה, דאָס איך האָב געגעבען די הקדמה, ניט זייענדיג בעקאַנט מיט „יאנקעל בוילע"... איך האָב חלילה אין מיין הקדמה קיין זאַך ניט געשריבען, פאַר וואָס די לעזער זאָלען קע־נען האָבען צו מיר פּרעטענזיעס, אָבער דאָך, איך האָב זיך געמוזט בעשליסען איבערלייענען דעם ביכעל און זעהן, וואָס בעדייטעט דער אי! אי! אי? איך האָב עס געלעזען און בין געקומען צו דער איבער־ציינונג, אז דאָס ביכעל פערדיענט מען זאָל וועגען זיין אווטאָר מאַכען איינינע קריטישע בעמערקונגען... אָבער אז מען רעדט שוין פון קאַברינען, ווי אזוי קען מען איגנאָרירען אונזער ליבינ'ען ?...

מיר דאַכט זיך, מען קען אין קורצען אויסדריקען דעם אונטער־שיעד צווישען די צוויי יונגע שרייבער... מיט אזא אָנזעצונג:ביידע האָבען אין א געוויסער מאָסע טאַלענט, נור קאַברינ'ס טאַלענט וואַ־רעמט און לייכטעט ניט, ליבינ'ס טאַלענט לייכטעט און וואַרעמט ניט. קאַברין האָט מעהר קראַפט, מעהר טעמפּעראַמענט, מעהר קאָ־לאָריט. ער מאָהלט מיט העלע אָיל־פּאַרבען. אָבער זיינע ליטעראַרישע פּראָדוקטען לייכטען ניט. זיי האָבען ניט קיין בעשטימטע אידעע, קיין סימפּאַטישע אויפגאַבע. ליבינ'ס בילדער זיינען בלייכער, ער מאָהלט מיט אקוואַרעל (וואַסער פאַרבען), זיין פעדער האָט ניט אזא קראַפט, אָבער זיין טאַלאַנט לייכטעט מיט ליעבע, מיט סימפּאַטי, מיט אויפריכטיגקייט. זיין פעדער איז ציכטיג, זיינע געדאַנקען ריין, זיינע אַנזיכטען עהרליך...

עס איז געגוג איהר זאַלט איבערלעזען נור „יאַנקעל בוילע" פון קאַברין און צוויי—דריי סקיצען פון ליבינ'ען, איהר זאַלט זיך שוין איבערצייגען דאָס דער ערשטער האָט געהאַט אַ מעגליכקייט צו בעאָבאַכטען די נאַטור פון דער נאָהענט... אין „יאַנקעל בוילע" זעהט איהר פיעל לופט, אַ ווייטע פּראָספּעקטיווע, וואָלקענס, אַ וואַלד, אַן אָזערע, בלויע הימלען... ער זעהט אַ דאָרף, אַן אָרעמען בעלאָרוסישען דאָרף, אָבער דאָך אַ דאָרף מיט ליעדער און נאַוואָז, מיט טענץ און ארמוטה, מיט ליידענשאַפטען פון אַ „נאַטירליכען" מענשען, זיינע פריידען און ליידען... פאַרב, קאָלאָריט, קראַפט קען אַ קינסטלער נעהמען נור ביי דער מוטער נאַטור!...

ליבין, ווי עס ווייזט אויס, איז דער נאַטורס שטיפקינד... אַלע זיינע סקיצען קומען פון איינעם און דעם זעלבען טענעמענט הויז... הימעל זעהט מען נור פון רויף און דאָס אויך פערוואָלקענט מיט רויך פון פעקטאָרים... לופט פערשטיקט ווי אין איינגע בעדרומס... עס איז ענג און מאָנאָטאָן, ווי דאָס לעבען פון דעם ארבייטער, וועלכען ער שילדערט אזוי ריכטיג און אזוי סימפּאַטיש... איך האָף, ביידע אווטאָרס וועלען מיר פערצייהען דיעזע פערגלייכונג: ליבינ'ס טאַלאַנט ווייזט מיר אויס ווי אַ בלאַס קינד, וועלכעס איז פערשטיקט און זיפצט אין אַ דונקעלע, איינגע אַטמאָספערע, וואו עס איז דאָ נור אַ סוועטינג שאָפּ, בעד־באָגס, נויט, הונגער און מאַנגעל... אַלע זיינע סקיצען זיינען אַ זיפץ פון אַ טענעמענט הויז... קאַברינ'ס טאַלאַנט איז אַגעזונט און ווילד קעלבעל, וועלכע בריקעט און מעקעט אויף אַ גרינעם טאָל ביי אַ טייך... איהר זעהט ווייט אַ וואַלד, די אָזערע פון חאָלם, פעלדער מיט זאַנגען, אַ געזונטע שיקסע נאַטאַשאַ, אַ פאַרליעבטען יאַנקעל...

ליבינ'ס שפּראַך איז איינפאַך, דייטליך, ריין און קלאָר. קאַברינ'ס סטיל איז ניט ליטעראַריש. אויף איין בלעטעל קענט איהר ביי איהם געפינען טויזענד מאָל דאָס וואָרט „פּלוצים און פּלוצים" זיינע העלדען רעדען מיט אַן אוננאַטירליכע שפּראַך און ווען ער וויל ווייזען, ווי אַ דאָרפ'ס איינגעל רעדט אידיש. מוז ער זאָגען אַנשטאָט איזהו מקומן „יאַזשגאַגאַ מאַקאַקאַ" און דאָס גלייכען. ליבין קוקט אריין טיעפער אין דעם מענשען אריין. קאַברינ'ס פּסיכאָלאָגיע איז ניט אימער ריכטיג. דערפאַר אָבער ליבינ'ס עפּאָס איז קינדיש, און קאַב־

רין, ווען ער דערצעהלט און בעשרייבט די אומגעבונג, איז א וואהרער קינסטלער. מאנגעל אין פלאץ ערלויבט מיר ניט איבערצוגעבען, ווי ער בעשרייבט א דאָרף אין א שעהנע זומער־נאכט, אָדער א וואלד בעפאָר עס קומט א שטורעם, אָדער א יריד אין א דאָרף, אָדער „אי־גרישצעם" אָוו טענץ־טורניר פון יונגע לייט... לעזט עס איבער אין „יאנקעל בוילע" און איהר וועט זאָגען, עס האָט געשריבען א מענש, וואָס האָט טאלאנט, וואָס האָט בעאָבאכטעט די נאטור, קען זי און טראָגט אין זיך די איינדריקע, וועלכע זי האָט אויף איהם געמאכט...

ליבינ'ס גרעסטע מעלה איז, דאָס זיין פעדער איז אימער ער־ווארמט מיט ליעבע און מיט געפיהל, דאָס זיינע געדאנקען זיינען קאוש און ציכטיג, זיין שפראך איז ריין און כשר. קאָברינ'ס גרעסטער חסרון איז דאָס זיין פעדער איז פארקעהרט אינדיפירענט, זיינע גע־דאנקען ציניש, זיין שפראך טריף. אין זיין איין ערצעהלונג „יאנקעל בוילע" געפינט איהר זעהר פיעל בעטעמטע בעשרייבונגען פון „א הויכען בוזים". ער מוז דערצעהלען דעם לעזער, דאָס נאטאשעס „ליי־ווענטענע קליידעל אין קעסטעלעך איז ביי איהר פון פאָרענט געווען אונטערגעקאטשעט. די באָרפיסע פים רויט און קליטיג ביז ארויף".

יאנקעל־בוילע'ס מלמד פלעגט אראָפפאלען פון אויבען אויף יאנקעלעס מאמע. ער געפינט פאר נויטיג מיטצוטהיילען דעם לעזער, דאָס ווען יאנקעל פלעגט ארומנעהמען נאטאשאן, האָט זי געפיהלט אָן א נ ג ע נ ע ה מ ע ן ק י צ ל ע ן אין דעם גאנצען קערפער, אונטער איהר גראָבע לייווענדענע העמד הויבט אָן צו פאָכען שטארקער איהר הויכער בוזים... אזעלכע אויסדריקע ווי „מאכען א בייכעל דער שיקסע" „זוכען און טאפען"... — רעכענט ער געווג אנשטענ־דיג... זיין העלד איז אזוי פיעל ווילד און פאטאלאגיש אין זיין ליעבע, דאָס ער טרוימט דערפון, ווי אזוי ער וואָלט זי א וואָרף גע־טאָן אויפ'ן גראָז און „ער וואָלט צוריסען איהר ווייסע קאָפטע מיט די ברייטע ארבעל, איהר ווייסע לייווענדענע העמד, און ער וואָלט זיך איינגעגעסען מיט זיינע צייהנער אין איהר קלאָרען דיקען קער־פער..." ווען עס האלט שוין ביי איינבייסען זיך מיט די צייהן אין איהר „קלאָהרען דיקען קערפער" — דארף מען האָבען א דאָקטאָר א ספעציאליסט אין נערווען קראנקהייטען...

מיר קענען ניט ברענגען, אלע „נאטוראליסטישע" פערלען פון הערר

קאַברין, וועלכע געפינען זיך נור אין זיין איין ערצעהלונג, אָבער דאָס וואָס מיר האָבען שוין ציטירט, איז גענוג צו איבערצייגען, דאָס זיין פעדער איז ניט ריין און ניט ציכטיג... און דאָס דערביי אליין נור שטעלט ער זיך שוין פיעל ניעדריגער פון אונזער סימפּאַטישען און עהרליכען שרייבער — ז. ליבין.

איך וועל אייך זאָגען די וואַרהייט, איך האָב נאָך פיעל וואָס צו זאָגען וועגעןביידע שרייבער, נור ביי מיר זיצט אַ גענאָסע און פאָר־דערט וואָס גיכער דעם אַרטיקעל. איך וועל פון זיי ביידע רעדען ווען עס איז נאָך אַ מאָל.



# לעבען וואלהאלא האלל.

צוועלף טויזענד מאן סטרייקען! פיערצעהן טויזענד סטרייקער! א סטרייק פון אכטצעהן טויזענד שטארק! פיער און צוואנציג טויזענד ארבייטער סטרייקען!... דאס זיינען די נאכריכטען, וואס איך האב געהערט פון בעקאנטע און געלעזען אין פערשיעדענע צייטונגען.

אין רוסלאנד קען מען זעהן א סך אידען מוצאי יום כפור ווען מען געהט פון שוהל, אדער ווען מען געהט צום רב'ס לויה; אבער זעהן צעהן טויזענד אידען ביי א סטרייק... פון שול ווען די אידע־לעך לויפען מוצאי יום כפור איז עס נאך א תענית — זיי ווילען עסען; צו א לויה ווען זיי געהען ווילען זיי בעגראבען דעם רב; וואס טהוען אבער טויזענד מנינים אידען אין מיטען וואך, ווען דער רב לעבט נאך און צום יום כפור'דיגען ונתנה תוקף איז אזוי ווייט? איך בין געגאנגען זעהן.

*

*   *

ווי איך האב זיך נור אראפגעקעהרט פון קאנעל סטריט אויף ארטשארד סטריט האב איך דערזעהן א שווארצען וואלקען פון מענ־שען; דער וואלקען האט זיך בעוועגט אין אלע זייטען — עס זיינען געווען סטרייקער, אידישע סטרייקער! וואס פאר א רייכע קאלעקציע מיט טיפען, כאראקטערען, פערזאנען! וועלכע זעלטענע גרופען, וועלכע פערשיעדענע פאזען!... אידען מיט בערד און פאות, אויסגעהארע־וועטע, פערהוויקערטע פון ארבייט, פערשראקענע פון נויט און זארג; יונגע לייט מיט בלאסע פנים'ער, מיט איינגעפאלענע ברוסטען, מיט אויפגעפלאמטע אויגען, ריין געקליידעטע, ארעם געקליידעטע, אין

געלע מאָדנע שיך און אויסגעטראָטענע פּאַנטופּליעס, פרומע אידען, נעגאָלטע פּריידענקער, לאַנגע בעקעשעס, מאָדנע זשאַקעטען, פּער־שמאָלצענע פּרינץ־אַלבערטס, קאַרטוזלעך מיצלעך, גרויסע שליאַפּעס איבער די אויערען, אַלטע דוירבי׳ס אויפ׳ן שפּיץ קאָפּ, אייניגע מיט שטעקלעך אין די הענט, אַנדערע מיט רעגענ־שירמס, דריטע מיט אידישע צייטונגען און זעלטען אויך אַן ענגלישע צייטונג. גרופּען ווייז שטעהען זיי אויפ׳ן טראָטואַר, אייניגע מאַכען שפּאַס, אייניגע טענה׳ן גאַנץ ערנסט פון זייער לאַגע, אַנדערע בייזערן זיך, אַנדערע לאַכען. אין וואַלהאַלאַ האָלל האַלט מען מיטינגס, די האָללען געפּאַקט, פּאָליסלייטע ביי די טהירען שטויסען זיך גאַנץ העפליך. מענשען פערשוויצטע מיט צופלאַקערטע פּנים׳ער לויפען איבער די טרעפּ ארויף און אראָפּ... עס איז אַ גערודער און גערויש ווי אויפ׳ן מעער אין אַ שטורם... עס איז אַ סטרייק!

*

*　　*

אַ שטעהט אַן אַלטער איד אָנגעשפּאַרט ביים סטופּ, ער גלעט מיט זיינע טרוקענע פינגער זיין לאַנגע שווארצע באָרד. ער טראַכט פון עטוואָס אנגענעהמעס, אויף זיינע ליפּען שפּיעלט אַ ביטרע שמייכעלע. עס קען זיין ער טראַכט איצט, ווי גוט דאָס אַלעס וועט זיך ענדיגען און ווי גערעכט זיינען אַלע זיינע חברים... נישט קשה, עס איז דאָ אויף וועמען זיך פערלאָזען! עס קען אויך זיין, אַז זיין שמייכעלע האָט גאָר אַן אַנדער בעדייטונג, אפשר איז דאָס אַ איראָניע פון אַ קריטיקער, אפשר איז דאָס אַ טרויעריגע ערינערונג.

אַ יונגער מאַן געהט ארויס פון סאַלון, ווישט אָב די ליפּען און בלייבט שטעהן אַ טרויעריגער. עס איז מעגליך, ער דענקט איצט: איך שטעה דאָ אַ גאַנצען טאָג, איך רעד מיט מענשען, פערטרייב די צייט ווי עס איז, כאַפּ אויף אַ גלאָז ביער מיט אַ סענדוויטש, און דאָרט אין דער היים אַ קינד אין מאָזלען, רענט נאָך ניט געצאָהלט, קיין גראָשען געלד אין הויז און זיי זיצען דאָרט אַלע הונגעריגע און וואַרטען... וואָס וואַרטען זיי? וועט ער דאַן ברענגען געלד מיט זיך? וועט ער זיי אַם ווייניגסטען ברענגען אהיים גוטע נאַכריכטען? וועט

ער זיי קענען זאָגען ווען וועט זיך דאָס אַלעס ענדיגען און עס וועלען קומען בעסערע טעג, גליקליכערע מינוטען? ! טויזענדער מענשען געהען אום אָרום וואלהאלא האָלל. ווער קען דערצעהלען, וויפיעל טרויריגע געדאנקען דאָ געפינט זיך, וויפיעל גוטע האָפנונגען, וויפיעל פערצווייפלונג, וויפיעל וואהרע שטרעבונגען, וויפיעל פערשטיקטע זיפצען, וויפיעל פערבאָרגענע טרערען? !...

*

*　　*

א סך אידען! זיי לויפען אהער ווי אידען מוצאי יום כפור פון שול. זיי ווילען ענדיגען זייער לאנגען תענית, זיי ווילען אויפהערען פאסטען. עס איז א לויה? זיי ווילען בעגראָבען דאָ, ניט דעם רב, זיי זיינען געקומען צו דער לויה פון זייער דלות, זיי ווילען בעגראָבען זייער נויט, ענדיגען זייערע צרות. קען זיין א גערעכטער קאמפף אין דער וועלט?



# גראנט׳ס פּאַראַד.

בעשריבען פון זיך אליין.

## דאָס וואָס איך האָב ניט געזעהן.

עס איז ערשט געווען האלב נאָך עלף און איך בין שוין געווען אויפ׳ן פּלאַץ. פרויען, ווייבער, דאמען, איטאליענערקעס דוקא אָהן שליאפּעס, אידענעס דוקא מיט קינדער, מאמזעלען, פריילינס, מיידלעך און ליידיס, מענער, מאנספּערזאָנען, הערין, שקלאפען, באָסעס, אר־בייטער, געל־וואָנצינדיגע, שווארץ בערדיגע, ריין געגאָלטע און גלאט מענשען זיינען געקראָכען, געשוואומען, געצויגען זיך ווי מוראשקעס איבער די גאסען, געלאָפען פון אימפּעט, געאיילט זיך, געשטופּט זיך, געטראָטען איינער דעם אנדערן מיט די פיס, געקוועטשט מיט די עלענבויגענס און גלאט געשפּרונגען. וואָהין? אויף גראנט׳ס פּאראד. איך בין אויך שוין געווען אויפ׳ן פּלאַץ.

ווען איך זאָג: „געווען אויפ׳ן פּלאַץ" דארפט איהר חלילה ניט מיינען, אז איך בין שוין געווען לעבען גראנט׳ס מאָנומענט (מאוויזאלעי בלע׳ז) און מימיני מעקינלי, משמאלי די מאדאם פּרע־זידענטעשע, די טרובעס געגען מיר און די פּאטריאָטישע פלאגען איבער מיר. עס הויבט זיך גאָר ניט אָן! איך בין ערשט געווען אויף איינע פון די זעקסטע עווענױ סטאנציאָנען.

א טריין קומט, א טריין געהט אוועק און איך שטעה. די פּלאַט־פאָרמע איז פול מיט מענשען, דאָס הייסט מיט פּאסאזשירען און אריינקוועטשען זיך אין א וואגאָן, איז אזוי מעגליך ווי עס איז מעגליך אריינטאלאמאטשען אין א קאָפּ וואָס איז פול מיט „קאזיאָנע" רעגלען כאָטש איין לעבעדיגען, קלוגען, שארפזיננינגען געדאנק.

עס איז געווען פונקט איינס ווען איך בין דאָך צוגעקראָכען צו דער נײַן און פופציגטער שטראַסע. אַנדערהאַלבען שעה בין איך גע־פאָהרען פון פּאַרק ראָו ביז דער אכט און פופציגטער שטראַסע. מיר האָבען זיך בעוועגט מיט אזא שנעליגקייט, מיט וועלכע אַן אַלטער סאָלידער פּראָגרעסיסט, שוועבט צו זיינע אידעאַלען. ניט נור די סטריט קארס זיינען געבליבען שטעהן, די טריינס אויף דער זעקסטער עווענױ האָבען פערצוימט א צעהן בלאָק און האָבען קאַלט בלוטיג געוואַרט. שטענדיג אָבער קומט אַזוי אויס, פון גרויס איילעניש ריהרט מען זיך ניט פון אָרט.

דערפאַר האָב איך געהאַט די מעגליכקייט צו קוקען פון פענסטער און זעהן דאָס, וואָס איך בעשרייב אינ׳ם קאַפּיטעל „וואָס איך האָב ניט געזעהן”. איך האָב געזעהן סאָלדאַטען דערפּרווירענע (עס איז גע־ווען קאַלט, ווי אין הארצען ביי א דאַון טאַונער פילאָזאָף) איך האָב געזעהן הייזער מיט פלאַגען בעפּוצטע, איך האָב געזעהן איירישע שכורים, פּעדלערס פּליסינגע, קינדער שטיפענדע, דרייווערס שעלטענ־דע, פערד הירזשענדע. און ווייט אויף דער פינפטער עווענױ האָבען זיך געהערט טרובעס מיט טראָמפּעטען, באַראַבאַנעס מיט פייפלעך. אויף אַלע גאַסען האָב איך געזעהן באַריקאַדען! באַריקאַדען! טויזענדער מענשען זיינען געשטאַנען אויף די באַריקאַדען. עס איז א רע־וואָלוציאָן! הוררא! מע נעהמט גראַנט׳ס ביינער. איך האָב זיך צוגע־דריקט צו א באַריקאַדע. איין קוואָדער און איהר קענט זיצען און זעהן. וואָס זעהן? ווי סאָלדאַטען געהען, ווי פּאָליציסטען מאַרשירען, ווי בודלערס רייטען, ווי פּאָליטישענס קוועלען, ווי מיט איין וואָרט: אַרום מיר, לעבען מיר, איבער מיר, הינטער מיר, פאַר מיר זיינען געשטאַנען טויזענדער, צעהנדליגע טויזענדע מענשען, זיינען געשטאַנען און האָבען געקוקט, און האָבען געזעהן, וואָס האָבען זיי געזעהן?

זיי האָבען גאָר ניט געזעהן און איך האָב אויך גאָר ניט געזעהן, איך האָב נור געהערט און געפּיהלט די התלהבות און התפּעלות פון מענשען, וועלכע ווערען נתפּעל ווען זיי זעהען דאָס, וואָס עס איז ניטאָ וואָס צו זעהן. איך האָב געהערט, ווי מענשען האָבען געשריען „הוררא” ווען עס איז ניט געווען קיין זכר פון קיין זאַך, וועלכע זאָל ארויסרופען א בעגייסטערונג; איך האָב געהערט ווי מענשען האָבען גערעדט מיט פרייד, ווען די איינציגע שמחה איז געווען וואָס מע האָט גראַנט׳ס

ביינער בעגראָבען אין אַ שעהנעם קבר; איך האָב געהערט, ווי דער גלאָק פון אַן אמבולאַנס האָט געקלונגען, אַן אמבולאַנס, וועלכער האָט געפיהרט אַ צוטראָטענעם מענשען און די גרויסע אונזיננינע, היפּ־נאָטיזירטע מאַסע וועלכע האָט ערשט צוטראָטען, צומאָלען, צוריבען אַ מענשען, די זעלבע מאַסע מיט אונזינניגע פּנים'ער, מיט ברייט גע־עפענטע אויגען, מיט ווייט צושפּרייטע מיילער איז געשטאַנען און האָט מיט געדולד געוואַרט, דאָרט מיט נייגיריגקייט געקוקט און האָט געזעהן דאָס, וואָס איך האָב בעשריבען גאַנץ דייטליך אין'ם קאַפּיטעל „וואָס איך האָב ניט געזעהן".

היינט פרעג איך אייך: וואָס האָב איך ניט געזעהן און וואָס האָ־בען די, וואָס האָבען געזעהן — יאַ געזעהן?... איך האָב ניט געזעהן גראַנטען. ניט זיינע הייליגע ביינער, ניט זיין מיוחס'דיגע משפּחה, איך האָב ניט געזעהן קיין אמת'ע בעגייסטערונג, קיין וואהרע נאַציאָנאַלע פרייד, קיין דעמאָנסטראַציאָן מיט אַ געדאַנק, קיין פּראָצעסיאָן מיט אַ זינן... איז דאָס, וואָס איך האָב ניט געזעהן ניט וויכטיגער פון דעם וואָס אַנדערע האָבען יאַ געזעהן?...

גראַנט'ס ביינער וועלען ליגען בכבוד און טויזענדער ביינער ווע־לען היינט זיין צובראָכען פון פּאָלים קלאָבס, וועלען זיין צוקוועטשט, צוקאַלעטשעט, צומאָלט... צוליעב ביינער פון אַ טויטען זאָל מען אָפּפערן מיט ביינער פון לעבעדיגע... ניט אומזאָנסט זאָגט מען: גראַנט איז געוועזן אַ יונג מיט ביינער — זיינע ביינער איבערצייגען דאָס.



# לייבאָר דעי.

כי אלף שנים בעיניך כיום אתמול כי יעבור... דער לייבאָר דיי פון די ארבייטער איז איין טאָג — טויזענדער יאָהרען... אונשטערב־ליך און אַלמעכטיג איז דער... „גאָט", דער שעפּפער פון אונזער הייגטיגע וועלט. פיעל קלאַסען, פיעל הערשער, פיעל אונטערדריקער האָט ער ארויסגעטראָגען אויף זיינע פּלייצעס, האָט זיי איבערגעלעבט און פערניכטעט... האָט זיי ארויסגעוואָרפען פון זיך, האָט זיי אריינ־געשלונגען צוריק און ער לעבט. ער געהט צו זיין ציעל... ארבייט אָב א גאַנצע היסטאָרישע עפּאָכע און פאַנגט אָן א נייעם לייבאָר דיי...

איך זעה דעם זעלבען ארבייטער פריהער „אַלס א פאַסטוך אין די גרויסע סטעפּפּעס און טאָהלען פון אייראָפּא... איך זעה איהם אַלס אַן „אילאָט" אין גריכענלאַנד, אַלס פעראַכטעטען פּלעבעי אין רוים... די פּאַטריציער, די העלדען, די פעלדהערען, די גבורי מלחמה ווערען פערשוואונדען און ער לעבט, געהט פון שטופע צו שטופע, יעדע פעריאָדע, וואָס ער לעבט איבער, איז ביי איהם א לאַנגער און א שווערער לייבאָר דיי...

פּאַסטוכער און ווילדע וואַנדערער קומען צו געהן פון ווייטע לענדער אין אייראָפּא, קעהרען זי אום קאַפּויר... באַזעצען זיך דאָ... די נייע פעלד הערען קריגען לאַנד, דעם ארבייטער הייסט מען זיצען אויף איין אָרט, צוגעבונדען צו דער ערד — אַקערען און זייען... ער ארבייט אָפּ פאַר'ן פריץ פיעלע יאָהרען, באַגיסט זיין פעלד מיט בלוט, טרערען און שוויים, ווערט פערשקלאַפּט און ערניעדריגט, פער־ליערט זיין פרייהייט און רעכט פון א מענשען... א! עס איז ביי איהם א שווערער טאָג... א שרעקליכער לייבאָר דיי...

די אונטערדריקטע און ערניעדריגטע שוויינען פיעלע יאָהרען

און דולדען לאנג. די אמאליגע גבורי מלחמה ווערען שוואכע מיזע־ראבלע מענשעלעך און הערשען און געוואלטעווען נאך ערגער פון זייערע טאטעס... דער ערנידעריגטער ערוואכט אויף אן אויגען־בליק פון זיין לאנגען שלאף, ערפיהלט אין זיך זיינע קרעפטע... ער זאגט צו זיין ברודער, צו דעם געבעכדיגען טענדלער און הענדלער: ווילסט פרייהייט? איך וועל דיר עס געבען. ער בויט באריקאדען אויף די גאסען פון פאריז, פארגיסט זיין בלוט, אפפערט זיין לעבען און בעזיעגט דעם אלגעמיינעם שונא... די גרויסע רעוואלוציאן, דאס איז זיין גרויסער און גלענצענדער לייבאר דיי.

די ארעמע פעלדער האלטען איהם ניט מעהר, — די דערפער ווע־רען איינג פאר איהם. די אומשטענדען יאגען איהם אין די גרויסע שטעט... זיין מעכטיגער גוטער ברודער דער הענדלער, און טענד־לער, זעהט ארום זיך פיעל הענד און פיעל הונגעריגע מאגענס... ער הויבט אן בויען פאבריקען און פעקטארעס און הייסט דעם איי־ביגען ארבייטער אנפאנגען א נייע היסטארישע סדרה, א נייעם און שווערען לייבאר דיי...

דיעזען מעכטיגען און דולדיגען בורא, יתברך שמו, ווערט לאנג־וויילינ אין איירא פא... ער שווימט אריבער איבער׳ן גרויסען אקעאן, מאכט פון דער ווילדע אמעריקא א ציוויליזירטע לאנד, גראבט דורך בערג, רייסט אויס וועלדער, פיהרט דורך אייזענבאהנען איבער שרעק־ליכע מדבריות ווארפט אריבער צוויבערישע בריקען איבער גרויסע שטראמען, בינדט צונויף זיין נייעם היימאטה מיט דעם אלטען היימאטה דורך א טעלעגראף, בויט אויס פאבריקען און פעקטארעס, מארמארנע פאלאסטען און טעמפלען, גראבט אויס פיעל גאלד און זאמעלט צונויף פאר אנדערע גרויסע אוצרות, פערגיסט זיין בלוט פאר די בעפרייאונג פון שווארצע שקלא־פען און ווערט אליין א וויסער שקלאף... ער גיט א מעגליכקייט איי־ניגע טענדלער און הענדלער צו לעבען א גוטען טאג און אליין האט ער א ביטערען, א שווערען, א פינסטערן לייבאר דיי.

אבער דער אייביגער ארבייטער פאלט ניט אראפ ביי זיך, פער־ליערט ניט זיינע קרעפטען, קעהרט ניט אראפ פון זיין היסטארישען וועג. ער וויים, איהם שטעהט פאר לייבאר דיי, א היסטארישער אר־בייטס טאג... זיין לעצטע ארבייט אין דיעזען לייבאר דיי איז שווער

און וויכטיג... א שווערען קאמפף וועט ער דאַרפען פיהרען אום צו ערפילען זיין לעצטע מיסיאָן, אלס ארבייטער, — זיין מיסיאָן צו בעפרייען די גאנצע מענשהייט און נור אין גאנצען און אויף אייביג אָפּשאפען און אויסראָטען אלע פאָרמען פון שקלאפעריי און אונטער־דריקונג... דאָס איז א גרויסער און א וויכטיגער לייבאָר דיי... דאָס איז דער „לייבאָר דיי”... נאָכדעם וועט, אנשטאָט „לייבאָר דיי” קומען דער לאנג ערווארטעטער „לייבאָר דיי” זיין יום טוב, זיין פרייד... און דער ווארטעטער „לייבאָרערס דיי” זיין יום טוב, זיין פרייד... און דער פייערטאָג פון לייבאָר דיי וועט בעשטעהן אין דעם, וואָס עס וועט ניט זיין קיין לייבאָר דיי...



# אַלפּיי״ם חלום.

## וועגען רב הכולל און וויקטאָריא די מלכה.

ענדליך איז אין טענעמענט הויז דאָך געוואָרען שטיל. איך האָב געהערט ווי דער קאָסטום פּעדלער יענקיל סוויסטונטשיק פון דריטען פלאָר האָט זיך אומגעקעהרט פון זיין דענסינג אקאדעמי און האָט געזונגען שטיל: „און דער קאטער איז דאָ״... איך האָב געהערט, ווי די שכנה נעקס דאָר האָט אָנגעפּליאסקעט איהר מיזיניקעל מאַקס דערפּאָר, וואָס ער האָט געוויינט און געשריען: „געוואַלד, מאַמע, עס בייסט מיך״. דער מוהל ומסדר קדושין פון טאָפּ פלאָר האָט שוין עטליכע מאָל אויסגעפּייט מיט׳ן נאָז א שעהנעם „אאפּוני״, ווען ענדליך האָבען זיך מיינע אויגען צו געשלאָסען און אַ זיסער דרעמעל האָט מיך אריין געכאַפּט אין זיינע אָרעמס.

פּלוצלינג עפּענט זיך די טהיר און אליהו הנביא שפּרינגט אריבער דעם שוועל און זאָגט מיר מיט א ברוגז׳דיגען פּנים: „איך בין א דע־ לעגאַט פון דעם בית דין של מעלה. ברודער אלפּיי, איך פאָרער אייך אויף איהר זאָלט ניט שרייבען פונ׳ם רב הכולל מיט וויקטאָריען. עס איז א חלול השם. וויקטאָריא און ר׳ יעקב יוסף — וואָס איז דאָס פאַר א סמיכות הפּרשה? ערשטענס איז זי גאָר קיין למדן ניט און ער?... וועלכער רב איז אין אמעריקא ניט קיין למדן?

— מיסטער אליהו הנביא, האָב איך געענטפערט אָן ערשראָקע־ נער, חלילה, אדרבא, מהיכא תיתא, ממה נפשך, פאַר וואָס קומט איהר א יובילעי מיט א יום טובדיגע שמחה און איהם ניט? זיי זאָגען אז אין דער צייט, וואָס זי איז געזעסען אויפ׳ן כסא המלוכה האָבען די געלערענטע געלערנט, די שרייבער האָבען געשריבען, די אינדוסט־ רי איז געוואַקסען, די ציוויליזאציאָן האָט זיך ציוויליזירט, דער פּראָגרעס האָט פּראָגרעסירט, די וויסענשאַפט איז געוואָרען וויסענ־

שאפּטליך, די קונסט האָט זיך געקינסטעלט, די ליטעראַטור איז לי־טעראַריש געוואָרען, די אייזענבאַהנען האָבען דורכגעשניטען גאַנץ ענגלאַנד, די טרובעס פון ענגלישע שיפען פּייפען אין דער גאַנצער וועלט, דער טרייד יוניאָניזמוס ווערט שטאַרקער, זי בעקומט סמיכות צו זיין די אימפּעראַטאָרין פון אינדיען. היינט וויפיעל האָט זי געהאָ־רעוועט איבער צדקה און גמילות חסדים. שצאַ טאַם טוט זיך!

איהר בערעכענט בעסער, וואָס ער האָט זוכה געווען אויפ־צו־טאָן אין דער צייט, וואָס ער איז געזעסען ביי אונז אויפ׳ן כסא הרבנות? אין איהרע צייטען האָבען אין ענגלאַנד די געלערטע געלערנט. אין זיינע צייטען, להבדיל, זיינען אונזערע קאָלעדזשעס אָנגעשטאָפּט געוואָרען, קיין עין הרע, מיט אידישע סטודענטען. אידישע דאָקטוי־רים, לאָיערס, דענטיסטען וואַקסען ווי שוועמלעך אויפ׳ן מיסט נאָך א גוטען רעגען. יוקעל און בעריל; געציל און חאַצקעל; קליין און גרויס, קינד און קייט — אַלע שטודירען דעם שטודיום אין דער צייט, וואָס ער איז רב הכולל, הייסט דאָס ניט געלערענט — הא? זאָגט אליין מיסטער, אליהו הנביא... זי האָט זוכה געווען צו דערלעבען א סך אייזענבאַנען, ער האָט זוכה געווען, די פערד ארויס־צו־פיהרען מעבדות לחרות... עלעקטריק קאַרס, קייבעל קאַרס, סטים קאַרס לויפען אום ביי אונז זינט ער זיצט אויפ׳ן כסא המלוכה. אין איהרע צייטען איז אויסגעוואַקסען דער טרייד יוניאָניזמוס; איז דען ניט אין זיין זכות אין ניו יאָרק אויסגעוואַקסען אַזוי פיעל סאָציאַליסטי־שע דיסטריקטען, קלאָבס, פעראיינען, סאָציאַליסטישע טאָגע בלעטער, סאָציאַליסטישע וואָכען בלעטער, א סאָציאַליסטישער זשורנאַל? זי האָט פערדיענט צו זיין די „אימפּעראַטערין" פון אינדיען, און ער?... האָט ער דען ניט די סמיכה צו זיין דער אימפּעראַטאָר פון אַלע אונזערע אינדיאַנער? זי האָט נעבעך געהאָרעוועט פון צדקה וועגען און קאַרג האָרעוועט ער? וועגען רב מאיר בעל הנס פּושקעס? און ווען די ציוויליזאַציאָן זאָל דאַרפען א הכשר, וועט זי דען ביי איהם ניט קריגען? און אפילו די וויסענשאַפט... היינט זאָגט מיר, איך בעט אייך, מיסטער אליהו הנביא, פאַר וואָס איהר יאַ און איהם ניט?

פונקט אין דער מינוט האָט דער נאָז פון דעם מוהל ומסדר

קרושין פון טאָפּ־פלאָר אויסגעפּייפט א גרויסע תקיעה־גדולה און מיין הימלישער גאַסט איז פערשוואונדען געוואָרען.

איך בין אויפגעשטאַנען אין דער פריה מיט א שרעקליכען קאָפּ־שמערץ און האָב בערעכענט, אפשר איז טאקע א חלול השם א מורה הוראה צו גלייכען צו א גויעשע מלכה און איך האָב בעשלאָסען ניט צו שרייבען דעם פערשפּראָכענעם ארטיקעל: „וואָס האָט אויפגעטאָן קווין וויקטאָריע און דער רב הכולל...״



# די „איינזאַמע וועלטען"
# פון אָרימער גאַליציען.

---

עס לעבט און עס בליהעט אין גאַליציען דער חסידיזמוס, די פינסטערקייט, די אָרימקייט, דער דלות. דער עכטער אמת'ער אי־דישער דלות! ביי אַלע פעלקער איז דאָ נויט און ארמוטה, דלות אָבער איז א אידישע ספעציאַליטעט. דלות איז א גאַנצע פערשלאָפענע קעניגרייך. א מלוכה וואָס שלאָפט אויפ'ן מיסט און טרוימט וועגען די הימלען. די אזרחים פון דער קעניגרייך זיינען אריסטאָקראַטען מיט בעטלערשע זעק אויף זיך. זיי האָבען גאָר ניט און טרויסטען זיך דערמיט, וואָס זיי קומט א סך. זיי ווייסען, אַז אַלעס אויף דער וועלט דאַרף געענדערט ווערען, נור זיי זיינען זיכער, אז דיעזע ענדערונג וועט קומען דורך א נס. אויפ'ן שמוץ בליהעט ביי זיי פּאָעזיע. זיי האָבען ניט וואָס צו עסען און טראָגען פולע בייכער מיט האָפנונגען. זיי האָבען קיין זאך ניט מיט וואָס צופריעדען צו זיין, און דאָך האָט דער לאַנגער גלות אויסגעאַרבייט ביי זיי א געוויסע ציגיינערישע צו־פריעדענהייט. די ערוואַרטונג פון נסים און די צופריעדענהייט — זיי מאַכען דעם דלות שרעקליכער פונ'ם דלות אליין!...

עס איז געווען א וואַרעמע זומער־נאַכט, ווען איך בין אומגע־גאַנגען איבער די ארעמע אידישע קוואַרטאַלען פון לעמבערג. באָרוועסע נאַקעטע קינדער, פרויען בעדעקטע מיט שמאַטעס, זקנים אין צוריסע־נע צופוילטע בגדים. ארמוטה, שמוץ, נויט, קינדער... אין די ארעמע קליינע געשעפטלעך פערקויפט מען שטיקלעך ברויט, שטיקלעך הע־רינג, קליינע שטיקלעך רעטאַך, עטליכע קאַרטאָפליעס... אין די אָפענע ניעדריגע פענסטער זעהט מען קליינע איינגע צימערען, בעלויכ־טען מיט א קליין לעמפעל, אָדער מיט א ליכט. א הילצערנער טיש, א

פאַר אַלטע צובראָכענע בענקלעך און אַרום די ווענט בעטען... צוויי, דריי בעטען, מיט שמוציגע בעטגעוואַנד. דאָ אַרבייט מען, מען קאָכט, מען עסט און מען שלאָפט. דאָ שלאָפען אַלטע און יונגע, קינדער און עלטערען, איינגענע און קוואַרטיראַנטען. אַ וואָהנונג אין אַ ניו יאָרקער טענעמענט הויז קען גערעכענט ווערען געגען אַ וואָהנונג פון אַ לעמבערגער אָרעמאַן, ווי פּרידריך דעם גרויסען׳ס פּאַלאַסט „סאַנסוסי״ געגען דער מערת המכפלה, וואו אונזערע אבות מיט די אמות ליגען בעגראָבען....

איך בין געוועזען אַ בעלן צו געהן זעהן אַ מין לעמבערגער טענע־מענט הויז. אין רעכטען מיטען צענטער פון דער אידישער געהעטאָ שטעהען די זאָגענאַנטע „ראָדיע׳ס הייזער״. אַן אַלטע צוויי גאָרנדיגע חורבה, שוואַרצע איינגעבויגענע ווענד, אַ צופוילטער גרינער דאַך, שמוציגע פערשימעלטע קליינע פענסטער, צובראָכענע טהירען. יעדער „גאָרן״ איז צוטהיילט אויף קליינע שמאָלע קלעטקעס... אין יעדע קלעטקע זיינען צוזאַמענגעפּרעסט מענשען ווי הערינג אין אַ פעסעל. יעדער חדר איז אַ גאַנצע דירה. אין פיעלע צימערען זיינען די סטע־ליעס איינגעפאַלען, די שטוקאַטורע פון די ווענד אַראָבגעריבען, די אויוועגס צובראָכען, און פאַר דיעזע שמוציגע ענגע גריבער צאָהלט מען דירה געלד ניט ביליגער ווי אין ניו יאָרק!... און ווער וואָהנט דאָ? די איינוואָהנער פון די דונקעלע קעלערס, וועלכע הירשביין שילדערט אין זיינע דראַמען. דעגענערירטע, אויסגעמוטשעטע, אויסגעהונגערטע שאַטענס, מענשען מיט „איינזאַמע וועלטען״... איך האָב אין ראָ־דיע׳ס הייזער געזעהן אַן אַלטע אידענע מיט אַ ווילדען פייערדיגען בליק פון אַ משוגענע, איך האָב געזעהן אַ יונגע מיידעל מיט אַן אויס־געדאַרטע טרוקענע ברוסט און אַ פערלאָשענעם בליק פון אידיאָט... איך האָב געזעהן אַן אַלטען מאַן, ביי וועלכען דער פּנים האָט גע־טאַנצט פון דעם הייליגען וויט׳ס קאָנוואולסיען... איך האָב געזעהן קינדער, וועלכע האָבען אין מיטען גאַליציען די ענגלישע קרענק...

איך בין נאָך געוועזען אונטער דעם שווערען איינדרוק, וואָס ראַ־דיע׳ס „מויערן״ האָבען אויף מיר געמאַכט, ווען מיך האָט אָנגעיאָגט אַ איד, וועלכער האָט קוים געקענט אָטהעמען פון אימפּעט.

— איהר האָט בעקוקט איצט ראַדיע׳ס הייזער? האָט ער מיך געפרעגט. איך פערשטעה, איהר ווילט זיי אָבקויפען...

— איך? ווי פאלט איך איין?!

— יא! יא! מיר ווייסען שוין לאנג, אז רייכע אמעריקאנער מיליאנערען ווילען דא עטוואס בויען... מיר מעגט איהר זאגען דעם ריינעם אמת...

— ווער זייט איהר דען, אפשר דאדיע אליין?

— ניין! קיין דאדיע איז שוין לאנג אויף דער וועלט ניטא. דאס הויז איז צוטהיילט געווארען אויף א סך חלקים... איך האב א קליינעם חלק אין דעם הויז...

אלזא דאס הויז בעלאנגט צו א טראסט און אנקעגען מיר איז געווען איינער פון די אקציאנערען, אדער א שער־האלדער. איך האב א קוק געטאן אויף דעם מיטגליעד פון דיעזען גרויסען טראסט. א קליי־נער דארער אידעל, מיט א בערדעל פון ווייסע פלאקס, מיט צוויי קליינע חיטרע אויגלעך, אין א רעקעל וואס איז געל געווארען פון עלטער, אין שיך, וועלכע האבען שוין לאנג געדארפט האבען נייע קנאפלעך מיט נייע פאדעשוועס. ער האט מסתמא אן אקציע פון א הונדערט „ראניש" און פון דיעזער אקציע וויל ער אויסקוועטשען וואס מעהר פראצענט. ער קוועטשט די אקציע, און די ארעמע לייט קרעכצען. איצט וויל ער מאכען א געשעפט מיט דער רייכער אמעריקא. די רייכע אמעריקא אבער שפאנט מיט גרויסע טריט אוועק פון דער ארעמער גאליציע. דאדיע'ס הייזער? נא סער!...

עס איז נאך ווייסענשאפטליך ניט ערקלערט געווארען, ווער איז א גרעסערער שנארער — דער רוסישער איד אדער דער גאליציאנער. איינס איז געוויס, דער גאליציאנער „איבער די הייזער געהער" האט ניט אזעלכע גרויסע פרעטענזיעס, ווי דער רוסישער. פאר די גאלי־ציאנער קבצנים גיעבט עס דא א ספעציעלע מטבע, וועלכע רופט זיך פרוטה. דיעזע פרוטה ווערט ניט נעגאסען אין קייזער־קעניגליכען מינץ־הויף. יעדער שמש האט א קאנצעסיע צו מאכען אזא געלד. א קראנע (אונזערע צוואנציג סענט) האט אין זיך פופציג קרייצער, א קרייצער האט צוויי העלער. איין אמעריקאנער סענט האט פינף העלער. פון דעסטוועגען איז א העלער אין גאליציען צו א גרויסע נדבה. דער שמש מאכט פון יעדען העלער צוויי פרוטות. די בעל הבתים נעהמען ביים שמש פאר א פאאר קראנען פרוטות האבען זיי אויף א גאנץ יאהר. און וועו ביים ארעמאן קלייבט זיך אן א קאפיטאל פון א

צוואנציג דרייסיג פרוטות טראָגט ער זיי צום שמש אויסבייטען...
דער שמש אליין מאכט פון אזעלכע באנק געשעפטען א פערמעגען!
פיעלע פון די גאליציאנער שנאָרער האָבען שוין א שטארקען נאש
געטאָן פון דער אייראָפּייער ציוויליזאציאָן. זיי טראָגען קעלנער, וועל־
כע זיינען אמאָל געווען ווייס, און רעדען דייטש. אָנשטאָט גוט מאָרגען
זאָגען זיי, „מאָרהען”... אָנשטאָט האבע די עהרע, — „די עהרע”
גריסע גאָט. סערוואוס, ערגעבענסטער קנעכט”. איך האָב אין האָטעל
זעהר אָפט בעזוכער פון דיעזען העכערען ציוויליזירטען זאָרט. איינער
איז א מחבר און זיין חבור איז נאָך ניט געדרוקט. דער צווייטער
וויל שרייבען א בוך געגען פּראָפעסאָר דעליטש, וועלכער האָט א
פאלשע מיינונג וועגען דער ביבעל. דער דריטער איז א מחבר, וועל־
כער האָט נאָך ניט געשריבען און שרייבט נאָך יעצט אויך ניט קיין
ספר, אָבער ער האָט א טאָכטער, וועלכע ער דארף חתונה מאכען...
אויך א פאָלקסדיכטער האָט מיר א בעזוך געמאכט. א איד, מיט א
קורצען נאָז, מיט ברייטע נאָזלעכער, מיט א שניידענדע, מעטאלענע,
הילכענדע שטימע פון א טראָמבאָן, מיט א שעהנע באָרד פון א רב
און מיט א שטיקענדען הוסט ווי ביי אן אלטען אויסגעקרענקטען
שניידער.

— פאניע, זאָל איך אייך זינגען וואָס וועגען דעם אייזענבאהן?
האָט ער מיך געפרעגט.

— פאר וואָס נים, יא, פאניע, זינגט מיר פון אייזענבאהן. ער
האָט געגעבען אן ענערגישען הוסט און האָט אָנגעהויבען צו זינגען
אונזער אליקום צונזער'ס גוט בעקאנטעס ליעד, איך האָב פראָטעס־
טירט. גיט מיר, זאָג איך, עטוואָס פון אייער אייגענע פּאָעזי.

— פון מיין אייגענע פּאָעזי? אָך, בכבוד גדול.

ער האָט א גלעט געטאָן זיין ברייטען צוקנייטשטען שטערען און
האָט אָנגעהויבען צו זינגען דיעזע אימפּראָוויזירטע „דיכטונג”:

אשעהנער גאסט איז צו'ן אונז געקומען,
איבער'ן אָצעאָן איז ער בשלום געשווימען.
גאָט קען מאכען פיעל מופתים מיט וואונדער,
ער וועט בענטשען אונזער גאסט מיט פיך און מיט רינדער..

ווי ער האָט נור אויסגערעדט „פיך און רינדער", האָב איך זיך דערמאָנט אויף אונזערע אמעריקאנער „ליטעראַרישע קריטיקער"... יא, זיי וואָלטען זיך געווים מחיה געווען מיט אזא שטיקעל פּאָעזי. און איינפאכע, נאַטירליך „געשניצטע מאכעריי"!

אווירקליך גרויסען און וויכטיגען אונטערשיעד צווישען דעם רוסישען און גאַליציאַנער אידען האָב איך דאָ בעמערקט. דער רוסישער איד אנערקענט ניט קיינע אויטאָריטעטען, די גאַליציאַנער אידען, געבילדעטע, אונוויסענדע, חסידים, משכילים, פאַנאַטיקער, אויפגע־קלערטע, — אַלע ניט נור אנערקענען, נור בוקען זיך פשוט צו אוי־טאָריטעטען. ביי איינינע איז דער אויטאָריטעט — א צדיק, א רב. ביי אנדערע א גרויסער קייזער קעניגליכער בעאַמטער, אָדער א יאַסנע וועלמאָזשנע פּריץ, אָדער אליין פראַנץ יאָזעף, ביי דריטע — א גרוי־סער למדן, א געלערנטער, א מענש מיט „א קאָפּ"... צו אויטאָרי־טעטען בוקען זיך אַלע. קיין אָפענע און דייטליך אויסגעשפּראָכענע מיי־נונגס פערשיעדענהייטען (אויסער ווי א ביסעל אין פּאָליטיק) גיבט עס ניט. א פרומער און טרפניאַק, א גיזגאָלטער, „א בעבאָרדעטער", א חסיד, און אפּיקורס, אַלע „זיצען" צוזאַמען רוהיג אויף איין אָרט... צוזאַמענגעמישט און צוזאַמענגעפלאָכטען. דער אַמאָליגער פייערדי־גער פאַנאַטיזמוס, און די פערצייטיגע פּראָטעסטירענדע השכלה זיי־נען אויסגעלאָשען געוואָרען. עס איז ניטאָ קיין קאַמפּף פאַר מיינונ־גען און אידעען. אַלע זיינען גלייכגילטיג און אינדיפפערענט. דער־פאַר בעגעגענט איהר דאָ אַזעלכע מערקווירדיגע ערשיינונגען. א איד, א גלוח, טראָגט שבת א שטריימעל, א חסיד מיט לאַנגע פאות זיצט אין קאַפע און מאַכט אייגלעך, צו די שעהנע בליזמרקעס... מע האָט מיך אונמיסטען איין שבת אריינגעפיהרט וויזען ווי אין א „קאַפע" זיצען חסידים און האַקען א פינאַקעל, אַז שטויב געהט. לעבען זיי ליגען בערגלעך מיט קליין געלד און זיי שפּיעלען מיט גרויסע התלהבות. צו'ם רבין פאָהרען געגאָלטע חסידים און געבילדעטע פאַ־

נאַטיקער... יעדער מעג זיך דיענען צו איין גאָט, זאָגאַר צו צוויי געטער. ער דאַרף נור פאַר זיינע געטער ניט קעמפפען. קאַמפף איז ניט פּאָפּולער דאָרט, וואו אויטאָריטעטען הערשען.

גאַליציע ערוואַרטעט איהרע קעמפּפער. זיי זיינען שוין דאָ, אָבער זיי זיינען נאָך צו יונג און צו קליין, זיי דאַרפען נאָך אַ ביסעל אונ־טערוואַקסען. דער באָדען פון אַלגעמיינע שטימרעכט איז זעהר גייסטיג דערפאַר... מען דאַרף נור גוטע רעגענס זאָלען ערפרישען די לאַנג פערשטיקטע לופט און אָבוואַשען דעם אַלטען שמוץ, און די זונן פון אויפקלערונג זאָל שיקען אַ ביסעל מעהר ליכט און וואַרעמקייט.



# אויפ'ן וועג צו אַ גאַליציאַנער צדיק.

איך פאָהר זעהן דעם בעלזער רבי'ן! די, וואָס זעהען יעדען טאָג ארום זיך גרויסע ביבליאָטהעקען, וואו עס זיינען אָנגעזאַמעלט אוצרות פון געדאנק און שכל; די וואָס פאָהרען ארום אויף גרויסע דאמפף־שיפען און עלעקטרישע וואַגאָנען, רעדען דורך טעלעפאָנען און דראָטלאָזע טעלעגראפען, — די אַלע מיינען, אז עס עקזיסטירט שוין מעהר ניט די דאָזיגע מערכען וועלט, וואו די איינציגע בעוועגונגס קראפט איז דער ווילען פון גאָט, די איינציגע ביכער — די אלטע בבא מעשיות, און וואו טעלעפאָנען און דראָטלאָזע טעלעגראפען עקזיסטי־רען נור דערויף, צדיקים זאָלען זיך קענען דורכשמועסען מיט'ן רבונו של עולם אויפ'ן זיעבעטען הימעל וועגען זאכען, וואָס בעלאנגען צו א יחיד, צו א קהל אָדער צו דער גאנצער כנסת ישראל, — איך זאָג, די אַלע וואָס מיינען אזוי, האָבען א מיאוסען טעות. דער צדיקיזמוס און חסידיזמוס לעבען און פונקציאָנירען אין גאַליציע גראָד ווי מיט 50 יאָהר צוריק. נור פריהער איז דער צדיקיזמוס געווען אביסעל פרע־כער, נאאיווער און אויפריכטיגער, היינט איז ער מעהר פאָליטיש און דיפּלאָמאטיש. פּאָליטיק און דיפּלאָמאטיע געברויכט דער צדיקיזמוס אין זיינע בעציהונגען צו דער אויסערער אָפיציעלער וועלט. די אינערע „רעגירונגס" פאָרמע איז געבליבען דיעזעלבע ווי אין די אַלטע יאָהרען. אזוי ווי די אַלטע חינא, האָט אויך די מלוכה פון צדיקיזמוס געמוזט מאכען אייניגע קאָנצעסיאָנען דער ציוויליזירטער וועלט. אָבער דאָס איז נור צוליעב דיפּלאָמאטישע ציעלען, — די אַלטע חינעזישע וואנד מיט וועלכע די פינסטערע מאסען זיינען אָב־געצוימט פון דער לעבעדיגער, פראָגרעסירענדער וועלט, — די דאָזיגע דיקע וואנד שטעהט שטארק אויף איהר פונדאמענט...

דעם פיינדס מאכט קען מען לערנען נור אין זיין אייגענעם לאַ־גער — איך פאָהר זעהן דעם צדיק פון בעלז.

עס איז א שעהנער, העלער, ליכטיגער זומער־טאָג. די זונן איז פויל אין אזא הייסען טאָג און בעוועגט זיך זעהר לאנגזאם, אָבער א קיהל פריש ווינטעלע בלאָזט אריין אין דעם אָפענעם פענסטער פון אונזער וואגאָן און איך פיהל מיך זעהר גוט. קוים איז דער צוג ארויס־געלאָפען פון לעמבערג האָבען ווידער אָנגעהויבען צו ציהען זיך פאר די אויגען די שעהנע פאנאָראמען מיט גאליציאנער לאנדשאפטען... וועלדער, גרינע גאָרטענס, פעלדער בעדעקט מיט הויכע שטאָלצע רוי־שענדע זאנגען. דער נאָמען פון יעדער סטאנציע איז אויפגעשריבען אויף דריי שפראכען: אויף דייטש, אויף פויליש, אויף רוסיש. (רוט־העניש). איידער איך לעז איבער דעם נאָמען, בעוועגט זיך שוין אונזער צוג און איך האָב נור גענוג צייט צו קריגען אן איינדרוק פון עטוואָס עהנליכעם צו „רזשאגוואג", „צאטשוואדזש". באָרוועסע שקצים'לעך און שיקסעלעך, אויף פיעלע סטאנציעס אידישע מיידעלעך און אינגע־לעך באָרוועסע מיט לאנגע פאה'קעלעך לויפען אום מיט א קרוג וואסער און א גלאָז אין האנד און שרייען מיט זייערע דינענקע קולכעלעך: „וואדא זימנא" — קאלטע וואסער!... איינינע פערקויפען מאלינעס אָדער אנדערע וואלד יאגעדעס. מיר בעגעגען אָפט גאנצע צוגען מיט פאסאזשירען פון פיערטען קלאס. אויף די פלאטפאָרמס א גערויש, א געלויף, א געיעגעניש. די פאסאזשירען איילען זיך מיט זייערע אלטע טשעמאָדאנען און שמוציגע זעק אזוי ווי צושראָקענע שאָף. ווייבער לויפען גראדע ווי אין א פאניק, חסידים מיט גראָבע טלתים זעק און בלעכענע פאנצירען אין וועלכע עס ליגען זייערע צילינדער הוטען, קינדער, זשאנדארמען, באהן־בעאמטע, קאָנדוקטאָרען, — אלע אין א אימפעט, אויפגערעגט, צודולט, גראדע ווי מען ערווארטעט אן ערד־ציטערניש. ביי אונז זיינען די עכטע אמעריקאנישע רייזענדע און די קאָנדוקטאָרען מיט די באהן בעאמטע צו קאלט און גלייכגילטיג, דאָ זיינען זיי צופיעל צוהיצט און צודרודעלט (איך קען יעצט ניט גע־פינען קיין אנדער אויסדרוק).

אויף דער סטאנציע „ראיע רוסקא" שטעהט דער צוג צוואנציג מינוטען. איך שטייג ארויס פון וואגאָן. די פלאטפאָרמען, די זאלען פון דריטען און פיערטען קלאס זיינען פול מיט אידען. ווייבער לוי־פען אום מיט קיכלעך, געבאקטע אייער, זעמעלעך, רעטאָך, אפעלסי־נעס. קינדער שרייען: יאגעדעס! וואָדא זימנא! די באהן־בעדיענטע

קלאַפּען מיט די האַמערס איבער די אייזערנע רעדער פון די וואַגאָ־נען ... געוואלד, וויפיעל לאַנגע, גראָבע, געגרייזעלטע, גרויע, געלע, שווארצע פּאות! א היגער משכיל א וויצלינג האָט מיר אמאָל גע־זאָגט: מען זאָל אָבשניידען ביי די אַלע גאַליציאַנער אידען די פּאות און מאַכען פון די האָאָר א מאַטראַץ, וואָלט די גאַנצע מענשהייט גע־קענט אויף דעם מאַטראַץ זיך לעגען שלאָפען. ארעמע מענשהייט, ביסט לאַנג און פיעל מאָל געשלאָפען אויף פערשיעדענע אונבעקוועמע זאַכען, צו אזא נסיון אָבער ווינש איך דיר ניט צו קומען ...

מיר בעוועגען זיך אַלץ נעהענטער און נעהענטער צו דער רעזי־דענץ שטאָט פונ'ם צדיק. קליינע אָרימע שטעטעלעך, דערפער, פער־זונקענע אין א ים פון גרינע פעלדער לויפען פערביי. מיין וועג־ווייזער און מיטרייזענדער דערצעהלט מיר, וואָס פאַר א ראָלע דער רבי האָט געשפּיעלט אין די לעצטע וואַהלען. ער האָט זיך גאַנץ אָפען אריינגעמישט אין פּאָליטיק און האָט געהייסען שטימען ניט נור געגען די סאָציאַליסטישע, נור אויך געגען די אידישע ציוניסטישע קאַנדי־דאַטען, ער האָט געהייסען האַלטען נור פאַר די פּוילישע רעאַקציאָנע־רע רעגיערונגס קאַנדידאַטען. ער האָט פון די פּוילישע מאַגנאַטען, זאָגט מען, געכאַפּט דערפאַר א שעהנעם פּדיון. אַנדערע אָבער גלויבען, אַז ער האָט עס געטאָן נור לשם שמים.

דער רבשע גיט שטענדיג זיין שטימע פאַר דער רעאַקציאָנערער רעגיערונג. אַנדערע זאַכען דערצעהלט ער מיר, וועלכע טראָגען א מעהר אַנעקדאָטישען, ווי א פאַקטישען כאַראַקטער. זיינע ערצעהלונ־גען אָבער זיינען געפאַרבט אין א לאָקאַלע פאַרב און זיינען כאַראַק־טעריסטיש. איין ביישפּיעל: אין רבין'ס שוהל שבת ביי קריאת התורה צוטהיילט די עליות דער צדיק אליין. אָפט מאַכט זיך, ווען דער שמש געהט צו פרעגען וועמען אויפצורופען, הייסט דער רבי אויפרופען א נגיד פון א ווייטע שטאָט, וועלכער איז פּערזענליך אין שוהל ניטאָ. אַנשטאַט דעם אויפגערופענעם געהט צו דער תורה א „במקום”, א סובסטיטוט. ווען דער חזן מאַכט איהם א מי שברך און פרעגט: בעבור שנדב? געהט צו דעם רבין'ס גבאי און הייסט דעם „במקום” מנדר זיין צוויי הונדערט אָדער דריי הונדערט ראַ־ביש ... דער אבוועזענדער נגיד בעצאָהלט נאָכדעם דאָס געלד ווי א קאָטיק. א קלייניגקייט ניט בעצאָהלען דאָס געלד, וואָס איז מנדר

געוואָרען אין אַ מקום קודש, לעבען אַן אָפענע תורה און אין דער נעגענוואַרט פון רבי'ן אליין, זכר צדיק לברכה!... פון דער רביצין דערצעהלט ער, אַז זי האָט אַמאָל אין די יונגע יאָהרען געקעמפפט פאַר די פרויען־רעכטע, גראַדע, אַזוי צו זאָגען, ווי איבסען'ס נאָרא... זי איז געוועזען דאַמאָלס אַ יונגע שנור ביים אַלטען רבי'ן. אַן אסיפה איז צונויפגערופען געוואָרען און עס איז זעהר ערנסט בעהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע: מעג אַ פרוי טראָגען פאַנטאַלאָנען און וואַרעמע מאַטקעס נאָכדעם ווי אין דער תורה הקדושה שטעהט בפירוש, אַז אַ ווייב טאָר ניט טראָגען די מלבושים פון אַ זכר. אַ רעזאָלוציאָן איז שוין געוועזען געפּאַסט געוואָרען, אַז די ווייבער פון בעלז זאָלען קיין פאַנטאַלאָנען און קיין מאַטקעס ניט טראָגען. געגען דעם איז אַרויס־געטראָטען דעם רבין'ס יונגע שנור, די היינטיגע רביצין, מיט אַ הייסען פּראָטעסט און דער גזר איז פערוואָרפען געוואָרען. זאָגט אַליין, קען דאָס יודענטהום זיין אין אַ סכנה, ווען עס איז דאָ אַן אויג וואָס קוקט אַריין אַזוי טיעף זאָגאַר אין די פערבאָרגענע ווינקעלעך פון'ם אידי־שען לעבען?... אמת, די פאַנטאַלאָנען מיט די מאַטקעס זיינען גע־בליבען, אָבער דעם רבינ'ס אויג וואַכט!

און דאָך, קען מען דען זאָגען, אַז דער חסידיזמוס איז אַ צופעליגע ערשיינונג? אין דער מתנגדישער, ראַציאָנאַליסטישער ליטאַ, וואו די עקאָנאָמישע אומשטענדען זיינען ניט ערגער פון די גאַליציאַנישע, — אין דער ליטאַ האָב איך געזעהן אויסגעטרוקענטע, אויסגעמוטשעטע מענער, קראַנקע, דאַרע, פאַר דער צייט פערעלטערטע פרויען. אָבער אין דער חסידישער פעראָרעמטער גאַליציע האָב איך אין די אָרעמסטע קרייזען בעגעגענט אַזוי פיעל שעהנע, געזונטע, בליהענדע פרויען און שטאַרקע, רויטע, פעטע, פריילינבע לעבענסלוסטיגע, צופּלאַמטע מענער קבצנים. די נאַטור אַליין האָט געהאָלפען דעם אונטערדריק־טען, מאַנגעל ליידענדען אידען צו עמפפינדען דעם אָפּטימיסטישען חסידיזם! דעם חסידיזם, וועלכער טראָגט אַריין אַ ליכט פון האָפנונג אין דער פינסטערניס פון נויט, אַ שטראָם פון וואַרעמקייט אין דער אַטמאָספערא פון קעלט, ליעבע אין דער וועלט פון האַס, קאַמעראַדען־פערהעלטניסע אין דער געזעלשאַפט פון עגאָאיסטען. דער חסידיזמוס זאָגט דעם אידען: האָב הנאה פונ'ם לעבען, דאַווען מיט הנאה, מאַך קידוש מיט הנאה, זינג און טאַנץ צו ליעב גאָט מיט הנאה. זיי לעבע־

דיג, זיי מונטער! ארום דיר איז א פּראָסט? צינד אָן אין זיך א פייער פון התלהבות און ענטוזיאזם!... דער חסידיזמוס האָט געגעבען דעם אידען פיעל ענערגי און האָט איהם פיעל געהאָלפען איבערצולעבען און איבערצוטראָגען די צרות פון זיין פינסטערען לאנגען גלות... ניט אומזיסט זאָגט דער גוי, להבדיל: „ניעט חודא בעז דאָבראַ" — עס איז ניטאָ קיין שלעכטעס, וואָס זאָל אין זיך ניט ענטהאַלטען עט־וואָס גוטעס.

אין פענסטער האָט זיך בעוויזען אן אָרעמע קליינע אידישע שטעטעל. איבער די צו־וואָרפענע אָרעמע, קליינע הייזלעך האָט זיך געהויבען אין דער הויך א הויכער מויער מיט פיעל פענסטער און מיט א גרינעם אייזערנעם דאך. געראַדע ווי א קעניגליכער שלאָס אין אַן אָרעם דערפעל. דאָס איז דעם רבין'ס פּאַלאַסט, ווי ער ווייזט אויס פון דער ווייטען. לעבען פּאַלאַסט ציהט זיך צו די וואָלקענס א הויכע נייע שול פון ווייסע שטיינער... הינטערן שטעטעל צו'ם וואָקזאַל צו לויפט א טייכעל בעוואַקסען פוןביידע זייטען מיט הויכען גרינעם קאַמיש... בעלז! דער צוג שטעהט פינף מינוט.



# אין דעם רביק'ס שלאָס.

א פיאקער פיהרט אונז פון באהן אין דער שטאָט אריין. אויף דעם פיאקער איז געווים נאָך אונזער פעטער נח נאָכ'ן מבול געפאָהרען פון די הרי אררט קיין בעלז צו'ם רבין מיט א וויזיט. עס קען גאָר זיין אז זי איז טאקע נח'ס תבה אליין אנידערגעשטעלט אויף פיער רעדער. די צוויי קליינע פערדלעך וואָס שלעפען דיעזע אלטע ארחעאָלאָגישע זאַך, בעלאנגען צו דעם חסידישען טיפ, וואָס האלט פיעל פון דער עבודה און וועניג פון דער אכילה. דאָס שפאַן־געצייג, איז א מאָל אין פאניאטאָווסקי'ס צייטען, געוועזן פון לעדער און רימען. איצט איז געבליבען רימען און לעדער פון יוצא וועגען. שטריקלעך און ראָגאָ־זשעס איז א מעהר אידישער געשפאַן. אונזער קוטשער איז א הויכער בחור מיט א גלאַט אָבגעשאָרענעם קאָפּ, מיט צוויי גלאטע לאנגע פאות, מיט צוויי גרויסע שמוציגע באָרוועסע פיס. דעם פיאקער האָבען מיר גענומען נור פאר זיך אליין. פון דעסטוועגען איז באלד אויף די קאָזלעס ארויפגעשפרונגען א איד מיט א קלומעק. און איידער מיר האָבען זיך ארומגעקוקט, איז צו אונז אין פיאקער געקראָכען א רויטער איד מיט א פעטען בויך און מיט א גרויסען אלטען טשעמאָדאַן...

עס איז געוועזן א הייסער טאָג. פון די וואָגענס האָבען זיך גע־צויגען צו דער זונן געדיכטע וואָלקענס פון געלען שטויב. די זונן האָט זיך אָבגעשטעלט אין בעלז ווי א מאָל אין גבעון און האָט געבאקט אָהן רחמנות. ביי'ם טייכעל האָבען מיר געזעהען פון איין זייט אי־דישע און קריסטליכע פרויען, וועלכע האָבען געוואשען וועש און גע־פּאטשט זיי מיט א ברעטעל אָן א שטיין. לעבען זיי האָבען זיך גע־שפּיעלט שמוציגע, האלב נאקעטע קינדער, קליינע הינטעלעך און גרויסע קעץ. פון דער אנדער זייט האָבען זיך מענער, יונגע און אלטע אין דעם זעלבען טייכעל געבאָדען. אָהן בארע קאָסטיומען, אָהן פאר־טוכער, אָהן פייגען־בלעטער. פשוט ווי אדם הראשון. אן אלטעם פּאט־

ריאַרכאַלישעס בילד, וועלכעס איז בעקאַנט געווען לאַנג בעפאָר דער רעאַליזמוס און נאַטוראַליזמוס זיינען אריין אין דער קונסט. די בעלזער בירגער ווייסען נאָך ניט אז נאַקעטע קערפּער איז רעאַליזמוס. נאַאיווע מענשען! זיי זאָגען: ווילסט ניט זעהן, קוק ניט.

מיר זיינען צוגעפאָהרען צו'ם גרעסטען „האָטעל" אין בעלז. א גרויסע שטוב אין מיטען מארק, פון פאָרענט א שיינק, וואו עס זיצען עטליכע גוים און גויה'ס ביי איין טיש, עטליכע חסידים ביי אן אנדער טיש. הינטען גאַנצע פיער צימערן פאַר געסט. ביים זייט א גרויסער שטאַל, וואו עס שטעהען פערד און וואָגענס. געגענען אונזער האָטעל זעהט זיך א קירכע. ארום דעם מארק פּלאַץ קלייטלעך, וואו מען פער־קויפט בייגעל, קעראָסין, טעפּ, זייף, דיאָגעט, שטריק, לאַפּטשעס... אין מיטען פּלאַטץ א גרויסער ברונעם. אידישע וואַסער טרעגער, האַלב נאַקעטע, אויסגעמאַטערטע שעפּען דאָ וואַסער א גאַנצען טאָג און צו־טראָגען עס אויף קאַראָמעסלעס איבער די הייזער. זיי קריגען א העלער פאַר פיער עמער וואַסער. און מיט דיעזער ארבייט דאַרפען זיי אויפ־האַלטען א גאַנצע פאַמיליע! לעבען ברונעם שטעהט א הויכער סלופּ מיט א גלאָק. אז עס טרעפט זיך א פייער אין שטעדטעל לויפט מען צו דעם גלאָק און מען קלינגט... דאַן לויפען אַלע איינוואָהנער לע־שען דאָס פייער. אָבוואָהל עס איז שוין שפּעט נאָכמיטאָג, שטעהען נאָך פיעלע וועגענס פון די ארומיגע דערפער. בויערטעס האַנדלען רויטע מאַטעריע אויף פאַרטוכער, בויערען קויפען ברעטער און אנ־דערע בעל־הבית'שע זאַכען.

מיר גנעהען דורכ'ן שטאַהל אין אונזער צימער אריין. פרישע פערדישע מיסט, אַלטע קויט, גאַנצע מחנות מיט פליגען, וועלכע מאַכען די פערד זעהר נערוועז... נערוועזע פערד! אָה, צוואַנציגסטער יאָהרהונדערט!...

אונזער צימער אָבער רעדט זעהר ווייניג פון פראָגרעס. אויפ'ן וואַנד הענגט טאַקע א פערשימעלטע בילד פון „אפרים יאָסלען" (אזוי רופען זיי דאָ דעם אַלטען פּאָפּולערען פראַנץ יאָזעפ'ן), אָבער די וואַנד, דאָס מעבעל... אָי, וועה! איידער מען דערלאַנגט אונז טהעע, אום ניט צו פערשטיקט ווערען, עפען איך אויף א פענסטער און קוק ארויס. ווייט זעהען זיך בלויע הימלען, גרויע בערגלעך, גרינע פעל־דער און לעבען פענסטער מיסט, שמוץ, אָרעמקייט... די גלאָקען

פון דער קירכע הויבען אָן פלוצלונג פריילעך און הילכיג צו קלינגען. א קריסטליכע פּראָצעסיאָן קומט פון פעלד, וואו זיי האָבען געדאנקט גאָט פאר דער ערוואַרטעטער געזעגעניש. גרויסע וועקסענע ליכט, הייליגע פאָהנען, ווייהרויך, דונקעלע איקאָנעס. אלע זינגען מיט אזא ערנסטקייט. מיט שמחה, זעליגע צופריעדענהייט און ליעבע טראָגען זיי די הייליגע זאכען צוריק אין קירכע... און פון דער אנדער זייט שטאָט שטעהט דעם רבינ׳ס פּאלאַץ, דעם רבינ׳ס שול, דעם רבינ׳ס בית המדרש.... זיי זיינען דאָ נאָך פינף הונדערט יאָהר ווייט פון גאליליען, וועלכער האָט פּראָקלאמירט אָפען פאר דער וועלט, אז די ערד בעוועגט זיך דאָך... ווען זיי וועלען שוין אמאָל דערקריכען ביז גאליליען וואו וועט שוין דאן זיין דער אוואנגארד פון דער מענש־הייט ? !

ענדליך, ווען פון שמוציגע גלעזער מיט בלייכען טהעע האָט זיך נעצויגען א בלוייליכע פארע געגען די שטראהלען פון דער זונן, וואָס האָבען געשטרוימט דורך די אָפענע פענסטער, — איז ביי מיר און מיין לעמבערגער „מורה דרך" ארויס א זעהר הייסע דעבאַטע. די פראגע איז געווען : אין א וואָס פאר א „בחינה" זאָל איך ערשיינען פאר די ליכטיגע אויגען פונ׳ם רבי, זכר צדיק לברכה ? איך האָב געזאָגט : איך וועל קומען אין מיין אייגענער בחינה, אלס אידישער שרייבער. איך וועל זאָגען, אז איך בין געקומען פון דאָרטען און דאָר־טען און וויל וויסען דאָס און יענעס. מיין וועגווייזער איז געווען דאגע־גען. איך מוז קומען ווי אלע אידען, מוז געבען א פדיון, דערלאנגען דעם רבי׳ן א צעטעל, האלטען זיך ניט ווי די אפיקורסים, ימח שמם וזכרם. מיט א אידען, ווען ער איז זאָגאר אן אמעריקאנער, וועלען זיי זיך האלטען אָפען, אויפריכטיג, נאטירליך. פאר א שרייבער אָבער וועט דער עולם האמת באלד פערדעקט ווערען מיט א מאסקע פון דיפּ־לאָמאטיע. איך בין געווען נעגען אזא קאָמעדיע, איך האָב אָבער געמוזט צוגעבען, אז אָהן „קאָמעדיע" קען מען היינטיגע צייטען קיין ציעל ניט עררייכען. איך בין געגאנגען צום רבי׳ן ניט אלס מענש, נור אלס איד. און מיין אידישע באָרד האָט מיר זעהר פיעל געהאָלפען גושא חן צו זיין ביי׳ם צדיק און ביי די אלע מיניסטאָרען פון זיין הויף. דיזעלבע באָרד דאכט זיך, און דאָך אין וויליאמסבורג ברענגט זי צרות מיט יסורים, און אין בעלז־בורג — נחת מיט תענוג נפש.

פון דער נאָהענט האָט דעם רבי'נס שלאָס גאָר ניט אויסגעזעהען אזוי גרויסארטיג ווי פון דער ווייטען. די ווענד זיינען געוועזן אָבגע־דראַפּעט און צוקראַצט. די טהירען און די פענסטער לאַנג ניט גע־פּאַרבט. גרויסע בערג מיט ציעגעל, שטיינער, זאַמד און קאַלך זיינען אָנגעוואָרפען ארום און ארום. דער רבי בויט צו א נייעם פליגעל צו זיין מויער. אידישע שטיינ־שניידער, טישלער, מויערער זיינען גע־שטאַנען און געהאַקט. געשניצט, געשלעפּט שווערע שטיינער. זייערע פּנים'ער זיינען געוועזן בעגאָסען מיט שמוציגען שוויים. קריגען דיעזע אונגליקליכע ארבייטער וויפיעל עס איז פאַר זייער ארבייט, אָדער זיי ארבייטען שווער אין אזא היץ נור צוליעב זיין ליעבען נאָמען ווענען? דעם רבינ'ס גרויסער מויער פערנעהמט א קוואדראַט. אין מיטען מויער אַן ענגער שמוציגער הויף, וועלכער איז פול מיט חסידים און חסידות. אויף א טיש שטעהט א גרויסער שמוציגער סאַמאָוואַר און א איד מיט פערקאַטשעטע פּאָלעס פערקויפט דאָ טהעע, קיכלעך... אינ'ם שלאָס איז דאָ א פּריוואַט בית המדרש, א מרחץ, א גרויסע מילכיגע קיך בעזונדער און נאָך א גרעסערע פליישיגע קיך בעזונדער פול מיט גרויסע טעפּ און קעסלען. מע האָט אונז אריינגעפיהרט אין דעם גבאי'ס קאַנצעליאַריע. א גרויסעס צימער מיט א גלעזערנעם דאַך. סוכות הויבט זיך דער דאַך אויף און עס ווערט דאָ א סוכה. אין פאָדערצימער זיינען געזעסען פיעל אָרעמע לייט, בעטלער, קבצנים, שנאָרער. זעהר א גרויסער פּראָצענט פרויען. יונגע, אלטע, קראַנקע, געזונדע, אלע פון דעם טיפּ, וועלכע קענען זיין סאַרווערקערס, גבאי'טעס, תכריכים נעהערינס, פּרוכת־טרעגערינס. זייערע פּנים'ער זיינען געוועזן בעדעקט מיט א געמאַכטען שלייער פון צניעות. מע האָט אָבער ניט געדאַרפט קיין שאַרפען אויג צו זעהן, אז קוים וועט איהר נור א ריהר טאָן דעם צניעות־שלייער, וועט איהר דערזעהן חוצפה און אויסגעלאַסענהייט. אמעריקא איז געוועזן אין א גרויסע געפאַהר ווען דער דאָזיגער לעגיאָן שנאָרערס האָט זיך א וואָרף געטאָן נאָך נדבות. נור טאַקע דעם צדיק'ס זכות איז מיר בייגעשטאַנען...

דעם גבאי'ס אסיסטענט, זיין זוהן טאַקע, א זיידענער יונגער־מאַנטשיק מיט גנב'ישע אויגען, האָט מיר געגעבען א ברייטען שלום עליכם, ווי אַן אמעריקאַנער מיליאָנטשיק קען נור זוכה זיין. און מיין עקזאַמען האָט זיך אָנגעפאַנגען. איך וויל זעהן דעם רבי'ן? יא! וויל

איך איהם דערלאַנגען אַ צעטעל? יאָ! וואָס וויל איך ביים רבי'ן בעטען? — איך?... איך וויל גאָרנישט ניט בעטען... איך וויל איהם נור זעהן — וואָס הייסט גאָרנישט ניט בעטען? האָט זיך דער עקזאַמענאַטאָר געוואונדערט. דער לעמבערגער מורה דרך מיינער האָט אויף מיר אַ בייזען קוק געטאָן, איך האָב פערביסען מיין ליפּ. — אַלזאָ וואָס ווילט איהר בעטען ביים רבי'ן? פּרנסה? ניין, פּרנסה, ניט צו פערזינדיגען, האָב איך. דער יונגער גבאי האָט צו מיר גנב'יש אַ ווינק געטאָן און האָט מיט אַ שמייכעלע בעמערקט: איך פערשטעה, געלויבט זאָל זיין דער השם יתברך, איהר זייט אַן אַמעריקאַנער עושר? אַלזאָ ווילט איהר בעטען דעם רבי'ן מכח קינדער?... ניין! ניין! דאָס געוויס ניט... וועגען אַזאַ זאַך דאַרף מען דעם רבי'ן אודאי ניט מטריח זיין. — נו, ווילט איהר איהם אפשר בעטען מכח געזונד? — איך בין ניט קראַנק... דאָ האָט שוין מיין מורה דרך ניט גע־קענט אויסהאַלטען און האָט זיך אריינגעמישט: וואָס הייסט, איהר זייט ניט קראַנק? איהר פאָהרט דאָך קיין קאַרלסבאַד! — אַזוי? איהר פאָהרט אין די בעדער? זייט איהר דאָך קראַנק. — איך בין ניט קראַנק, איך פאָהר נור אָנוועריען אַביסעל פעטס... — נאָך וואָס דאַרפט איהר פערלירען? ווייל דאָס שטערט אייך צום געזונד? נו, דאַרפט איהר בעטען דעם רבי'ן, ער זאָל בעטען גאָט, ער זאָל אייך העלפען פערליערען. ווי איז אייער נאָמען?

— מיין נאָמען איז יעקב יוסף בן יחיאל מיכל הלוי.

— ניין, אייער פאָטערס נאָמען דאַרפען מיר ניט. איהר גיט אונז נור אייער מוטערס נאָמען. איך האָב זיך געוואונדערט, פאַרוואָס עפּעס דער מוטערס נאָמען. דער יונגער גבאי'לע האָט אָנפאַנגס מיר ניט געוואָלט ענטדעקען דעם טעם. ענדליך האָט ער מיר פשוט ער־קלערט: אַ מענש קען קיין מאָל ניט זיין זיכער, ווער זיין טאַטע איז געוועזען. ווער אָבער איז געוועזען זיין מאַמע, — דאָס ווייס ער געוויס.

הייסט עס, די מוטער פון יעדען אידען וואָס קומט אַהער, ווערט דאָ בעלעדיגט מיט אַ מיאוס'ען חשד? איך האָב געוואָלט מאַכען אַן אפּיקורסישע בעמערקונג און האָב אָבער בעגנוגנט דעם בעטענדען בליק פון מיין לעמבערגער וועגווייזער. איך האָב אויף גיך ארויסגענו־מען אַ סיגאַר און פערראויכערט. אַנדערע הילפּזוכער זיינען צוגעטרע־

טען צום טיש שרייבען צעטעלעך און בקשות צום רבי'ן. איך האָב גע־
שוויגען, געהאָרכט און געוואונדערט זיך. א שווארצע מעכטיגע האַנד
האָט פּלוצלינג א שטוים געטאָן דעם שווערען מאסיווען „ווייזער"
פון דער צייטס־זייגער אויף 150 יאָהר צוריק. און אָנשטאָט די ווירק־
ליכקייט האָב איך דערזעהן די פאַנטאַסמאַגאָריע פון עולם התהו...



# ווער עס פאָהרט און וואָס מען בעט ביי דעם בעלזער רבי'ן.

איך ווייס ניט, ווי דער רבי מיינט, די אָבער וואָס פאָהרען צום רבי'ן מיינען עס גאנץ ערנסט. צום רבי'ן פאָהרען טהעטיגע געשעפטס־לייטע, וועלכע ווילען זיך אויף א צייט ארויסרייסען פון דער גשמיות־וועלט און אריבערטראָגען זיך אין דער וועלט פון רוחניות. אהער פאָה־רען קבצנים אָברוהען זיך פון זייער שווערען יאָך און פערגעסען די וועלט פון צרות און טרערען. אהער קומען גענאַלטע לומפען און אפע־ריסטען צו קויפען פאר געלד א כפרה פאר זייערע שווערע זינד. אהער קומען ליידענדע צו געפינען א ערלייכטערונג, אהער קומען קראנקע בעטען א רפואה, אהער קומען קליינע פאראזיטען צו נעהרען זיך פון די שיריים פון א גרויסען פאראזיט. איך זיץ ביים טיש און הער זיך צו, וועלכע „פעטיציאָנען" מען שרייבט צום רבי'ן. א איד האָט זיך צוגארטעלט אין א בית הכסא און ביי איהם איז ארויסגעפאלען א פאטשיילע מיט זיעבען הונדערט ראניש. ער האָט א חשד, אויף דעם בעל אכסניא און בעט דער רבי זאָל זיך משתדל זיין ביים רבש'ע. אזא שתדלנות האָט אין זיך וועניג אונערקלעהרליכעס, ווארום אויב אפילו דער רבש"ע וועט זיך ניט אריינמישען, וועט אפשר דער רבי אליין דעם בעל אכסניה צושפארען צום וואנד און ער וועט אָבשטע־קען... א הויכער שעהנער איד, מיט א זיידענע בלאָנדע באָרד בעט מיט הכנעה דעם גבאי'ס אסיסטענט, ער זאָל מוחל זיין אָנשרייבען א צע־טעל צום צדיק.

— וואָס ווילסט דו בעטען? פרעגט דער יונגער אונטער גבאי מיט א פרעכען טאָן פון א וויכטיגען בעאמטען.

— מיין ארענדע ענדיגט זיך אין צוויי חדשים ארום, און איך

האָב געהערט, אַז דער פּריץ וויל די אַרענדע צונעהמען ביי מיר און אָבנעבען ישראל־יאָסלען, וועלכער איז מרוצה צו צאָהלען טהייערער. וויל איך דער רבי זאָל פּועלן ביי גאָט ב״ה אַז דער פּריץ זאָל ניט ווע־לען טייערער פאַר דער אַנדערע און ער זאָל זי ישראל־יאָסלען ניט אָבנעבען.

דער אונטער גבאי האָט פערשריבען די „פּראָשעניע״ פון דעם אונטערטהעניגם בעטענדען, האָט געקראָגען פאַר זיין מלאכה א זיל־בערנע מטבעה און האָט זיך געווענדעט צו א בלאַסע, מיטעל־יעהריגער בעל הבית׳ישע אידינע מיט א פרעכען אויסגעשריי: נו! און וואָס ווילסט דו?

— איך בין קראַנק מיט דער זעלבער קראַנקהייט... איהר ווייסט דאָך. וויל איך דער רבי זאָל אויסבעטען פאַר מיר א רפואה שלמה... און איך האָב נאָך א בקשה. איך האָב געבראַכט מיט זיך מיין יונגעל עוזר׳ן. ער איז אַלט צוועלף יאָהר. וויל איך דער רבי זאָל געזונד זיין, זאָל זיך פון זיינעט וועגען משתדל זיין. אוי! עס איז א גרויס אונגליק מיט׳ן בחור׳ל. נור ער רעדט פון שעהנע זאַכען. ווי ער דער־זעהט א שעהנעם האַלז־טיכעל אָדער דאָרטען אַן אַנדער שעהנע זאַך ווערט ער פערצאַפּעלט. ער האַלט נור אין טראַכטען פון גאָט ווייסט וואָס. איך וועל אויסוואַקסען, זאָגט ער, וועל איך פאָהרען קיין לעמ־בערג... אין לעמבערג דאַרף זיין שעהן... איך וועל לעבען אין לעמ־בערג. אוי, וועה איז מיר! עס איז עפּעס ניט גלאַט מיט׳ן קינד... איך וויל דער רבי זאָל צונעהמען ביי איהם די דאָזיגע געדאַנקען...

דער גבאי אליין איז דערווייל געקומען. מען האָט איהם געוויס געגעבען צו וויסען, אַז אַן אַמעריקאַנער עושר וויל זעהן דעם רבי׳ן דער גבאי איז מיר באַלד געפעלען געוואָרען. א שעהנער איד א פאַר־שוין, מיט א שוואַרצע סאַמאַטענע קיילעכדיגע בערדעל, מיט צוויי גרויסע קלוגע שוואַרצע אויגען. ער פערשטעהט א געשעפט, א ממזר! ער האָט מיך באַלד גענומען איבערעקזאַמענירען. מיט זיין מויל האָט ער געפרעגט און מיט זיינע חיטרע אויגען האָט ער געוואָלט אריינקור־קען און מיין נשמה. איך האָב זיך געהאַלטען רוהיג, האָב געענטפערט בנעימות, האָב געגעבען דייטליכע פאַקטען וועגען אידישקייט אין אַמעריקאַ, האָב טראַקטירט איהם און זיין זוהן מיט צוויי גוטע האַ־וואַנאַ סיגאַרען, האָב ביד רחבה בעצאָהלט פאַר מיין צעטעל און דער

גבאי איז געלאָפען פאַרבערייטען דעם רבי׳ן מיט דער פערשפּרעכונג, אז מיך וועט מען רופען צום ערשטען. מיך צום ערשטען! פאַר וואָס? וואו זיינען די דעמאָקראַטישע פאָרמען, אויף וועלכע די אַלטע אידי־שע אמונה איז געווען א מאָל געגרינדעט? ווי אומעדום, געלד און יחוס געהען פריהער, נאכדעם קומען די אמת גלויביגע.

דער רבי רופט! האָט אויסגעשריען א הויכער דארער איד מיט א גרויסען הויקער און מיט א קיילעכדיגען עפּעל אונטערן גאַרגעל, וועלכער ניט דער גאַרגעל, דער איד) איז אריינגעלאָפען מיט אן אומ־פּעט. איך האָב א גלעט געטאָן מיין כשר׳ע אידישע באָרד און בין אויפגעשטאנען. מיר זיינען ווידער דורכגעגאנגען דורך דעם שמוציגען ענגען הויף. לעבען טיש מיט׳ן גרויסען שמוציגען סאַמאָוואר איז גע־שטאנען אן עולם. פּיעלע האָבען געטרונקען טהעע שטעהענדיג און האָבען געקוקט אויף מיר מיט א געפיהל פון אכטונג און בענײדונג. דורך א לאנגען דונקעלען קאָרידאָר זיינען מיר צוגעגאנגען צו דער טהיר פון רבינ׳ס קדשי קדשים. ביי דער טהיר איז געשטאנען דער „שווייצאר", — אן אַלטער נערוועזער איד מיט א לאנגע באָרד אָהן א בעשטימטען קאָליער, אין שיך און זאָקען. ער האָט מיר אויף גיך אָבגעגעבען א בכבוד׳יגען שלום עליכם און האָט געעפענט די טהיר דער איד מיט׳ן גאַרגעל איז אריינגעלאָפען פריהער און האָט געמעל־דעט: „ער געהט"! איך בין געשטאנען אין א גרויס צימער. ביי א לאנגען טיש איז געזעסען דער רבי אויבען אָן. לעבען איהם איז גע־שטאנען דער גבאי העפליך איינגעבויגען, ווי א ריכטיגער קאמער־העדר, נור זיינע קלוגע אויגען האָבען געקוקט פרעך.

— שלום עליכם, האָט געזאָגט דער רבי מיט א געמאכטע פריינד־ליכקייט, — גיב א שטוהל דעם גאסט, האָט ער געזאָגט צו דעם איד מיט׳ן גאַרגעל. איך מיט׳ן רבי׳ן זיינען געזעסען, די איבריגע זיי־נען געשטאנען די גאנצע צייט. איך האָב זיך ארומגעקוקט. קיין מע־בעל אין צימער. אויפ׳ן טיש לעבען רבי׳ן איז געשטאנען א גרויסע גלעזערנע פּושקע פול מיט זילבערנע מטבעות. דער רבי אליין א גע־וועהנליכער בעיאַהרענטער איד מיט א זעהר געוועהנליכען פּנים. קיין חכמה, קיין גרויסקייט, קיין געלערנטקייט, קיין פאַלשקייט זאָגאר האָט זיין פּנים ניט אויסגעדריקט. פּשוט א איד פון א גאנץ יאָהר. די האַלבע שטונדע וואָס איך האָב מיט איהם גערעדט, האָב איך פון

איהם ניט געהערט קיין איין מערקווירדיגע בעמערקונג. קיין איין קלוג וואָרט. דער רבי האָט געפרעגט, איך האָב געענטפערט. די איבּ־ריגע האָבען געשוויגען. אזוי פאָדערט דער הויף־עטיקעט. א סך אידען אין אמעריקא? ווי לעבען די גאַליציאַנער אידען דאָרטען? איז ניטאָ דאָרטען, חלילה, קיין רדיפות מיט קיין גזרות אויף אידען? ווי האַלט עס מיט אידישקייט? דאנקען גאָט, מיט אידישקייט האַלט עס זעהר גוט. האָבען די אידען פרנסה? איז וואהר, אז די אידען ווע־רען רייך אין אמעריקא? (דאַנקען לויבען גאָט). און מיט וואָס בע־שעפטיגט איהר אייך?

— איך?... וואָס זאָגט מען? איך האָב געוואָלט זיין וואָס געהענטער צום אמת און האָב געענטפערט, איך בעשעפטיגט זיך מיט ביכער.

— דאָס הייסט איהר זייט א מוכר ספרים? זעהר שעהן. קויפען נאָך די אידען ספרים דאָרט?

— יא, זיי קויפען קינות, תחינות, מחזורים, הגדות...

— קיין גרויסע לומדים, ווי עס זעהט אויס, זיינען זיי דאָרט ניט....

— חלילה!

— איך זעה, ביי אייך ליגט די אידישקייט אויפן פנים, דער רבי האָט געצייגט אויף מיין באָרד. נו, און ווי אזוי זיינען אייערע קינדער!

— מיינע קינדער? אי, פרעגט בעסער גאָר ניט.

— אָבער תפילין און לכל הפחות, וואָס מען מוז?

— נישט אי אי אי!...

— אָבער אין שול געהען זיי דאָך?

— אין שול? ווייס איך, אויך מיר א שול.

— אוי! רחמנא לצלן... איהר זייט דאָך א טאַטע, וואָס הייסט?

— א טאַטע! א גרויסע זאַך אין אמעריקא א טאַטע. זיי פאָל־גען דען א טאַטען?

דער רבי האָט זיך געווענדעט צום גבאי און האָט בעמערקט:

יא, דאָס איז ריכטיג. פיעלע האָבען זיך מיר געקלאָגט, אז אין אמעריקא ווייסען ניט די קינדער פון כבוד אב. האָט ניט קיין

יסורים, האָט ער מיר געזאָגט, וועלענדיג מיך טרייסטען. איך וועל בעטען גאָט, אייערע קינדער זאָלען ווערען פרומע כשר'ע אידען. אי"ה, גיך וועט משיח קומען און אַלע אידען וועלען זיך אומקעהרען צוריק צו אידישקייט.

אומקעהרען צוריק? איך האָב אַ קוק געטאָן אויפ'ן רבי'ן מיט זיינע אויטאָמאַטישע אויגען, אויפ'ן גבאי מיט זוון גנב'ישען בליק, אויפ'ן הויקערדיגען איד מיט'ן גאָרגעל, וועלכער איז געשטאַנען איינגעבויגען, מיטביידע הענד אין די הינטערשטע קעשענעס. פיהלען זיי זיך דאָ ווירקליך אַזוי מעכטיג אומצוקעהרען צוריק?... אַלע זיינען געבליבען שטיל. פון דרויסען האָט זיך ניט געהערט קיין לעבעדיגע שטימע. נור די זונן האָט געוואָרפען דורך די גרויסע פענסטער גאַנצע גארבען מיט ליכטיגע שטראַהלען. איך בין אויפגעשטאַנען, האָב געגעבען דעם רבי אַ „זיי געזונד" און ער האָט מיר געגעבען אַ „פאָהר געזונד". איך האָב אריינגעלייגט אין רבינ'ס פושקע צעהן קראָנען, האָב געגעבען עטליכע קראָנען דעם גבאי, עטליכע קראָנען דעם איד מיט'ן גאָרגעל, עטליכע קראָנען דעם איד ביי דער טהיר און איך בין ארויס אויף דער פרישער לופט אין דעם ליכטיגען פרייען דרויסען. פיעלע מענשען קומען אהער מיט אימה ופחד און געהען ארויס פון דאנען מיט פרייד און האָפנונגען. געוויס, עס איז דערפאַר ווייל זיי גלויבען. איך גלויב ניט, איך האָב ערוואַרטעט צו קריגען דאָ אַן איינדרוק. גו, ווי אין אַ כינעזישען טעמפעל לעבען אַ בודיסטישען אונגעלומפּערטען אָבגאָט, אָדער ווי אין אַ מוזעאום לעבען אַן אַלטע עגיפּטישע מומיע, אָדער ווי אין אַ קירכע אין דער געגענוואַרט פון אַ בישאָף. קיין זכר! איך האָב געזעהן אַ צו רעאַליסטישע שטיק, גאָר אָהן אויסשטאַטונג... איך בין געקומען אהער מיט אַן אונבעגרינדעטע ערוואַרטונג און בין ארויסגעגאַנגען מיט עטליכע קראָנען ווייניגער אין מיין קעשענע.

מיר זיינען פערבייגעגאַנגען דעם רבינ'ס שטיינערנע שול און אונערוואַרטעט האָבען מיר פערבלאָנזשעט אין אַ אידישען חדר. ביי אַ ניעדריגען טישעל איז געזעסען צוזאַמענגעקאָרטשעט אַ בלייכער אויסגעמוטשעטער מלמד און ארום איהם קליינע אינגלעך ביי אָפּענע גמרות. קינדער האָבען געלערענט כתובות! דער מלמד האָט מיט גאווה געצייגט אויף צוויי קליינע ריין געקליידעטע אינגלעך

מיט גלאַט אָבגעשאָרענע קעפּלעך און מיט אונגעהייער לאַנגע דינע פּאות. דאָס זיינען דעם רבינ׳ס אייניקלעך. די קינדער האָבען געקוקט אויף אונז מיט נייגיריגע און פריילינבע אויגעלעך. זיי זיינען געווען צופריעדען מיט אונזער וויזיט און האָבען געווים גאָט געבעטען, מיר זאָלען זיצען און שמועסען מיט׳ן מלמד וואָס לענגער. איך האָב א קוק געטאָן אין דער אָפענער טהיר פון צווייטען צימער: אַן אויוועו... א טיש בעדעקט מיט א שמוציג־געלען טיש־טוך. א הויכע בעט מיט א שמוציגע רויטע קאָלדרע... א קאַץ ליגט אויסגעצויגען און וואַרעמט זיך ביים פענסטער, אונטער׳ן בעט שפּאַצירט אום א הוהן... לאַנג, לאַנג פערגעסענע בילדער זיינען ארויסגעשוואומען אין מיין זכרון. אה, מיינע זיסע, פערלאָרענע, אויף אייביג פערשוואונדענע קינדער יאָהרען!...

און דאָס איז דעם רבינ׳ס בית המדרש. דאָ זיצט מען און מע לערענט תורה. מיר זיינען אריינגעגאַנגען אין א הויכען, געראַומיגען, ליכטיגען בית המדרש. לעבען ארון קדוש, אויפ׳ן בעלעמער, ביי די עמודן, ביי לאַנגע טישען זיינען געזעסען סטודענטען און האָבען געלערענט אין פערשיעדענע גרופּען. דאָ זיינען געזעסען צוויי אַלטע זקנים און האָבען וועגען וואָס דיסקוטירט. צוויי קעפּ בעלויכטען מיט שטראַהלען פון דער זונן, וועלכע האָבען פערדיענט געמאַהלט צו ווערען פון א רעמבראַנדט. דאַרע עטליכע יונגע לייט לערנען מיט התמדה. אין א ווינקעל זיצט אַן אַלטער איד און זיין חבר איז א אינגעלע פון א יאָהר 14 מיט אַן אינטעליגענטען פּנים און מיט ליכטיגע אויגען. איך האָב א קוק געטאָן אויף ערנסטע לערנער, אויף די טויזענדער דיקע, אַלטע ספרים מיט גראָבע רוקענס און אָבגעריבענע טאָוולען אין די וואַנד, און א געפיהל פון טיעפען רעספּעקט האָט אָנגעפילט מיין ברוסט. איך האָב געפיהלט, אַז איך געפין זיך איצט אין אַן אַלטע אקאַדעמיע, וועלכע איז פערצויבערט געוואָרען מיט צוויי טויזענד יאָהר צוריק.... צוואַנציג יאָהר הונדערט זיצען די סטודענטען אויף די זעלבע פּלעצער, ביי די זעלבע ספרים און שטודירען דיזעלבע סחאָלאַסטישע פראַגען. פעלקער האָבען געלעבט און זיינען געשטאָרבען, אקאַדעמיען זיינען געווען געבויט און פערניכטעט, גרויסע פאָרטשריטע זיינען געווען געמאַכט, גרויסע נייאיגקייטען ערפונדען, — און זיי, די פערצויבערטע, זיצען אין זייער אַלטער אקאַדעמיע, ביי

זייערע אלטע טראקטאטען און לערנען, און לערנען זייער אלטע, פון צייט אָבגעבלאקעוועטע, האלב פערשטיינערטע תורה. תורה איז ניט גלויבען, תורה איז לערנען, שטודירען, פאָרשען. זיי לערנען ניט אום צו קריגען א פראָפעסיאָן, א פראקטישען געווינס, א פאטענט, — זיי לערנען, ווייל לערנען איז די אטמאָספערע פון זייער לעבען, דער צוועק פון זייער עקזיסטענץ! אָה, דו גרויסעס תורה־פאָלק! איך האָב קיין מאָל אין מיין לעבען ניט געפיהלט אזא רעספעקט און אזא בעוואונדערונג צו דיר, ווי אין די מינוטען, ווען איך בין געשטאנען אין דיין אָרעמע אָבער גרויסע, אלטע אָבער וואונדערבארע, פערגליווערטע און דאָך לעבענספאָלע, פערצויבערטע און געטליכע אקאדעמיע אין א אָרעמע אידישע שטעטעל, אין בעלז!



# צוריק פון רבי'ן.)

מיר האָבען זיך אומגעקעהרט פון בעלז גליך צוריק קיין לעמ־בערג. איך האָב געוואָלט אביסעל זעהן גאליציע ניט דורך דעם פענס־טער פון א וואַגאָן, ניט דורך דער טהיר פון קאפע־הויז און ניט פונ'ם באלקאָן פון א האָטעל. איך האָב געוואָלט מאכען א קליינע נסיעה אויפן אלטען שטייגער, מיט דער אקס אויף א פוהר. מיין לעמבערגער ווענ־ווייזער האָט מיר געראַטהען מאכען א רייזע אין א קליין ארעמע שטע־טעל וואריש ביי דער רוסישער גרעניץ. מיר ווען דורכפאָהרען א פאָר דערפער, זעהן א שעהנע געגענד און א קוק טאָן פון ווייטען אויף רוסלאנד, — אויף דעם לאנד, דער נאָמען פון וועלכען רופט ארויס אזוי פיעל זכרונות און געראנקען. פון ווייטען א קוק טאָן אויף דעם לאנד, וואו איך האָב אמאָל געלעבט און געקעמפפט, געליטען און גע־האָפט, געשטרעבט און געטרוימט, געליעבט און געהאסט, וואו איך האָב פיעל פרייד געהאט און פיעל טרערען פערגאָסען.

ווידער צו דעם דאָזיגען גרענעץ,
ציהט מיך א מיסטישע קראַפט.
אה, בילדער, בעקאנטע און ליעבע!

---

די זונן האָט זיך אראָבגעלאָזט ניעדריג אין מעריב זייט, ווען מיר זיינען ארויסגעפאָהרען פון בעלז אויף א פיאקער און א פאָר גאנץ נישקשה'דיגע פערדלעך. אמת'ע חסידישע פערדלעך, וועלכע האָבען פון דער עבודה געהאלטען מעהר ווי פון תורה, און וועלכע זיינען געגאנגען מיט חשק צו דער תפילה שוין האָבענדיג פריהער די סעודה.

מיר זיינען פערביי געפאָהרען די קליינע הייזלעך, שמוציגע געס־לעך, ארעמע קלייטלעך, בערג מיט מיסט, הויפענס מיט האלב נאקעטע

קינדער, לעגיאָנען מיט ווייבער און חסידים. מיר האָבען זיך ווידער אראָפּגעלאָזט צום בריקעל, בעגעגענט נייע רעאליסטישע בילדער ביים טייכעל, אריבערגעיאָגט א וואָגען מיט שכור׳ע פויערים, פער־בייגעפאָהרען אן אלטע בויד וועלכע איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט פאות, און ביי יעדע פּאָר פאות האָט זיך געפונען טאקע א איד אויך. מיר האָבען געלאָזט די געביידע פונ׳ם וואָקזאל רעכטס און מיר זיינען אריינגעפאָהרען טיעף אין א גרויסען, ברייטען אונענדליכען ים פון גרויליכע פעלדער און גרינע טהאָלען. ווייט האָבען זיך געזעהן שפּי־ציגע בערגלעך, וועלכע מיר רופען אין נאָוואָראָסיע מאָהילעס. קליינע וועלדלעך האָבען זיך אָנגעהויבען איינצוּוויקלען אין גרויע טליתים פון דעם פארנאכטיגען טומאן. א פריש ווינטעלע האָט געשטיפּט אי־בער דער גאליציאנער סטעפּע. צווישען די שטאָלצע זאנגען האָבען פריי־לעך געזונגען מחנות מיט פייגעלעך, און היישעריקען האָבען הילכיג געגרילט. גאנצע קאָוויאָרען, געפלאָכטען פון רויטע, ווייסע, געלע און בלויע פעלד בלומען, זיינען געווען אויסגעשפּרייט פון דעם וועגס ביידע זייטען. א פרייד און אתענוג נפש האָבען זיך צוגאָסען איבער אלע גלידער, איך האָב שוין לאנג, לאנג ניט געאטהעמט מיט אזא פרישע, שטארקע, אויפמונטערענדע לופט. איך האָב דערפיהלט אין זיך נייע קרעפטען, ווייל איך האָב ווידער בעריהרט די מוטער ערד, וועלכע איך האָב שוין 16 יאָהר ניט בעטראָטען מיט מיינע וואנדערנ־דע פיס. די פערדלעך זיינען געלאָפען לעבעדיג איבער דעם גוטען שאָ־סירטען וועג, דער אָנטרייבער האָט געפייפט צו זיי מיט ענערגי און ווייט האָט זיך געהערט א מאלאָראָסישעס ליעד, געזונגען פון א קאָהר יונגע שיקסעס. איך האָב זיך אומגעקוקט צוריק, בעלז איז געווען ווייט אויף א בארג. עס איז אָבער ניט געווען דאָסזעלבע ארעמע, פער־חושך׳טע, וואָכעדיגע שטעטעל. די פערגעהענדע זונן האָט זיך אָבגע־שטעלט אין בעלז און האָט פערוואנדעלט דיווירקליכקייט אין א וואונדערבארע פאנטאזי. איך האָב געזעהן פאלאצען פון גאָלד, גע־שטיצט אויף קאָלאָנען פון פייער... צוויבערשע בנינים גנדעקט מיט שיינענדע בריליאנטען, טעמפּלען פון גלענצענדען קריסטאָל ארומגע־צוימט מיט א וואלד פון בלוט־רויטע ראָזען.... א טעפּיך פון פור־פור־סאמעט איז געפאלען פון די הימלען אראָפּ צו בעלז, ווי עס פאסט פאר די וואָס וועלען דארפען געהן אין דער הויך... איך געה אריבער

אין אַ צויבער וועלט און אויפן זינען קומט מיר פּאַרסיוואַל. יאָ, ווען דאָס גאַרישע, נאַאיווע און פערטרוימטע קריסטענטום איז אין דער פּערזאָן פון דעם בעל חלום פּאַרסיוואַל געגאַנגען אויף דעם צויבערי־שען פאַנטאַסטישען באַרג „מאָנסאַלוואַט" צו געפינען דעם הייליגען גראַאַל, — דעם בעכער אין וועלכען ער האָט געדענקט צו געפינען עטליכע טראָפּענס בלוט פון אַ „געפּאַלענעם" אידען, — איך זאָג, ווען פּאַרסיוואַל האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען צו „מאַנסאַלוואַט", האָט ער ניט געקענט זעהן אַזעלכע וואונדער, ווי אין דעם אויגענ־בליק האָט מען געקענט זעהן אין דעם רבין׳ס רעזידענץ, אין בעלז! אַלעם איז אָבהענגיג פון דער בעלייכטונג.

די פּערדלעך לויפען מיט חשק, הוסטען אָפּט פון דעם שטויב וואָס פּאַלט זיי אויף די לונגען און וואַרפען זיך אָן אַ זייט, ווען זיי קריגען אָן אומזיסטען שמיץ. מיין לעמבערגער „מיטפאָהרער" פרעגט יעדע מינוט ביי דעם אָנטרייבער: וואָס וואַקסט דאָס? איך וויל ווייד זען די קענטניסע פון אַ איד, וואָס איז אַמאָל געוועזען אַן אידעאַליס־טישער לאַנד־אַרבייטער און הויב אָן צו געבען ערקלעהרונגען: דאָס פּעלד מיט ווייסע זילבערנע בוימעלעך, דאָס איז הרעטשקע, קליינינ־קע גראָזענע בוימעלעך מיט קייליכינקע קעפּלעך — דאָס איז ליאָן (פלאַקס). די זאַנגען, וואָס ווייזען אויס ווי צייהן באַדעקט מיט שטע־כיגע סאַלדאַטסקי וואָנצעס, דאָס איז גערשטען, דאָס איז ווייץ, דאָס איז פּראָסע . . . די הויכע שטאָלצע זאַנגען — דאָס איז קאָרן, קאָרן...

דאָס קאָרנפעלד רוישט ווי אַ יונגע אויסגעפּוצטע פרוי מיט איהרע נייע זיידענע קליידער. אַ גרילצע גראַגערט הויך און לעבעדיג, אונזער וואָגען לויפט. ווער ער בעגעגענט אונז קעהרט אַראָפּ פון וועג. אידען און קריסטען נעהמען אַראָפּ די היטלען און נייגען זיך: „גריסע גאָט!" יאָ, גריסען גאָט איז זעהר שעהן. עס איז זעהר שעהן און נאָ־בעל צו גריסען אַ פרעמדען, אַ וואַנדערענדען, אַ רייזענדען. אַן אַמערי־קאַנער פאַרמער גריסט אויך פריינדליך יעדען אונבעקאַנטען. אָבער אַראָבנעהמען דאָס היטעל און איינבויגען דעם קאָפּ נור דערפאַר, אפשר איז דער וואָס פאָהרט פון די העכערע, פון די „בעסערע" מענ־שען, דאָס איז אַן אַלטע געוואָהנהייט פון אַלטע שקלאַפען. דער פעאָ־דאַליזמוס שטאַרבט אָב זעהר לאַנגזאַם אין אַ לאַנד פון פערטרוימטע פּעלדער . . .

א קליינע הילצערנע הייזעל ביים וועג שטעהט טיעף פערפלייצט פון א הויכען שטראם פון קארענע זאנגען. איבערן וועג א שלאגבוים. אונזער וואגען שטעלט זיך אב. וואס איז דאס? א גרענעץ? איך זעה ניט קיין וועכטער, קיין זשאנדארען, קיין סאלדאטען. א אידענע מיט א זאק אין האנד, ביי איהר קלייד האלט זיך א „פערמורזעטע", קליי־נינקע מיידעלע מיט געגרייזעלטע, פערפלאנטערטע, לאנג ניט גע־קאמטע האאר, — קומען צו צום וואגען און דער אנטרייבער גיט זיי עטליכע קופערנע מטבעות. דורך דער אפענער טהיר פון פאדער־הויז זעה איך, א גוי, מסתמא א „ראבאטניק", זיצט אויף א ניעדריגען בענ־קעל לעבען א ניעדריגען טישעל און זופט עפעס מיט אפעטיט פון א ליימענע שיסעל. אין א ווינקעל שטעהט א איד און דאווענט מנחה. פון אן אפענעם פענסטער קוקען ארויס עטליכע שעהנע, פערשמירטע קעפלעך. וואס איז דאס? פרעג איך מיין לעמבערגער מורה דרך. — דא לעבען דעם שלאגבוים דארף יעדער וואגען בעצאהלען וועג שטייערן. דער איד בעצאהלט פאראוים פאר א גאנצען יאהר א געוויסע סומע. פאהרט מען א סך — פערדיענט ער עטוואס דערביי. פאהרט מען ווענינ — לעגט ער נאך צו. ער לעבט דא אין פעלד מיט זיין פאמי־ליע א גאנץ יאהר און זעהר אפט טרעפט זיך, אז מען געפינט אזא מין בעל מוכס'ן מיט זיין גאנצע פאמיליע אויסגעקוילעט.

פאר יעדע זאך צאהלט מען שטייערן אין דעם ארעמען לאנד און פון יעדע זאך זוכט מען זיך א שטיקעל פרנסה. א אידישע פאמיליע אליין אין פעלד. מען זאמעלט איינציגע פרוטות'ווייז דעם קרן און מען האפט עטליכע פרוטות צו פערדיענען. און ווען עס קומען די פינסטערע לאנגע אקטאבער נעכט, ווען דער ווינד יאמערט אין דער סטעפע, רייסט און קלאפט מיט די לאדען, דאן זיצט דער איד און ציטערט, אפשר וועלען קומען עטליכע שכור'ע פויערים פון א נאהענטען דארף און וועלען ערמארדען איהם און זיינע קליינע אונשולדיגע קינדער צוליעב עטליכע גראשען... און דאך... און דאך איז דעם אידען דא אין פרייען פעלד ניט בעסער ווי יעדען אר־בייטער אין א גרויסע שטאט? זיינע קינדער וואקסען אונטער דעם בלויען הימעל, זיי שפיעלען זיך אין א וואלד פון זאנגען און בלו־מען און באדען זיך אין די שטראהלען פון דער זונן. די רוהיגע נא־טור ארום איהם בערוהיגט איהם און קרעפטעט זיינע נערוועז. פער־

קריפּעלט ווערען פון א מאַשינע, דער'הרג'עט ווערען פון רעדער איז דען בעסער? איך זיץ פערטיעפט אין מיינע געדאַנקען, דער וואָגען לויפט שנעל, די לופט ווערט קיהלער. עס שמעקט מיט פרישע היי. אָט שטעהט אויף אַבערגעל א בראַנפען־ברענעריי. א פּריצישער הויף קוקט ארויס ראָמאַנטיש דורך די הויכע בוימער פון א גרינעם גאַר־טען. ווייט אין א טהאָל זעהט זיך א דערפעל. פון די קוימענס ציהט זיך א ווייסער רויך גלייך צו די בלויע הימלען. מע קאָכט וועטשערע. מיר פאָהרען פערביי א קליינעם וועלדעל און קומען אין א דאָרף. ביים וועג א ברונען, אַנקעגען אן אכסניה מיט א סטאָדאָליע. אויפען גאַנעק לויפט ארויס א איד, א מיידעל, א יונגע ווייבעל מיט א קינד אויפען האַנד, עטליכע קעפּ קוקען ארויס דורכ'ן פענסטער, אלע זיינען נייגעריג צו וויסען, ווער איז דאָס צוגעפאָהרען. ביים ברונען שטעהט א רעדעל פון אַלטע פּויערים, מיט ערנסטע פון דער זונן פערברענטע פּנים'ער. זיי האַלטען מסתמא א וויכטיגען מיטינג וועגען זייערע דאָרף פּראָבלעמען. אַלע נעהמען לאַנגזאַם אראָפּ די היטלען. ביי דער טהיר, אין מיטען דרויסען, זיצט א אידינע פון מיטעלע יאָהרען און מעלקט אן אונגעדולדיגע בהמה. אוי! עס קומט א צייט, ווען אפילו בהמות ווערען אונגעדולדיג...

מיר געהען צום אידען אין שטוב אריין טרינקען א גלאָז פרישע מילך. וואָס פאַר א דלות! אזא דלות ערפינדען האָט נור געקענט דער גאָט פון גאַליציען. אנשטאַט בענק, ביי די ווענד ברעטער אויף קלעצ־לעך. א הילצערנער אַלטער טיש. א קעלבעל לויפט אום פון גרויסען חדר אין אַלקער אריין. אן אַלטע אידינע געקליידעט אין טראַנטעס. א מיידעל פון א יאָהר פיערצעהן, באָרוועס. דער פּנים אונטערגע־שמינקט מיט ריכטיגע בלאָטע, נור א פּאָר שווארצע אידישע אויגען קוקען אויף איך מיט נייגירדע... אין א הילצערנעם פערשלאָסענעם בעלעמער שטעהט א גרויסע פלאַש מיט בראַנפען, פון וואַנען די אַלטע אידינע גיסט מיט ציטערנדע הענד פאָרזיכטיג, אין אַ קעלישעק קידוש פאַר א גוי. עס איז הפּנים ניטאָ קיין געלד צו קויפען א גאַנצע פּאַס, אָדער א פעסעל משקה און פון קיין קרעדיט ווייסט מען ניט אין אן ארעמע מדינה. מען פערקויפט בראַנפען און מען האַנדעלט אונטער מיט שמאַטעס, וועלכע מען פיהרט קיין בעלז און מען לעבט. ווי אזוי לעבט מען? פון דעם סעקרעט ווייסט נור דער אידישער גאָט...

און דאָך, ווי איך האָב דאָ אויפ'ן פּלאַץ ערפאהרען, אויף דעם פּלאַטץ איז ניט לאַנג געזעסען אַן אַנדער איד. דער היינטיגער האָט געגעבען אַ הוספה און האָט ארויסגעדונגען די אַרענדע ביי דעם אַלטען ישובניק. עס איז דאָ אַזוי וועניג ברויט, אַז מען מוז איינער ביי דעם אַנדערען רייסען דעם לעצטען טרוקענעם ביסען פון מויל . . . דער איד, דער בעל אכסניה גיט אונז שלום עליכם, פרעגט פון וואַנען מיר קומען, וואָהין מיר פאָהרען, מיט וואָס מיר האַנדלען, וואָס האָבען מיר פאַר פּלאַנען עפּעס? און מיר צאָהלען פאַר די וואַרעמע, פרישע, שוימיגע, מיט בהמה און מיט פעלד שמעקענדע מילך עטליכע קרייצער און מיר פאָה־רען ווייטער. מיר האָבען געטרונקען מילך, דער אָנטרייבער האָט גע־באַפּט אַ קנאַק, די פערד האָבען זיך אָנגעזופּט מיט קאַלטע וואַסער און די גאַנצע קאָמפּאַניע פיהלט זיך ערפרישט. די פערדלעך לויפען, דער פרישער ווינטעל טראָגט צום נאָז פעלד־בשמים, דער פיאַקער וויעגט אונז. איך בין אין אַ גאַליציאַנער סטעפּע ערגעץ, אַקוראַט ווי אַ פרייער פויגעל פערפלויגען ווייט אין דער פרייער וועלט אריין, ווייט פון „ביהנע" און „וועלט", פון „ראָלען" און „זאָרג", פון בעלי עצות און פערזאָרגער, פון בעלי דעה און מבינים. אָך, ווי גוט עס פיהלט זיך אין אַזאַ מינוט!

וואו נעהמט מען טאַלענט, וואו קריגט מען פאַרב, וואו לערנט מען די קונסט אָבצומאָהלען ריכטיג דאָס געטליכע בילד, וואָס מיר זעהען איצט! מיר פאָהרען פערביי אַ ציעגעל פאַבריק, וועלכע ליגט אין מיטען פעלד צווישען בערג און זאַמד. די זונן האָט זיך שוין בעהאַלטען, אָבער דער הימעל הינטער אונז איז נאָך רויט און עס איז ליכטיג. לעבען אַ קליינע שטיבעל וואַשען אַרבייטער זייערע הענד נאָך דער געענדיגטע טאָג אַרבייט. איינינע זיצען ביי אַ פייער און קאָכען עפּעס אין אַ קעסעלע. אויף דער פריזבע לעבען דער פאָדערסטער וואַנד זיצט אַ בלאָנדער איד פון מיטעלע יאָהרען. זיינע שטיוועל און זיינע קליידער זיינען אויסגעשמירט אין ווייסע ליים און אין קאַלך. אָבער זיין פּנים לייכט פון צופריעדענהייט. לעבען איהם זיצט אַ מיידעלע פון אַ יאָהר זעקס מיט אַ סידור אין האַנד און דער טאַטע לערענט זי עברי. ער פיהרט מיט'ן פינגער איבער די שורות און דאָס קינד גיט אַ קוק אין סידור און גיט אַ קוק אויפ'ן טאַטען מיט גליקליכע אויגען... ניט נור איך און מיין מיטפאָהרער זיינען נתפּעל געוואָרען, זאָגאַר

דער אַנטרייבער האָט אָבגעקעהרט צו אונז א האַלבען פּנים, האָט א צוק געטאָן מיט די אַקסלען און האָט מיט שמחה א געשריי געגע־בען: וואָס זאָגט איהר צו איהם?... דאָס שעהנע, הערליכע בילד פערשווינדעט. די נאַכט קומט אונז אַנקעגען. די דונקעלהייט זעצט זיך אויף דער ערד. עס ווערט פינסטער. אין שטאָדט, וואו עס רוי־שען א גאַנצע נאַכט די עלעקטרישע וואַגאָנען, די אויטאָמאָבילס, שווערע וואָגענס, די קארעטען, — אין שטאָט מיינט מען, אז די נאַכט איז שטיל, נור מענשען מאַכען דעם גערויש... ניין! די נאַכט איז ניט שטיל. זי רעדט... פיעלע שטימע גרילצען און פייפען אינ'ם גראָז, אינ'ם קאָרן זינגט עפּעס א פויגעל, אויף די בוימער הערט זיך עפּעס א משונה'דיגער געשריי. דער ווינד רעדט, די זאַנגען רעדען, די בוימער רעדען. די נאַכט שרייט מיט טויזענדער קולות, נור דער געשריי איז אַזא שטילער, א דומפּיקער, א דונקעלער... מיר האָ־בען אַראָבגעקעהרט אויף אַן אַנדער וועג... יעדע מינוט הויבט זיך אונזער פיאַקער און לאָזט זיך אראָפּ, גערארדע ווי א שיף אויפ'ן ים. יעדע מינוט ווייזט זיך אויס, אָט קערען מיר זיך איבער אויף דער זייט און אָט אויף דער אַנדער זייט... פינסטער, כאָטש אַן אויג אויס־צושטעכען. נור דער פייעריל פון מיין סיגאַר רייצט זיך מיט דער פינסטערניס... מיר פאָהרען לאַנג, לאַנג... יעדע מינוט ציהט זיך ווי א יאָהר.... פלוצלינג גיט עפּעס אַזוי ווי א וואונק אין דער פינסטערניס... עס הערט זיך ערגיץ ווייט בילט יאָמערליך א הונד, א צווייטער, א דריטער, גערארדע ווי איך זאָל פאָהרען צו זיי אויפּפיה־רען א נייע דראַמע... טיעף ערגיץ אין א טהאָל גיט א בליץ א פייע־ריל... א קאַלטער פייכטער טומאַן נעהמט אונז מקבל פּנים זיין. דער אַנטרייבער גיט א לאַנגען פער־חלום'טען געגעץ און זאָגט מיט א שטומפּיגען, שלעפּעריגען קול: און אָט איז וואַריש!

די הינד בילען שטאַרקער, פיעלע פייערלעך ווינקען צו אונז פריינדליך. מיר פאָהרען אַראָפּ צו א הערבליע... אין דעם שווארצען וואַסער פון טייך, זעה איך א פונקענדען שטערענדיל... מיר זיינען אין וואַריש.

# אַ אידישע שטעדטיל ביים רוסישען גרענעץ.

די דעמאָקראַטישע בעפעלקערונג פון וואריש האָט שוין געשלאָ־פען מיט אַ טיעבען רוהיגען שלאָף, ווען מיר זיינען ארויפגעפאָהרען בארג ארויף צו'ם מארק צו, וואו די „אריסטאָקראַטיע" פון שטעטעל וואָהנט. דאָ האָבען נאָך אין איינינע פענסטער, אין איינינע קראָמען און אין שענק־הויז געבלישצעט פייערלעך. מיר האָבען זיך אָבגעשטעלט לעבען דעם גרעסטען גביר פון וואריש ביים שענק־הויז, און מיין לעמ־בערגער מורה דרך איז אראָבגעלאָפען רעדען מכח אַ צימער. דער אָנ־טרייבער איז געווען פויל און מעלאַנכאָליש, די פערדלעך מיעד און בייז, איך בין געווען הונגעריג, דערפרוירען און שלעפעריג. לאנגזאם און שלעפעריג האָט צעהן מאָל געקלונגען די קירכען־גלאָקע. יעדער קלאנג האָט לאנג געשאלט אין דער לופט ביז ער פלעגט ביסלעכווייז אָבשטארבען אין שטילער דונקעלהייט... מיין "יורה דרך איז געקו־מען צוריק מיט אַ שלעכטע בשורה: ביים גביר איז טאקע אמאָל גע־ווען אַ איבריגער חדר פאר דורכפאָהרער, אָבער קיין ווארישער קומען דורכפאָהרער זעהר זעלטען און ער האָט פערקויפט דעם צימער און אַ טהייל פון זיין הויז צו אַ שכן, אַ ווייטען פריינדעל. מיין וועג־ווייזער איז געלאָפען צו איין אידען, צום צווייטען, צום דריטען — עס הויבט זיך ניט אָן, ניטאָ וואו צו נעכטיגען. ביים גביר אין שענק און אין טאבאק געשעפט (ער האָט, דער איינציגער, די קאָנצעסיע צו פערקוי־פען אין ווארישער בראנפען, סיגארען און פאפיראָסען) האָט זיך אָנגע־פאנגען אַ שטארקע בעוועגונג. איך האָב געזעהען דורכ'ן פענסטער, ווייבער מיט ליכט אין די הענד און מיידלעך מיט קעמעלעך ביי די שפיגלען האָבען זיך וועגען עטוואָס „געשושקעט"... טהירען האָבען

געקלאַפּט, ביינקלעך זיינען געררוקט געוואָרען פון איין אָרט אויפ'ן אַנדערען. ענדליך איז צו אונז אַרויסגעגאַנגען אַ איד, האָט אין דער פינסטער אָנגעכאַפּט מיין האַנד, האָט מיר אָבגעגעבען שלום עליכם און האָט אונז געבעטען אין שטוב אריין... „מיר וועלען אייך שוין וואו עס איז געפינען אַ פּלאַץ, מען קען דאָך ניט לאָזען אַ אידען אין „דרויסען".

מיר זיצען אין אַ ריינע גערוימיגע שטוב. אַ גרויסע קעראָ־סינאָווע לאָמפּ בעלייכטעט דעם צימער. אויפן טיש שטעהט אַן אמת'ער רוסישער סאַמאָוואר. די הויז־פריינדליכע בעל הבית'טע טראָגט אריין גוטע סמעטענע, פרישע פּוטער, קעז, אייער. די בעל הבתים זיצען ארום אונז. די שכנים זיינען אויך אריינגעגאַנגען זעהן זיך מיט מענשען און שמועסען אביסעל. שפּעטער קומט אויך דער הויז מלמד, וועלכער איז מיט 30 יאָהר צוריק געווען אַ משכיל. דער אַלטער בעל הבית, אַ איד פון אַ יאָהר אכציג, מיט אַ לאַנגע גרויע באָרד, זעהט אויס ווי גאָט פּאָסיעדאָן, שטאַרק און קרעפטיג. זיין אַלטעטשקע, אַ ליעבליכע לעבהאַפטע פרוי, פערליעבט אין איהר אַלטען ריעז ווי יוליא אין ראָ־מעא. זיין זוהן, דער געשעפטס־פיהרער, אַ בלאַסער איד פון אַ יאָהר פופציג, געלעזען די דייטשע און פּוילישע קלאַסיקער און פערקויפט סיגאַרען און בראַנפען צו די סאָלדאַטען פון דער גרענעץ, זיין פרוי, דיזעלבע יאָהרען, אַ סימפּאַטישע אויסגעהאָרעוועטע פרוי, אַ געטרייע מוטער און גוטע בעל הבית'טע, אַ דריי־פיער איבערגעוואַקסענע טעכ־טער. די גאַנצע פאַמיליע לעבט אין שלום און אין ליעבע ווי אַן אַלטע פּאַטריאַרחאַלישע משפחה. אַ שכן, אַ פריינדיל, דער פּרעזידענט פון דער קולטוס געמיינדע, אַ הויכער איד מיט אַ שוואַרצע באָרד, אַ רויטע נאָז, און מיט אויגען פון אַ שאינו יודע לשאול. זיין פרוי, אַ קלוגע און אַמאָל געוועזענע שעהנע פרוי, וועלכע האָט געכאַפּט פון עץ הדעת און אפשר פון עץ החיים אויך... דאָס איז דער פּערסאָנאַל. די קאָמישע ראָלע שפּיעלט אַן אַלטע גויה, אַ דיענסט, אביסעל טויבלעך, אביסעל הינקענדיג. דער אַלטער, אַ ריעז פון די אַמאָליגע מענשען, דערצעהלט פון זיך, פון פראַנץ יאָזעף'ן, פון דעם 1848טען יאָהר, פון דער „קאָ־צאַפּסקי" רוססיא, וואו ער האָט אַמאָל ארומגעוואַנדערט. דער זוהן זיינער, אין פערגלייך מיט'ן פאָטער, אַ שוואַכער קאַרליקעל, אַ אינ־טעליגענט, אַ משכיל. דער פרעגט מעהר וועגען אַנדערע מדינות. אַלע

זיצען און הערען. נייע מענשען האָבען אריינגעבראַכט א יום טוב'דיגע שטימונג אין זיין איינפאַכען און מאָנאָטאָנען לעבען. די מיידלעך זיצען פון דער ווייטען און הערען זיך נייגעריג צו. גאַנץ וואַריש שלאָפט און מיר זיצען שפּעט אין דער נאַכט און רעדען. דער סאַמאָוואַר אויפן טיש זינגט מיר אן אלטעס בעקאַנטעס רוסישעס ליעד. די קאַץ שלאָפט לעבען דער באַבען... אוי, ווי ווייט עס איז פון ניו יאָרק!... זיי ווייסען דאָ וועניג פון נייעס. קיין אידישע צייטונגען האָבען זיי דאָ ניט. דער איינציגער מאַן וואָס האָט א קאָנצעסיע צו פערקויפען צייטונגען (גאַנץ וואַריש דאַרף מסתמא דריי צייטונגען) פערקויפט ניט קיין אידישע צייטונגען און אויסשרייבען א צייטונג קאָסט זעהר טייער, די עסטרייכער פּאָטשט רייסט א הויט. זיי זיצען און פרעגען: וואָס הערט זיך אין לעמבערג, און אויף דער איבריגער וועלט? איך טרינק מיר מיין טהעע און רויכער מיין סיגאַר, ווי אַן אמת'ער אמעריקאַנער סיבאַריט און מיין מיטפּאַהרער האָט א שעהן שטיקעל ארבייט צו ענטפערן אויף אַלע פראַגען. דער מלמד בריינגט פון דער היים און לעזט א שיר וואָס ער האָט געשריבען מיט דרייסיג יאָהר צוריק געגען רבי'ן, ווען ער איז נאָך געוועזן א משכיל. ער איז דערשראָקען גלייך ער לעזט א פּראָקלאַמאַציע געגען פראַנץ יאָזעף'ן. ענדליך שטעהט אויף דער אַלטער ריעז און זאָגט: קינדער, עס איז צייט די אורחים זאָלען געהן אויסרוהען זיך. די פריעדליכע סעודה ווערט געגען דעם ווילען פון פיעלע איבערגעריסען, און זעהר גיך ווערט אין שטוב שטיל און פינסטער.

צוזאַמען מיט דער זונן שטעהען מיר אויף פון אונזער רייזע און ווייכען געלעגער. איך גיב א קוק דורכ'ן פענסטער, וואָס איז דאָס פאַר א מערקווירדיגער עולם אויפ'ן גאַנעק, אונטער די קאָלאָנען פון קראַם? בלינדע, פּאַראַליזירטע, טויבע, הינקענדיגע, אַלטע, שוואַכע, גבאיטעס פון בקור חולים און הכנסת כלה, אלמנות, יתומים, צדקה נעהמער, נדבות קלייבער און גלאַט אזוי שנאָרער זיינען געקומען גאַנץ פריה זינגען דעם אמעריקאַנער „מיליאָנטשיק" א סערענאַדע אונטערן פענסטער.... מען נעהמט געלד, עס איז א פערגעניגען צו קוקען! אַנדערע אפילו דינגען זיך, נור ענדליך טוען זיי א טובה און נעהמען ווייניגער מען גיט. דער איינציגער וואָס שעמט זיך און וויל ווירקליך ניט נעהמען איז דער מלמד, וואָס איז מיט 30 יאָהר צוריק געוועזן א

משכיל. אמת, זאָגט ער, איך בין טאַקע אַן אַלטער, קראַנקער מענש, אָבער ניט, צו פערזינדיגען, איך פערדיען אַלס גמרא מלמד זעקס גילדען אַ וואָך. איהר הערט? זעקס גילדען אַ וואָך בעקומט דער אַלטער אידישער פּראָפעסאָר פאַר זיינע פאָרטרעגע איבער דער העברעער אידישער טהעאָלאָגיע.

דרייסיג יאָהר זיצט ער אויף זיין קאַפּעדרא, ער האָט ניט געהאַט קיין אַנדערע אינטערעסען, קיין אַנדער פרייד, קיין אַנדער פערגניגען אין לעבען ווי צו לערנען מיט'ן פאָלק תורה. ער האָט דערשטיקט אין זיך יעדע שטרעבונג, יעדען פרייען געדאַנק, יעדען פערלאַנג, און דאָס איינציגע וואָס איז איהם געבליבען פון דער פערגאַנגענהייט, איז אַ שטיקעל געלע פּאַפּיער מיט אַן „אפּיקורסישען" שיר און דאָס איינציגע, וואָס ערוואַרטעט איהם אויף דער עלטער, איז הונגער און נויט. גוטער מענש, איך זעה דיך איצט פאַר מיינע אויגען מיט דיינע שטילע, איבערגעשראָקענע אויגען און מיט דיין בלייכען אויסגעמוטשעטען פּנים. ווי לעבסט דו איצט דאָרטען אין דעם „כרך" וואַריש? האָסט דו כאָטש אַ גוטען קנעלונג אויף ווינטער? ...

וואַריש זעהט אויס פּונקט ווי אַ מעסטעטשקע ערגיץ וואו אין פּאָדאָליע אָדער אין וואָליניע. אָרעמקייט, שמוץ, בתי מדרשים, אַ קהל'שער מרחץ, אַ רב, אַ מאַרק מיט אָרימע קלייטלעך אַרום, מיט אַ הויכען ווייסען קלויסטער, מיט אַ שעהנע שטוב פונ'ם גלח. דער געוועזענער פריץ פונ'ם שטעטעל, אַ מין פּוילישער האַמלעט, וואָס איז אונצופריעדען פון דער פאַלשער וועלט, — האָט אַ הויז אין מיטען מאַרק מיט אַ גרויסע אויפשריפט אין פּויליש: „גאָט, היט מיך אָב פון מיינע פריינדע, פון מיינע שונאים וועל איך זיך אַליין אָבהיטען". באַלד ביים שטעטעל איז די רוסישע גרעניץ. מיר לאָזען זיך אַראָפּ צום טייכעל. גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב, וואָס איז דאָס? די אייגענע אָרימקייט, אָבער ביי יעדער שטיבעלע עטליכע בוימעלעך, עטליכע בלומען, אויף די פענסטער פלאַנצונגען, ביי יעדע שטוב אַ קליינינקער גאָרטען. טויזענדער יאָהרען האָט מען דעם אידען געצוואונגען צו האָבען אויף דער ערד לעבען זיך נור מיסט און פלאַנצען זיינע בלומען אין הימעל. עס איז צייט צו לערנען דעם אידען טאָן פּונקט פערקעהרט. יא, יא, פּונקט פערקעהרט! דאָס מיסט שיקען אין הימעל און אויף די ריינע ערד לעבען זיך פלאַנצען בלומען... די

שעהנסטע בלומען אויפן הימעל זיינען קיין בלומען ניט... אויף דער ערד דארף דער איד בלומען האבען!

א טייכעל מיט ריינע קלאהרע וואסער, ווי קריסטאל, האט זיך אויפגעהויבען ווי א „ד" און לויפט אוועק ווייט אין א גרינעם טהאל אריין. ביים טייך שטעהט אן אלטער צובראכענער וואסער מיהל. א גרויסע הויכע ראד שטעהט אונבעוועגליך, דער הילצערנער דאך פוילט, די מיהל איז טויט, אבער דאס וואסער ביים שליוז לויפט און רוישט און רעדט, ווי א וואסער פאל. פוןביידע זייטען בעשיצען דאס וואסער אלטע פער'חלום'טע ווערבעס מיט אראבגעלאזענע צווייגען. אויפן בערגיל זעהט זיך אן ארעמער אידישער בית עולם און לעבען בית עולם די רוסישע גרענעץ... לעבען אידישען בית עולם פאנגט זיך אן די אמת'ע רוססיא! מיר געהען פערביי די אלטע קברים מיט די ארעמע מצבות אויף וועלכע עס איז אזוי פיעל אויסגעקריצט. בית־עולם— דאס הויז פון דער וועלט! ווען דער איד ליגט דא, ליגט דא מיט איהם זיין גאנצע וועלט. מיר זעהען פון דער ווייטען פעלדער, ווי ווייט דאס אויג כאפט. אין מיטען פעלד ביים בית עולם ציהט זיך א שמאלע וועג. ביים וועג שטעהט א סטאלב געפארבט אין רויטע, שווארצע און ווייסע פארב. דאס איז דער רוסישער פאגראניטשני סטאלב, דאס איז די רוסישע גרענעץ. פונ'ם הויכען קארן פאהרען ארוים דריי רוסישע קארדאננע סאלדאטען רייטענדיג און שטעלען זיך אב געגען בית עולם. דארט, פון יענער זייט איז רוסלאנד...

דאכט זיך, הימלען, די אייגענע גרינע פעלדער פון דער זייט וועג, ווי פון יענער זייט וועג. פאר וואס האט דאס הארץ אנגעהויבען אזוי צו קלאפען? וואס זוכט דער פערדונקעלטער בליק דארט אין דער ווייט? ווען דעם 31טען דעצעמבער ביי נאכט שלאגט דער זייגער צוועלף, ווייזט זיך אונז אויס, אז צווישען אונז און דעם פערגאנגענעם יאהר געפינט זיך א גרענעץ־סטאלב, אז אונז טהיילט עטוואס אב פון דעם פאריגען יאהר... אין דער ווירקליכקייט אבער איז דען דאס ניט דיזעלבע אונענדליכע פעלד פון דער אייביגער צייט? זיינען די פערגאנגענע און די געגענווארטיגע שטונדען ניט דיזעלבע?... איז דען דער אונטערשיעד ניט קיין איינגעבילדעטער? יא, די צייט פון דער זייט ניי־יאהר און פון יענער זייט איז דיזעלבע, די פעלדער פון דער זייט „גרענעץ" און פון יענע זייט, זיינען דיזעלבע. די בלויע

הימלען זיינען דיזעלבע און וועלען אייביג בלייבען דיזעלבע. מיר זיינען אָבער ניט דיזעלבע... אין דער פערגאנגענהייט זיינען מיר געוועזען אנדערע, אין דער געגענוואַרט אנדערע און אין דער צוקונפט?... די איינבילדונג שפּיעלט א גרויסע ראָלע אין אונזערע שמערצען און אין אונזער פרייד, אין אונזער ליעבע און אין אונזער האַס. די פער־גאנגענהייט לאָזט איבער אין אונזער זעעלע א ראָמאנטישע בענקע־ניש... פון דער זייט גרענעץ, אז איך קוק אהין, קוק איך ווי א פרעמ־דער, אן ארויסגעוואָרפענער, אן ארויסגעשלאָסענער. ווען אָבער איך בין אמאָל געוועזען אויף יענער זייט, האָב איך כמעט 39 יאָהר געמיינט, אז איך בין אין דער היים. צעהנדליגער יאָהרען האָב איך געזאָגט און געשריעבען: אונזער רוסלאנד, אונזער פאָלק, אונזער זעמסטוואָ, אונזערע פאָלקס־שוהלען, אונזער פרעסע, אונזער ליטעראטור... און איצט שטעה איך לעבען א אידישען בית עולם פון דער זייט, איך קוק אהין אויפן לאנד, פון וועלכען מיר איז געבליבען אזוי פיעל זיסע און שמערצליכע עררינערונגען, וואו איך בין געבאָרען און ערצויגען געוואָרען, וואו עס געפינען זיך די קברים פון מיין פאָטער און מוטער, וואו עס לעבען נאָך יעצט מיינע צוויי אָרעמע שוועסטער, וואו עס גע־פינען זיך נאָך מיינע בעסטע, מיינע טייערסטע פריינד, און איך ווייס ניט, ווי זאָל איך דאָס לאנד אָנרופען: מיין פאָטערלאנד? מיין היי־מאטה? דער בית עולם פון מיין פערגאנגענהייט? דער קבר פון מיין צוקונפט? אה, רוסלאנד!

איך קעהר זיך אָב פון מיין בעגלייטער, ער זאָל ניט זעהן מיינע טרעהרען — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —



# ווידער אין לעמבערג.

איך בין ווידער אין לעמבערג.

איך האָב ניט געזעהן אין גאַליציען קיין גרויסע וואונדער, איך האָב ניט געזעהען קיין גרויסע מוזעאומס פון קונסט, איך האָב ניט בעזוכט קיינע טהעאַטערע אויסער דעם אידישען טהעאַטער. איך האָב אָבער געזעהן אַ סך אמת'ע אידישע אידען, מיט זייער פינסטערנים, אָרעמקייט, חסידיזמוס, נייע שטרעבונגען און האָפנונגען, זייער לעבען, זייערע זיטען, זייערע מנהגים און, איך וויים, דאָס איז זעהר גוט פאַר אַ מענשען וואָס פּרעטענדירט צו זיין אַ אידישער שרייבער. איך האָב אייך דערצעהלט צו ביסלעך פון אַלעם דעם, וואָס איך האָב געזעהן און געפיהלט אין פערשיעדענע ווינקעלעך פון גאַליציען. ערלויבט מיר צו דערצעהלען, וואָס איך האָב געזעהן און געפיהלט אין דעם העכסטען און גרעסטען אידישען טהעאַטער אין גאַליציע, אין גימפּעלס טהעאַ־טער אין לעמבערג...

איך געדענק מיט פּופּצעהן יאָהר צוריק, ווען איך בין געזעסען און געשריעבען פאַר הערךן יאַקאָב אַדלער מיין „אידישען קעניג ליער”, האָט מר. אַדלער זיך געקליבען אין וועג אריין. ער איז געפאָהרען קיין גאַליציען נאָך טאַלענטע. „שרייבט נור אָן גוטע ראָלען, האָט ער מיר געזאָגט, איהר וועט זעהן, וועלכע ארטיסטען איך וועל אייך ברענגען פון גאַליציע”. אין גאַליציע האָט דאַמאָלס דאָס אידישע טהעאַטער געבליהט און געבלומט. די פּערפאָלגטע פון רוסלאַנד פערטריבענע אידישע דראַמע האָט אין דער פרייער גאַליציע געפונען פאַר זיך אַ היים. די אומשטענדען אליין האָבען געזאָגט צו די אידישע שרייבער און אידישע שוישפּיעלער: פּרו ורבו ומלאו את הארץ...

איך האָב געענדיגט מיין פּיעסע און הערר אַדלער האָט געבראַכט אַ גאַנצע קאָמאַנדע מיט ערשטע קלאַסע שוישפּיעלער פון גאַליציען...

אין א געוויסען טאָג זיינען די נייע ארטיסטען געקומען אָנגעלאָדענע מיט נייגירדע צו הערען א פיעסע פון אן אמעריקאנער מחבר. שטעלט אייך פאָר זייער ערשטוינונג, זייער גרימצאָרן, זייערפעראכטונג צו מיר, ווען זיי האָבען געהערט א געוועהנליכע געשיכטע פון געוועהנליכע אידען. א שעהנער קיסר דער אידישער קעניג ליער! אייניגע פון זיי האָבען געמאכט חוזק פון מיר, שטילערהייד, אנדערען האָבען מיט כעס געזאָגט: וואָס? אזעלכע פיעסען שפּיעלען! אידען אין קאפּאָטעס, סורטוקלעך אין געוועהנליכע הויזען! אָהן מאנטלען, אָהן קיווערען, אָהן פאנצירען, אָהן שפּיזען, אָהן לכה דודי, אָהן דועטען, טערצעטען, קווארטעטען, קווינטעטען? אָהן קופּלעטען, אָהן א קאָמיש פּאָרעל און אָהן א העלד?! פּאר דיעזע פּופּצעהן יאָהר האָבען זיך די אויבענ־דערמאָנטע אימפּאָרטירטע אקטיאָרען ערוואָרבען א נאָמען, אנדערע זיינען מעהר בעליעבט, אנדערע ווענינער. זיי האָבען זיך אָבער פאר דער צייט, אלע מעהר אָדער ווענינער ענטוויקעלט, האָבען געקראָגען גאנץ אנדערע מיינונגען, האָבען זיך אויסגעלערענט א סך ריכטי־גער און עהרליכער פון פיעלע היגע קריטיקער צו שעצען און צו פער־שטעהן דעם אמת'ן ווערטה פון א דראמאטיש ווערק. ווען זיי זיינען אָבער אריבערגעקומען האָבען זיי פשוט קיין בעגריף ניט געהאט, וואָס איז ליטעראטור, דראמא, קונסט, טהעאטער... איצט מיט 15 יאָהר שפּעטער בין איך דורך א צופאל אליין פערבלאָנזשעט געוואָרען קיין גאליציען און האב געפונען דאָרט דאָס אידישע טהעאטער פונקט אויף דעם זעלבען ארט,אויף וועלכע אונזערע אויבענדערמאָנטע שוישפּיעלער האָבען איהם פערלאָזען. אויף דעם זעלבען ארט. קיין שריט פאָר־ווערטס!

דאָס פאָלק פון גאליציען וויל זיך אמוזירען אויפ'ן בעסטען אופן, די דאָרטיגע אינטעליגענציא פערשטעהט וואָס פאר א וויכטיגע קול־טורעלע ראָלע דאָס אידישע טהעאטער וואָלט געקענט שפּיעלען, זיי אינטערעסירען זיך מיט'ן טהעאטער גאנץ ערנסט און אויפריכטיג, און דאָך עקזיסטירט דאָרט דאָס אידישע טהעאטער נור מיט איין צוועק — געבען א געוויסען צאָהל מענשען א געלעגענהייט צו פער־דיענען געלד, אָדער א שטיקעל ברויט. ערשטענס, די דירעקטאָרען, אָדער ווי מיר רופען זיי אין אמעריקא, די מענעדזשערס. דורך פּאָלי־טישען איינפלוס און געקויפטע פּראָטעקציאָן קריגט למשל א איד א

קאָנצעסיע צו זיין דער הערר דירעקטאָר פון א אידישען טהעאטער אין לעמבערג, אין טשערנאָוויץ, אין קאָלאָמעא און זאָ ווייטער. איך ווייס ניט, ווער זיינען די אנדערע דירעקטאָרען, דעם דירעקטאָר פון דעם אידישען טהעאטער אין לעמבערג האָב איך געהאט דאָס פערגע־ניגען קענען צו לערנען. עס איז א געוויסער הערר גימפעל, וועלכער האָט געקראָגען די חזקה אויף אידישען טהעאטער בירושה פון זיין טאטען. איך מוז צוגעבען, אז דער לעמבערגער מענעדזשער שטעהט ניט ניעדריגער פון אונזערע אַמעריקאנער מענעדזשערס. דער אונ־טערשיעד איז נור, וואָס די היגע זיינען שוין ניט הונגעריג, און דער לעמבערגער הערר דירעקטאָר האָט נאָך ניט געשטילט זיין אפּעטיט. אין אלעם איבריגען איז קיין חילוק ניטאָ. דיזעלבע סיסטעם פון עקס־פּלואטאציאָן, דערזעלבער גראָבער יונג, דערזעלבער ספּעקולאנט, דערזעלבער מבין אויף ליטעראטור, דיזעלבע אידעאלען! די הויפּט־זאכע איז פּערדיענען וואָס מעהר. ווי פּערדיענען? דורך דעם הונגער־לאָהן פון די שוישפּיעלער, דורך די אויסבויטונג פון די טהעאטער־ארבייטער, דורך שונד פּיעסען, דורך פּרעמדע ארבייט, דורך גע'גנב'־עטע פּיעסען, דורך שווינדלערישע פערשפּרעכונגען, דורך פאלשע רעק־לאמען, — דורך וואָס איהר ווילט, נור פּערדיענען. וואָס גּעהט זיי אָן די אידישע קונסט, די אידישע דראמע, אויפפיהרען, אויסשטאטען, רעזשעסירען א פּיעסע, די אידישע מאסען, די אינטערעסען פון'ם גאנצען אידישען פאָלק? אלע מיטלען זיינען גוט, נור געלד צו מאכען. אונוויסענדע, געלד־גייציגע אידישע דירעקטאָרען און אידישע קרי־טיקער! אלו דירעקטאָריך ישראל! אָרעמע אידישע דראמע, ווער האָט דיך מעהר בעשמוצט און ווער האָט דיר מעהר וועה געטאָן? די דירעק־טאָרען מיט זייערע שמוציגע הענד, אָדער די קריטיקער מיט זייער אונפּארטייאישע מבינות?...

די אַקטיאָרען זיינען אָרעמע אידען, וועלכע זוכען זיך אין אי־דישען טהעאטער א שטיקעל פּרנסה. אין קיין אנדער געשעפט אָדער מלאכה געהט ניט, ווערט מען א שוישפּיעלער. דאָס מעהרסטע טהייל פון זיי האָט פריהער געשפּיעלט, געזונגען און געטאנצט אויף די ברעטלעך פון די קאָנצערט זאלען (מוזיק האָלס) וועלכע זיינען אין גאלי־ציען זעהר פּאָפּולער. אמת, אונזערע אַמעריקאנער אידישע שוישפּיע־לער האָבען אויך ניט געקראָגען קיין ספּעציעלע בילדונג און שולינג.

אָבער די גרויסע וועלט ביהנע פון אזא מעטראָפּאָלים ווי ניו יאָרק, און די בעסערע אידישע פּיעסען האָבען זיי געגעבען א געלעגענהייט ווי־פיעל עס איז צו לערנען און צו ענטוויקלען זייערע פעהיגקייטען. דאָרט זיינען זיי געבליבען ביים היסטאָרישען „טייטש”, ביי די חזן׳ישע גע־זענג און בדחנישע קופּלעטען. די אָרעמקייט, דער טויט, די הערשענדע „אויטאָריטעטען סיסטעם”, — דאָס אלעס צווינגט זיי שקלאַפיש צו אונטערוואַרפען זיך אונטער׳ן ווילען פונ׳ם הערר דירעקטאָר, דולדען און שווייגען.

פּיעסען ווערען דאָרט אויפ׳ן פּלאַץ זעהר ווענינ פאַבריצירט. מען קען זאָגען אז 95 פּראָצענט פון זייערע פּיעסען ווערען עקספּאָר־טירט פון אמעריקא. דעם היגען „אויסוואורף” פון דער אידישער ביה־נע, אלטע היסטאָרישע שמאטעס, „גרינע” דראַמען און „געלע” טראַ־געדיען געהען פון דאנען אין גאנצע טראנספּאָרטען. די לעצטע עטליכע יאָהר האָט מען אָנגעהויבען צו שפּיעלען ווען עס איז א מאָל אויך א פּיעסע פון די בעסערע היגע אידישע פּיעסען, אָבער אין א זעהר פער־קריפּעלטע, פערדאָרבענע רעדאקציע. קיינע פּיעסען ווערען ניט ער־וואָרבען פון די אויטאָרען אליין. מען הערט זיי אין טראַק! א געוויסער גראָפּער, א היגער מוזיק האָל ברודער איז דער פאדריאַטשיק פון פּיע־סען. ער נעהרט מיט אידישע דראַמען אלע מדינות פון ארבע פנות העולם. קיין לאָנדאָן, קיין אפריקא, קיין גאַליציע, קיין רומעניען, קיין רוסלאַנד שיקט דער דאָזיגער סוביעקט פּאַקען מיט טהעאַטראַלישע שטיק. קיינער אין דער וועלט האָט דאכט זיך ניט קיין קאָפּיע, — ברודער גראָפּער האָט. ווי אזוי ער קריגט זיי איז שווער צו ערקלעה־רען, נור איהר קענט אייך פאָרשטעלען ווי אין זיינע קאָפּיעס איז אלעס פערדרעהט, צוהרג׳עט, צוקאַליעטשעט. ער שיקט צו דעם הערר דירעק־טאָר גימפּעל א צעהנדליג פּיעסען מיט א מאָל און קריגט דערפאַר עטליכע הונדערט גולדען. —

— זעהר ביליג, זאָגט הערר דירעקטאָר גימפּעל.

— געפונענעס געלד, זאָגט דער ברודער פונ׳ם „האָל מוזיק” מר. גראָפּער. גימפּעלס טהעאַטער אין לעמבערג, אין דער הויפּט שטאָט פון גאַליציע, איז אזוי עהנליך צו א טהעאַטער, ווי אַן ענדיג איז עהנליך צו א לופט באַלאָן. א הויף, ארומגעצוימט מיט ברעטער. אין מיטען הויף בערג מיט מיסט, א פּאָר ארומגעדראַפּעטע בוימער, עט־

ליכע הילצערנע צובראָכענע בענק, א ביהנע צונויפגעשלאָגען פון ברע־טער. דאָ שפּיעלט מען זומער. ווינטער שפּיעלט מען אין א שטאל וואָס שטעהט טאקע דאָ אין דעם זעלבען הויף. און אהער ציהט מען אריין הונדערטע טויזענדע מענשען צו זעהן א שטיק אין ענגעניש, אין א שטופעריי, און א דערשטיקעניש פון פערשיעדענע ריחות. דארף מען א וואלד, אָדער א בארג, א טעמפּעל אָדער א שיף, אן ארעמע הויז אָדער א פירסטליכען פּאלאץ — איינע און דיזעלבע קוליסען מיט אָנ־געשמירטע בוימער. היינט זייערע קאָסטיומען! זייער מאשינעריי!.. אז מען דארף טרינקען וויין, מאכט מען זיך אז מען גיסט וויין פון א ליידיגע פלעשעל און מען מאכט זיך אז מע טרינקט. קיין רעקוועזיט, קיינע אקסעסוארען, קיינע סצענישע פאָרדערונגען! דעם ערשטען מאָל ווען איך בין געווען אין טהעאטער האָט מען געשפּיעלט מיין „ווילדען מענשען". לכל הפחות, אזוי איז געווען אנאָנסירט אויף די אפישען. איך בין קוים אויסגעזעסען ביז'ן שלום אקט. דאנקען גאָט, מען האָט דאָ אין אמעריקא אויך געמאכט א שעהנע קאשע פון דעם „ווילדען מענשען"... אָבער געוואלד! איהר האָט געדארפט זעהן, וואָס פאר א „קאוואראדאק" זיי האָבען דאָרטען פון דעם אָרעמען שטיק געמאכט! איך האָב געדאנקט דעם פּובליקום פאר זייער פריינדליכען, וואָרעמען קבלת פּנים און האָב זיי געזאָגט, אז דאָס שטיק, אם ווייניגס־טען פינף און זיעבעציג פּראָצענט פונ'ם שטיק איז ניט מיינס. דאָס פּובליקום, די שוישפּיעלער, דער הערר דירעקטאָר — אלע זיינען פון מיין ניט דיפּלאָמאטישע „דעקלאראציע" נשתומם געוואָרען...

מיט א וואָך שפּעטער בין איך געצוואונגען געווען נאָך אמאָל צו געהן אין טהעאטער. מען האָט געשפּיעלט לכבוד דעב מחבר דעם „מטורף". די אקאדעמישע יוגענד האָט אראנזשירט לכבוד דעם מחבר א גאנצע אָוואציע און זיי האָבען מיך שטארק געבעטען צו קומען. איך בין ווידער קוים אויסגעזעסען ביז'ן שלום אקט. האָט געדאנקט פאר די אָוואציאָן, פאר דעם פּראכטפאָלען, שעהנעם קראנץ (אזא קראנץ האָב איך נאָך קיין מאָל ניט געקראָגען) און האָב זיי געזאָגט: „דער הערר דירעקטאָר האָט זיך אויסגעשפּראָכען וועגען מיר ניט פריינדליך, ווייל איך רעד ניט קיין דייטש. זעכצעהן יאָהר האלט איך אין אמע־ריקא מלחמה מיט'ן „טייטש" און ער איז כמעט פערטריבען געוואָרען פון דער אידישער ביהנע. איך האָף, ווען איך וועל קומען אהער צום

צווייטען מאָל, וועט דאָס אידישע טהעאטער אין גאַליציען אם וויי־ניגסטענס ניט זיין ווענינער אידיש ווי דאָס טהעאטער אין אמעריקא".

א טרויעריגער בין איך געגאַנגען א היים פון „טהעאטער" אין האָב געטראַכט: אזא שעהן פובליקום, אזעלכע אינטעליגענטע פּנים'ער, אזא אויפריכטיגער ענטוזיאזם, אזא הייסער בעגעהר צו זעהן גוטעס און קיין טהעאטער איז ניטאָ. ניט אין גאַליציען, ניט אין רוסלאַנד האָבען זיי נאָך ניט קיין אהנונג פון קיין אידיש טהעאטער, עס איז נור פורים שפּיעל, אין בעסטען פאַל, איז דאָס קינדער־שפּיעל. אין ביידע לענדער פיהרט מען אויף און מען שפּייזט דאָס פּובליקום מיט'ן זעל־בען ניעדריגען שונד. און ווען מען שפּיעלט שוין יא אמאָל איינע פון די בעסערע פּיעסען, איז זי שענדליך צו'הרג'עט און צוקריפּעלט. די אידישע קריטיקער אין רוסלאַנד, איך רעד ניט פון די, וואָס זיינען אזעלכע גראָבע יונגען ווי אונזערע קריטיקער דאָ, נור פון די בעסע־רע, געבילדעטערע, די דאָזיגע קריטיקער זעהען אמאָל אָט אזא צוקריי־פּעלטע און צוקאַליעטשעטע פּיעסע, און שרייבען פון דער אמעריקאַ־נער אידישע דראַמע מיט א פּאַטראָניזירענדען טאָן, — זיי קוקען מעהר פון אויבען אראָפּ... ווי די אידישע דראַמע זאָל ניט זיין ארעם אין אמעריקא, וועלכע פעלערען דאָס אידישע טהעאטער זאָל ניט האָבען דאָ, — דרך ארץ! היטלען אראָפּ, איהר, פערזונקענע אין שונד און אין שמאטע, ווען איהר רעדט פון דער אידישער דראַמע און פון דעם אי־דישען טהעאטער אין אמעריקא!



# אָבשיעד פון גאַליציען.

איך נעהם אבשיעד פון גאליציע.

נעהמען אבשיעד הייסט: לאָזען אויף דעם פּלאַץ וואָס איהר פערלאָזט א טהייל פון אייער גייסטיגען „איך" און נעהמען מיט זיך, וואָס דער פערלאָזטער פּלאַץ גיט אייך מיט. איך פערלאָז אין גאליציע נייע פריינדשאפט, אנגענעהמע פריינדליכע פּנים'ער, אידען, וועלכע זיינען מיר געווען סימפּאטיש, מענשען וועלכע זיינען מיט מיר געוואָרען אינטים, גאסען און געביידעס, וועלכע זיינען מיר געוואָרען גוט בעקאנט, אָן אומגעבונג, צו וועלכע איך בין אזוי שנעל צוגעוואָהנט געוואָרען... א טהייל פון מיין נשמה בלייבט דאָרט. און דערפאר ערוועקט זיך אין מיין ברוסט אזא אונערקלערליכער געפיהל פון בענקעניש, ווען איך שטעל מיר פאָר אין מיין כח הדמיון די גאליציאנישע פעלדער, די קליינע פערשלאָפענע האָפבאהנען אין די פערוואָרפענע סטעפּעס, די גאסען פון לעמבערג, דעם פּארק אויפ'ן בארג, דעם בולוואר, פון יאהאנאס מאָנומענט ביז דעם שעהנעם שטאָט־טהעאטער.

איך פיהר מיט פון גאליציען גוטע עראינערונגען, נייע בילדער, נייע פאקטען, נייע געדאנקען וועגען דעם אידענ'ס לעבען און זיינע פערהעלטניסע צו דער אויסערער וועלט. איך בין נאָך קיין מאָל ניט געווען אזוי נאָהענט צו דער אידישער גאס אין דער ראָלע פון א בעאָבאכטער, ווי די צייט, וואָס איך האָב פערבראכט אין גאליציען. איך האָב קיין מאָל ניט געהאט קיין פרייע צייט און גוטע געלעגענהייט צו הערען אזוי אויפמערקזאם. וואָס די אידישע גאס זאָגט, ווי אין גאליציען. איך בין געווען אויף דער אמת'ער, אלטער, אידישער גאס!...

מיר זיינען ארויסגעפאָהרען פון האָטעל גאנץ פריה, אום מיר זאָ־

לען כאַפּען דעם עקסטרא צוג קיין וויען. עס איז געווען אַ שעהנער פריה־מאָרגען. די זונן איז ערשט אויפגעשטאַנען און גאַנץ לעמבערג איז שוין געווען פערגאָסען מיט ווייסע, ווארעמע שטראַהלען. די גאַסען זיינען נאָך געווען שלעפעריג און לעמבערג האָט געקוקט מעלאַנכאָליש. עס קען זיין, מיר האָט זיך נור אויסגעוויזען אַזוי, ווייל איך האָב די פאָריגע נאַכט כמעט ניט געשלאָפען און ווייל איצט האָט זיך געגרי־בעלט אין מיר אַ שטילער מעלאַנכאָלישער געפיהל. יאָ, מיר האָבען ווייניג געשלאָפען פאָריגע נאַכט... זיי האָבען מיך ניט געוואָלט לאָ־זען אין וועג אָהן אַ פריינדליכע סעודת מצוה. און מיר האָבען פער־בראַכט די נאַכט צוזאַמען. דאָס איז געווען איינע פון די שעהנסטע נעכט פון מיין לעבען. איך ווייס ניט ווי אַזוי, פונקט איצט איז מיר געקומען אויפ'ן געדאַנק ווינטשעווסקי'ס אַ ליעד, „מיין איינציגער פערלאַנג". דאָס ליעד דערמאָנט מיר, אַז אַן אַנדער אבשיעדס נאַכט, אַן אונגעווינשטע אָבער אונפערמיידליכע נאַכט קומט. אָבער קומט זי, ווי אין ליעד זינגט זיך, מיט

„אַ זונענאונטערגאַנג אַ קלאָרען,
אַ שטערען רייכען אבענד אין זיין פּראַכט,
מיט פויגעלעך, וואָס פּיפּצינען אין כאָרען,
בעזינגענדיג דעם טאָג, וואָס ווערט געבאָרען,
בעגריסענדיג די מענשהייט וואָס ערוואַכט.
און דאַן, דו ליעבע זיסע וועלט, גוט־נאַכט!..."

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

יאָ, מיר האָבען פערבראַכט אַ שעהנע נאַכט צוזאַמען. אַ הונ־דערט מענשען זיינען געקומען מיר אבשיעד געבען און פון מיר אבשיעד נעהמען. עס איז ניט געווען קיין אָפיציעלער באַנקעט, ניט קיין גרויס־אַרטיגער באַלל, עס איז געווען אַן איינפאַכע סעודה פון חברים און גוטע פריינד... אָהן פאַלשקייט, אָהן פערבאָרגענע קנאה, אָהן פּאָלי־טיק. עס זיינען ניט געקומען מענשען, ווייל זיי האָבען „געמוזט" קומען, אָדער „געדאַרפט" קומען, — עס זיינען נור געקומען די, וואָס האָבען געוואָלט קומען. מע האָט פערבראַכט די צייט אין אַ פריינדליכען שמועס, מע האָט געזונגען, מען האָט גערעדט. די אַקאַדעמישע יוגענד האָט געזונגען לעבעדיג און מוטהיג אין אַ מאַזשאָרנעם טאָן. די ציוניס־טישע פּראָלעטאַריער האָבען געזונגען טרויעריגע, שמערצליכע ליעדער

אין א מינאָרנעם טאָן... פיעלע גוטע האָפנונגען זיינען אויסגעשפּראָכען געוואָרען וועגען דער צוקונפט פון אידישען פאָלק, פיעלע ווארעמע גוטע ווינשע זיינען מיר מיטגעגעבען געוואָרען אויפ'ן וועג... עס האָט שוין אָנגעהויבען צו טאָגען, ווען מיר זיינען אויפגעשטאַנען פון די טישען און אָנגעפאַנגען געזעגענען זיך. ווי קען איך אייך געבען א בילד פון דיעזע אינטעליגענטע אידישע פּנים'ער, בלאַסע און ענערגישע, יונגע און ניט יונגע? זייערע שטאַרקע האַנד־דריקונגען, דעם גלאַנץ פון זייערע אויגען, דעם גוטען שמייכעל פון זייערע ליפּען, דעם טרויריגען אבשיעדס אויסדרוק פון זייערע געזיכטער?... זייט געזונד! — זייט געזונד!...

איך מיין, אז נור דער איד קען זיך אזוי גיך צובינדען צו א נייעם אָרט, קען זיך פיהלען ווי אין דער היים אין גאַליציא, פּונקט ווי אין אמעריקא, אין אמעריקא פּונקט ווי אין רוסלאַנד... עס קען זיין, אז מע האָט ניט קיין היים, פיהלט מען זיך אומעדום ווי אין דער היים... לאַנגזאַם קייקלען זיך די רעדער פונ'ם פיאַקער, די פערד־לעך לויפען פויל, דער קוטשער טרייבט זיי שלעפעריג... אָט איז דער פּאָליטעכניקום... אָט איז א האָספּיטאַל, מיר פאָהרען צו צום שעהנעם האָפּבאַהן פון לעמבערג. אדיע! אדיע!

דער עקסטרא צוג טראָגט אונז קיין וויען. מיר זיצען א גאַנצען טאָג און שווייגען. אומעטיג עפּעס אויפ'ן הארצען, ניט אויסגעשלאָפען. און וואָס איך זעה דורכ'ן פענסטער פון וואַגאָן ענטשפּרעכט מיינע אינערליכע געפיהלע און מיין שטימונג. וואָס איז דאָס געוואָרען מיט די הויכע געדיכטע זאַנגען פון די גרויסע קאָרנפעלדער? עס איז הפנים ניט לאַנג דורכגעלאָפען א גרויסער שטורם און האָט אויסגעקאַטשעט גאַנצע מיילען מיט פעלדער, אנידערגעלעגט די שטאָלצע זאַנגען, גלייך ווי צוטראָטען מיט די פיס. וויפיעל טייכען שוויס זיינען אויף דיעזע פעלדער פערגאָסען געוואָרען, וויפיעל זיסע האָפנונגען האָבען דיעזע שעהנע פעלדער ערוועקט און וויפיעל ביטערע טרערען ווערען יעצט איבער זיי פערגאָסען? שעהנע שטאָלצע זאַנגען, פולע מיט נעהרונג און מיט גאָלד צושמעטערט פון א ווילדען ווינד, צודרעהט, ווי צו טראָטען מיט די פיס. ווערען דען ניט פּונקט אזוי גרויזאַם און אונערבארמליך צוטראָטען מיט די פיס פון דער ווילדער אונוויסענהייט פיעלע שטאָלצע און נאָבעלע געדאַנקען? ווערען דען

ניט אַזוי צושמעטערט און אומגעוואָרפען פיעלע גוטע האָפנונגען און זיסע טרוימערייען? וויפיעל „תבואה" ווערט צוטראָטען מיט די שמור־ציגע פיס פון דער בעסטיאַלער קנאה?

בערג רופען שטענדיג ביי מיר ארויס אַ מעלאַנכאָלישען געפיהל. פאַרוואָס? ווער ווייס, פון ווען אָן און ווי טיעף זיינען אין אונז פיעלע פון אונזערע געפיהלען איינגעוואָרצעלט? פאַר וואָס רופט די דונקעלהייט ארויס אַ געפיהל פון אונהיימליכקייט, דאָס ליכט אַ געפיהל פון פרייד, דער אָקעאַן אַ פערלאַנג צו פליהען, אַ טיעפער אָבגרונד אַ געפיהל פון שרעק? פונקט מיר אויף צו להכעיס לויפען נאָך אַ גאַנצען טאָג נאָך אונזערע וואַגאָנען בערג און בערג. אַט קערען זיי זיך אָב אָן אַ זייט, גיסען זיך צונויף מיט די וואָלקענס און פער־שווינדען און אַט זיינען זיי שוין ווידער דאָ. אַט ווייזען זיי אויס, אַזוי ווי טעראַסען, אַזוי ווי טרעפּ פאַר טיטאַנען צו קלעטערען אויף די הימלען, אַט אַקוראַט ווי אַ בעט מיט גרויסע פעלזענע איבערבעטען און שטיינערנע קישענס, אויף וועלכע די בערג גייסטער פלעגען אַ מאָל רוהען מיט זייער שטילען שלאָף... אַט זיינען די בערג העל־גרויע, אַט זיינען זיי דונקעל שווארץ, אַט זיינען זיי בלויע... און אַט פערדעקען זיי זיך אַקוראַט ווי מיט אַ וואָאָל פון רויך. דאָס לויפען גלייך מיט אונז די קאַרפּאַטען. מיר אַנטלויפען פון זיי ביז מאָראַוויע, זיי לויפען אונז נאָך... מיר פערקעהרען צו דער ניעדריגער אוועסטריא, אונז לויפען נאָך די קליינע קאַרפּאַטען...

ווי מע פאָהרט נור אריבער די גרענעץ פון גאַליציע, בייט זיך אַלעס איבער. אַנדערע פעלדער, אַנדערע וועלדלעך, אַנדערע לאַנד־שאַפטען. איהר זעהט שוין פאַבריקען, הויכע קוימענס, סטאָלבעס רויך, בערג מיט ערד־קוילען. אויף די סטאַנציעס אַנדערע מענשען. אין די וואַגאָנען אַ גרויסער פּראָצענט פון גאַנץ אַנדערע פּאַסאַזשירען. די שפּראַך אָבער בלייבט ביז וויען דיזעלבע — מע רעדט פּויליש. די מענליכע פּוילישע שכנים אונזערע האַלטען זיך שטייף און מאַיעסטעט־טיש, די פרויען ליעבענסווירדיג און קאָקעטיש. פּוילישע צייטונגען ווערען געלעזען אַם מייסטען און דאַן קומט די וויכטיגע דייטשע פּאָלי־טישע צייטונג „די נייע פרייע פּרעסע". וואָס נעהענטער מיר קומען צו וויען, ווערען די וואַגאָנען אַלץ פולער און ענגער. מע רעדט פון רייכסראַט, פון דעפּוטאַטען, קאַנדידאַטען, אינטערפּעלאַציעס...

די זונן וויל ניט געהן מיט אונז קיין וויען. וואָלקענס קלייבען זיך אָן אויף די הימלען, זיי פערציהען ביסלעך־ווייז די הימלען, אזוי ווי מיט א פריהער גוט אויסגעארבייטען סטראטעגישען פּלאן... די זונן פערבאָרגט זיך ערגיץ אונטער די בערג פון מאראוויע, און אין גאנץ אוועסטריע ווערט פינסטער... אונזער צוג לויפט אלץ טיעפער און טיעפער אין דער פינסטערנים אריין... צוזאמען מיט די שטראהלען פון ליכט שטארבען אויך אָב די הילכיגע, קלינגענדע טענער. אויף די סטאנציעס איז ניטאָ אזא לעבהאפטע בעוועגונג, די טריט פון די אומלויפענדע קאָנדוקטאָרען און פון די איילענדע פאסאזשירען שאַ־לען שטומפיג און אָבגעריסען... דאָס זידען פונ׳ם לאָקאָמאָטיוו געהט ניעדריג צו דער ערד. מענשען טוליען זיך צו זייערע ערטער און רעדען אָהן לעבהאפטיגקייט. א דונקעלע מיעדיגקייט איז צוגאָסען איבער די וואגאָנען. פון די לאָמפען ציהט זיך א שלעפעריגער, פער׳חלום׳־טער פייערל...

מיר זיינען שוין ניט ווייט פון וויען. אומזיסט שטרענג איך אָן מיינע אויגען צו זעהן עפּעס דורך די פענסטער. דער רעגען שמייסט אין די פינסטער. פייערלעך לויפען אריבער פערביי אונז און בעהאל־טען זיך. א שטארקע פינסטערנים צו וויקעלט זיך אלץ ברייטער און ווייטער.... עטליכע מייל פון וויען שטעלט זיך אָב דער צוג און מיר ווארטען אויף עפּעס... עס ווייזט זיך אוים, מיר שטעהען דאָ אן עווינקייט. יעדע מינוט ציהט זיך ווי א שלאָפלאָזע נאכט. מע זעהט ארום זיך בלאסע אויסגעמאטערטע פנים׳ער. די פאסאזשירען זיצען שוין מיט זייערע פעקעלעך אין די הענד.... שטיל ארום. דער לאָקאָ־מאָטיוו רוישט, ווי א פערטראכטער... מע הערט ווי דער רעגען פאטשט איבער די פענסטער, עס הערט זיך עפּעס א קול, וועלכער ווערט באלד פערשטיקט. אימיצער לויפט ראש מיט א לאמטערנע און ווערט פערשוואונדען. דער ווינד רייסט זיך אריין אין אן אָפענע טהיר מיט א געיאמער, און דאן ווערט ווידער אלץ שטיל,... ענדליך קלינגט ערגעץ א גלאָק לאנגזאם און טרויעריג און אונזער צוג הויבט זיך אָן צו בעוועגען... די פאָהרענדע מאסע ווערט נערוועז.

וויען קומט אונז אנקעגען, אָבער מיר זעהען גאָר ניט. אלץ עפּטער און עפּטער בעגעגענען מיר לאנגע ציגע, אלץ מעהרער און מעהרער פייערלעך ווינקען צו אונז אין דער פינסטער. ענדליך פאָהה־

רען מיר אריין צווישען פיעלע טייכען פון רויטע, בלויע און ווייסע פייערלעך. א מאסע לאָקאָמאָטיווען, אקוראט ווי שרעקליך גרויסע חיות, גלאָצען אויף אונז מיט גרויסע פייערדיגע אויגען און רוישען בייז, מיט א ציהענדיגען, זידיגען טאָן. די רעדער פון אונזערע וואגאָנען הויבען אָן קלאפּען רוישיג, מיר פאָהרען ארונטער אונטער א גרויסען גלעזערנעם דאך פון דעם וויענער הויפּט באהנהאָף. אלעס ערוואכט און לעבט אויף! די פּאסאזשירען לויפען אנקעגען טרעגער, בעקאנטע, פריינדע. ערגיץ חליופעט גיסענדע וואסער.

עס האָט געגאָסען א שלאגס־רעגען ווען מיר זיינען שפּעט אין דער נאכט געקומען קיין וויען...



# טרויעריגע געדאַנקען פון אַ קליינשטעדטעליגען פילאָזאָף.

.1

טרויעריגער פון אַלעס איז דאָס, וואָס דער מענש האָט דאָ ניט ביי אייך קיין קרעדיט.

ביי אונז האָט מען ניט קיין קרעדיט? — פרעגט מיך דער גרויסארטיגער חכם מיט אַ איראָנישען שמייכעלע. אין אַ וואָסערע מדינה געפינט איהר נאָך אַזאַ אָפענעם קרעדיט ווי ביי אונז? איהר ווילט פילאָזאָפישע ביכער אויף קרעדיט? גיט מען אייך. איהר ווילט אונטערוועש אויף קרעדיט? נעהמט, וויפיעל אייער האַרץ געלוסט. טאָמער דאַרפט איהר דזשולערי אויף אינסטאָלמענט, אָדער אַ מאַטראַץ מיט אַ „ספרינג" אויף אויסצאָהלען, דאַרפט איהר נור זאָגען אייער קאָסטאָמער פעדלער, און אייער ווילען וועט ערפילט ווערען... אין אַ לאַנד, וואו אינסטאָלמענט איז אַזוי ענטוויקעלט, וואו קאָסטאָם פעדלערס זיינען דאָ, קיין בייזע אויג זאָל זיי ניט שאַדען, אַזוי פיעל. וואו קרעדיט האָט אָהן אַ אויסנאַהמע „עווערי באַדי" — אין אַזאַ לאַנד קלאָגען זיך אויף קרעדיט?! דאָס איז יאַ אַ בלבול פון אַ גרינהאָרן...

אמת, אינסטאָלמענט איז ענטוויקעלט, קאָסטאָם־פעדלערס זיינען דאָ גענוג, קרעדיט האָט עווערי „באַדי", און דער „מענש" האָט ביי אייך פאָרט קיין קרעדיט ניט... אָט דאָס איז דאָך דאָס טרויעריגסטע: יעדען „באַדי" גלויבט מען, און קיין „מענש" האָט ניט קיין קרעדיט...

ביי אונז, אין אונזער קליין שטעדטעל, אז איהר וועט וועלען פילאָזאָפישע ביכער מיט פלאַנעלענע אונטער וועש אויף קרעדיט, וועט

מען אייך טאקי געבען, אָבער אז איהר וועט קומען צו אייערע מיט־בריד'ער און וועט זאָגען: „פריינדע, איך וויל מעהר ניט פיהרען אַן אונזיניגען לעבען, איך וויל זיין ניצליך, איך וויל זיין אַ מענש", — וועט מען אייך גלויבען, ווייל דער „מענש" האָט ביי אונז קרעדיט. אַן אויבער־בעט מיט אַ „ספרונזשינע" וועט מען אייך טאקי ניט טרויען ביי אונז, אָבער אז איהר וועט קומען מיט טרערען אין די אויגען און איהר וועט זאָגען: „ברידער, מיר טוט וועה דאָס הארץ אויף אייך קוקענדיג", — וועט מען אייך געבען קרעדיט. מע גלויבט אייך, ווייל מע ווייס, דאָס מענשען־געפיהלען קומען ניט דורך אַ קאָסטום פּעדער, דאָס אייער הארץ איז ניט גענומען אויף אינסטאָלמענט, דאָס אייערע טרערען זיינען ניט גענומען געוואָרען אויף קרעדיט, דאָס אייערע געדאנקען זיינען געדאנקען פון אַ מענש... און ווער נאָך פערדיענט קרעדיט ביי אונז אזוי ווי דער „מענש"?

ביי אייך גיט מען קרעדיט יעדער רעקלאַמע. ווי פרעך און ליגנעריש זי זאָל ניט זיין, גלויבט מען דאָך, אז אין דיעזער רעקלאַמע איז דאָ אויך ווארהייט. דאָס ענטוויקעלט דעם קרעדיט אין ביזנעס. פערקעהרט, אָבער אין דער הייליגער ווארהייט, וועלכע ווערט אויסגעשפּראָכען אין די טייערע מינוטען, ווען אין מענשען ערוואכט אַלעס גוטעס און ערהאבענעס, אין דיעזער ווארהייט זוכט איהר נאָר די רעקלאַמע. און דאָס טויטעט יעדע גוטע בעשטרעבונג פון דעם מענשען...

דער „מענש" איז ווירקליך געריהרט און וויינט מיט אמת'ע טרערען און איהר מיינט, דאָס איז נאָר ביזנעס אויף אַן אינסטאָלמענט סיסטעם. ער רעדט צו אייך מיט די בעסטע און ריינסטע אבזיכטען, איהר מיינט, דאָס איז דער געוויינליכער „ספּיטש" פון אַ קאָסטום פּעדלער. ער אָפּפערט זיין צייט, זיינע בעסטע קרעפטע, זיינע טייערסטע געדאנקען — איהר ערווארטעט פאר אַלעס צו קריגען פון איהם שפּעטער אַ „ביל" מיט פּראָצענט... דער „מענש" וויל צוטהיילען מיט אייך זיינע בעסטע געפיהלען און איהר דענקט, אז ער פּעדעלט. דער „מענש" האָט קיין קרעדיט ניט... מיט צווייפעל, מיט שפּאָט, מיט פּראַקטישע בעמערקונגען, מיט ביזנעס'דיגע חשבונות פעריאָגט מען דעם „מענש", מע פערשטיקט אַלעס מענשליכעס, מע מאכט אונווירדיג און וואָלוועל אַלעס טייערע, מע ערנידריגט און מע

מאכט וואָכעדיג אַלעס ערהאַבענעס און הייליגעס... און אויף דעם פּלאַץ פון אַ מענש קומט ווירקליך אַ פּעדלער...

ביי אונז קען דער „מענש” גרינג פּערדיענען קרעדיט, ביי אייך קען מען דעם „מענש” גרינג דיסקרעדיטירען... מאַכען פון איהם אַ תל, אַ גאָר נישט... דעם „אונ־מענש” גיט מען ביי אייך קרעדיט. יעדע „באָדי” גיט מען ביי אייך קרעדיט און דעם „מענשען” גיט מען ניט; מע פּערגיפּטעט אין איהם זיינע בעסטע שטרעבונגען, מע פּער־קריפּעלט זיינע ריינסטע געפיהלען, מע צוקאַליעטשעט זיין גוטען ווי־לען, מע פּאַראַליזירט זיין ענערגיע און מע צווינגט איהם אָדער צו ווע־רען פון אַ „מענש” נאָר אַ „באָדי”, אָדער מע צווינגט איהם אַראָב קעהרען פון זיין וועג, אוועקגעהן, בעהאַלטען זיך, פּערבאָרגען דעם מענש אין זיך אַליין און זיין אָבגעזאָנדערט און פרעמד...

פריינדע, שיינקט אַ ביסעל קרעדיט אויף דעם מענשען.

---

.2

מיר ווילט זיך ווייעדער מיט אייך אביסעל שמועסען פון דעם, וואָס דער „מענש” האָט דאָ ניט קיין קרעדיט.

דיעזע צייַלען לייגען זיך אויפ'ן פּאַפּיר און די ליכטיגע זונן קוקט אַריין צו מיר אין פענסטער... גאַנצע שטראָמען מיט גאָלדענע שטראַהלען וואַרפט דער מאור הגדול אין יעדער ווינקעלע, גלייך עס וואָלט געווען איצט דער הערליכער פריה־יאָהר, אַ שעהנער פריהמאָר־גען אין מאָנאַט אַפּריל... און איצט איז דעצעמבער... דאָס צווינגט מיך צו דענקען פון טרויעריגע געגעשטענדע... יאַ! די זונן, וועלכע האָט די קראַפט צו פּעריאָגען אַלעס דונקעלע און אומעטיגע, וועלכע גיט אונז שטענדיג צו ענערגיע און לעבענס פעהיגקייטען, — די זונן אין דעצעמבער הרענגט דעם קליין־שטעדטעלדיגען פילאָזאָף טרויעריגע געדאַנקען.

ביי אונז אין קליין שטעדטעל איז דאָס אויג ניט געוואָהנט צו אזעלכע שניידענדע קאָנטראסטען... מע קען ביי אונז ניט זעהן פון איין זייט א מענשען בעהאנגען מיט גאָלד, דימאנטען און בריליאנטען און פון דער אנדער זייט א מענשען, א נאקעטען און באָרוועסען... אין איין גאַס א פּאלאַסט פון מארמעל־שטיין, אויף דער אנדער גאַס אַן אָרעמע הילצערנע כאלופּקע... מען בויט ביי אונז ניט א עיר ומגדול (א שטאָדט מיט א טורם), וועלכע זאָלען גרייכען ביז'ן הימעל און דערפאר איז ביי אונז ניטאָ קיין דור הפלגה... מען קען נאָך ביי אונז זאָגען, אז די מענשען האָבען דאָך אין א געוויסע מאָס שפה אחת ודברים אחדים... ביי אייך אָבער איז בבל... עס איז א באבילאָן, וואו עס זיינען ניטאָ קיין דברים אחדים ביי מענשען, וואו די רייד, די שטרעבונגען און די ציעלען זיינען צומישט, צופלאָנטערט... א דור הפלגה איז ביי אייך... און ווי קען א אויג, וואָס עס איז ניט געוואָהנט צו אזעלכע משונה'דיגע קאָנטראסטען, זעהן די ליכטיגע און פרעכטיגע זונן, ווען אלעס ארום איז טויט און שמוציג, ווען די בוימער שטעהען, אָרעמע, נאקעטע, פערשווארצטע, ווען די בלומען ליגען פערוועלקטע און פערפּוילטע, ווען די „גרינע האָרענס" בלעטער זיינען שוין לאנג „פערגעלט" געוואָרען און אוועקגעטראָגען געוואָרען פונ'ם ווינד?... וואָס איז די פרעכטיגע זונן אליין, ווען אלעס ארום הארמאָנירט ניט מיט איהר?... א קאָנטראסט, וועלכער דערמאָנט אויף אנדערע קאָנטראסטען... א טרויעריגער געדאנק.

און אייער גרויסשטעדטיגע ציוויליזאציאָן, מיט וועלכער איהר פּראהלט אזוי און שטאָלצירט, — די ציוויליזאציאָן מיט איהרע ביכער און גאזעטען, ביבליאָטעקען און אוניווערזיטעטען, ערפינדונגען און ערקלערונגען, וואָס איז דאָס, אויב ניט די גרויסע ליכטיגע זונן אין א צייט פון אָסיען? א פּראכטיגער מאור הגדול אין מאָנאַט דעצעמבער? און וואָס פאר א פּנים האָט אזא קוואל פון ליכט, ווען ארום איז אלעס פינסטער און טויט, פערוועלקט און פערטריקענט, צופוילט און צו דארט, ווען נאטור־לעבען איז נאָר דאָ אין די רייכע אראנזשערעיעס און קונציג געמאכטע וואקס הייזער? א קאָנטראסט נאָר, וועלכער דערמאָנט אויף אנדערע קאָנטראַסטען. א טרויעריגער געדאנק.

א דור הפלגה איז עס. מיט פערשיערענע שפּראַכען רעדט דאָ איין מענש צום אַנדערען און זיי פערשטעהען ניט איינער דעם צוויי־טען. דער מענש בעט עסען, גיט מען איהם א ציעגעל. ער וויל שטרע־בען צו הימלען — הייסט מען איהם קנעטען ליים... בבל, וואו אַלעס איז מבולבל געוואָרען, פערפּרעמדעט, צושפּאָלטען, צושיידעט . . . מען פערשטעהט ניט, וואָס איינער זאָגט, מען פיהלט ניט וואָס ער ליידעט, מען בעגרייפט ניט, וואָס ער דענקט. און דאָס, וואָס מיר רו־פען אַן יעדע צוויפיסיגע חיה „מענש", איז דאָך נאָר דאָס וואָס ליי־דעט, פּיהלט, דענקט און רעדט... אַז מיר פערשטעהען דאָס ניט, ווי אַזוי קענען מיר האָבען צוטרוי צום מענשען? ווי אַזוי קענען מיר איהם געבען קרעדיט?....

מען בעגרייפט ניט דאָס „מענשליכע" אין דעם מענש און דער־פאַר אַכטעט מען איהם ניט. און וואָס מע אַכטעט ניט, שאַצט מען זעהר ביליג. מע זאָגט דעם גרויסשטאָטדיגען חכם: דער און דער מענש האָט טאַלענט און ער פרעגט, אויף ווי וויפיעל האָט דעם מענש'ן זיין טאַלאַנט בעריהמט געמאַכט? איהר זאָגט, דער מענש האָט א נאָבעלעס האַרץ, ער פרעגט, ווי פיעל האָט עס איהם געבראַכט פּראָפיט? איהר זאָגט, ער האָט איידעלע ערהאַבענע שטרעבונגען, ער פרעגט, אויף ווי־פיעל דיעזע שטרעבונגען קענען איהם געבען א „פּולל" צו פּראַקטישע אַנגעלעגענהייטען? ... איהר זאָגט, דער מענש האָט א גוטע זעעלע און ער פרעגט אייך, אויף א וועלכע סומע און ביי וואָסערע קאָמפּאַני איז ער פערזיכערט? איהר ווילט איהם ערקלערען, וואָס דעם מענש טוט וועה און ער רעכענט וויפיעל קען מען ביי אַזא „ווייטאָג" פער־דיענען אַלס אַפּטייקער און דאָקטאָר? איהר דערצעהלט איהם, ווי דער מענש ליידעט פון „אינדזשאַסטיס" און ער טראַכט, וויפיעל קען מען ביי אַזא „קיים" פערדיענען אַלס לאָיער און נאָטאַר? געה שריי חי וקים!...

ניין, ביי אונז אין קליין שטעדטעל האָלט מען ניט נאָר פון יצר הרע נאָר אויך פון יצר טוב, ניט נאָר פון דעם גוף נאָר אויך פון דער נשמה. מע האָט טאַקי דאָרט אויך דאגות פּרנסה, אָבער מע זאָרגט זיך אויך פאַר גוטע רעיונות, פאַר ריינע מחשבות, פאַר מעשים טובים... שלמה דער גביר און פּרנס חודש האָט זיך טאַקי פאַר געגנב'עטע געלד געקויפט א „שטאָט" אין מזרח וואַנד, אָבער גלייך מיט איהם אין

מזרח וואנד איז אויך די „שטאָט" פון שלמה למדן און משה חסיד. ביי איך פערכאפט דער גנב דעם גאנצען מזרח וואנד און דער גאנ־צער קהל שטעהט אין פאלעש... א קליין שטערטעלדיגע אויג פער־טראָגט ניט אזעלכע קאָנטראסטען...

איך ענדיג און די זונן שיינט נאָך אלץ העל און קלאָר און אין דרויסען איז דעצעמבער.

---

3.

איך בין געזעסען מיט עטליכע „נעשוואָרענע" טהעע טרינקער אין א קאפע סאלון. איינער פון זיי האָט דערזעהן אויף מיין פינגער א רינג און האָט מיט א ציניש־אמעריקאנישע פריינהייט בעמערקט: „איהר ווייסט, וואָס אזא רינג איז? דאָס איז א פשוטע אנאָנסע. ווען איהר זעהט אזא רינג ביי א מאַן — אנאָנסירט עס, דאָס דיע־זער הערר איז א סאָלידער פאמיליען פאָטער. ווען איהר זעהט אזא רינג ביי א פרוי—אנאָנסירט עס: דיעזע מאדאם איז ניט אבי ווער, זי איז אַן עהרענווירדיגע פערהייראטע פרוי.

דאכט זיך, ווענינ ציניש און נאַריש בעמערקונגען הערט מען אין א קאפע סאלון פון אינטעליגענטע טהעע טרינקער?... און דאָך דיעזע בעמערקונג האָט מיר א שטאָך געטאָן אין הארצען און האָט ארויסגערופען איינינע, זעהר טרויעריגע געדאנקען.

איז עס ניט מעהר, ווי אַן אדווערטייזמענט? א מאָל האָט אזא רינג בעגייסטערט פאָעטען. געהיימניספאָלע, פאנטאסטישע מיסטע־ריען זיינען געוועזען צוזאמענגעבונדען מיט דער בעדייטונג פון דעם רינג. אזא רינג האָט געהאט אין זיך א צויבערישע קראפט, וועלכע האָט געקענט געבען לעבען און גליק, א וואונדערבארע מאכט, וועלכע האָט זיך גערופען ליעבע און וועלכע האָט זיך גערעכענט פאר איינע פון די הייליגסטע געפיהלען... איצט איז דאָס ניט מעהר, ווי אַן

אַנאַנסע, אַ גאַס־רעקלאַמע. אַן אַדוועדטייזמענט ? ... ביי אונז אין קליין שטעדטעל האָב איך אָפט געזעהן, ווי אַן אונגעבילדעטער פּאַ־דובאָק (דאָס הייסט, אַ שייגעץ פון 18 ביז 20 יאָהר) וועלכער טרינקט ניט קיין טהעע אין אַ קאַפע־סאַלון מיט שפּיגלען, קויפט ביי אַ אי־דישען „צעלניקער" אַ קופּערנעם רינג פאַר דריי־גראָשען און זיינע אויגען גלענצען מיט פרייד און גליק ... ער וויים ניט פון דער גרויס־אַרטיגער ציוויליזאַציע מיט איהרע אַנאַנסען און רעקלאַמען, — זיין דריי גראָשענדיגער רינג איז נאָך אַלעס דער פּערצייטיגער ווינש־פינגערעל, — ער האָט אין זיך דעם טייערען דימאַנט מיט דער צווי־בערישע קראַפט, — וועלכע קען אין איין אויגענבליק אומוואַנדלען זיין ביטערע וועלט פון אַרמוטה און נויטה אין אַ ליכטיגען פּאַראַדיז, אין אַ טעמפּעל פון פרייד און טרויסט. ניט אַ'ן אַדוועדטייזמענט איז דאָס ביי איהם, עס איז אַ סימבאָל פון אמת'ע, ניט געקויפטע און ניט געפאַלשטע געפיהלען ... אַלס קליין־שטעדטעלדיגער מענש, וועלכער איז אויסגעוואַקסען נאָהענט פון דער נאַטור, בין איך טאַקע אַ רעאַ־ליסט און דאָך פּערדריסט אַזוי, ווען מען זעהט, דאָס אַלעס רעאַלים־טישעס, פּאַעטישעס ווערט פערשוואונדען פון אונזער לעבען, און זייער פּלאַץ פערנעהמט די פּרעכע, ציניש‍ע רעקלאַמע.

אַלעס איז דאָ ביי אייך אין דער גרויסער שטאָדט רעקלאַמע. מען ווערט געבאָרען מיט רעקלאַמע, מע האָט חתונה צוליעב רעקלאַמע, דאָס גאַנצע לעבען איז רעקלאַמע, אייער טהעטיגקייט איז רעקלאַמע, מע גיט צדקה צוליעב רעקלאַמע, מע דאַווענט אין די שולען מיט רעקלאַמע, מע קויפט ביכער צוליעב רעקלאַמע, מע געהט ליידען פאַר'ן פאָלק צוליעב רעקלאַמע, מע כאַפּט זיך אָן פאַר גרויסע אידעאַלען צוליעב רעקלאַמע ... אפילו דער טויט איז ביי אייך אַ רעקלאַמע פאַר דער משפחה, פאַר'ן אונדערטייקער און פאַר די לאָדזשען. איך האָב פריהער געמיינט, אַז מע געברויכט דאָ ביי אייך די רעקלאַמע צוליעב ביזנעס. איצט ווייזט זיך מיר אויס, אַז די אַלע ביזנעס גופא זיינען ניט מעהר ווי אַ רעקלאַמע.

מע זאָגט מיר, אַז דאָ אין דער גרויסער שטאָדט, איז די רעקלאַמע אַ גאַנץ אונשולדיגע און אַנשטענדיגע זאַך. די קליינשטעדטעלדיגע, אונציוויליזירטע ברואים גלויבען אין יעדע זאַך און מע קען זיי לייכט נאַרען. דאָ אָבער, גלויבט קיינער ניט אין אַ רעקלאַמע ... איז דאָך אין

פלוג א קשיה אז מע גלויבט ניט אין רעקלאמע, פאר וואס רעקלאמירט מען אזוי שטארק... און פאר וואס איז רעקלאמע די איינציגע בעוועגונגס קראפט דא ביי אייך?... דער תירוץ איז: מען גלויבט ניט און מע טוט פארט, וואס די רעקלאמע זאגט. מע גלויבט ניט אז די רעקלאמע זאגט די ווארהייט און מע קויפט נאר דאס, וואס עס איז רעקלאמירט... מע האט אכטונג און פערטרויען נאר צו דעם וואס עס איז רעקלאמירט... אט דאס איז דאך דער אונגליק: מע טוט ביי אייך דאס, אין וואס מע גלויבט ניט, און מע זאגט דאס, וואס מע פיהלט ניט און מע קויפט דאס, וואס מע דארף ניט...

ביי אונז אין קליין שטעדטעל, ווען איהר זעהט איינער איז א בעל צדקה — גלויבט ער אין דער מצוה. מע זאגט אויף איינעם, ער איז א בעל רחמן— טוט איהם טאקי וועה דאס הארץ... מיר האבען אויך ביי אונז אין קליין שטעדטעל אפט געהערט פון סאציאליסטען... וואס האט מען אונז פון זיי דערצעהלט? זיי זיינען זיך געגאנגען רעקלאמירען? ניין, ידידי, זיי זיינען געגאנגען שטארבען פאר דעם, וואס זיי האבען געהאלטען פאר היילוג. זיי האבען געאפפערט מיט זייער לעבען פאר וואס זיי האבען געגלויבט און ביי אייך איז אלעס נאר רעקלאמען, נאר אנאנסען, נאר אדווערטייזמענטס, איהר אליין גלויבט ניט אין דעם, וואס איהר טוט. און ווייל איהר גלויבט ניט אין דעם, איז דאס ביי אייך ניט היילוג און ווייל דאס איז ביי אייך ניט היילוג טראגט איהר עס ארויס אויף דער גאס און ווייל די גאס איז ביי אייך אזוי הויך, האט איהר ניט איין געפיהל, איין געדאנק, איין שטרעבונג, וועלכע איהר זאלט וועלען פערבארגען אין זיך און אפהיטען פון א פרעכע בעמערקונג און א צינישע ערקלערונג...

אה! גליקליך קען זיך שעצען דער קליינשטעדטעלדיגער מענש, וועלכען עס איז געלונגען צו בעשיצען אין זיין אייגענע זעעלע אזא היילוגען ווינקעלע, אזא קדשי־קדשים, וואהין עס קען ניט דורכדרינגען די פרעכע אויג פון א רעקלאמירטען אינטעליגענט, וואהין עס קען ניט צוקומען די שמוץ און געמיינהייט פון דעם גאסען־לעבען, און די אונזיננוגקייט פון דער גאסען־מיינונג. געוויס דער, וואס זוכט זיין גליק אין רעקלאמע, קען ניכער גליקליך זיין פון דעם, וואס האט געגען זיך די גאס מיט איהרע „ראציאנעלע נארמען"... אבער וואס

פאר אן אונטערשיעד איז עס צווישען רעקלאמען־גליק און גליק אהן רעקלאמען!..

---

.4

א יונגע, שעהנע, בליהענדע פריילין פון זיעבצעהן יאהר איז אומ־געגאנגען אהן הילפע און אהן שטיצע איבער די גאסען פון ניו יארק אזוי לאנג ביז זי איז אויסגעגאנגען פון הונגער... א קרעפטיגער, שטאר־קער, געזונטער יונגער מאן איז געפאלען אין גאס און געשטארבען פון הונגער...

געזונטע, שטארקע, שעהנע יונגע לייט געהן אום אין דער הויפט־שטאדט פון אמעריקא, וואנדערען צווישען וואונדער שעהנע פאלאסטען, פאנטאסטישע שאצקאמערען, זעלטענע האטעלען, גראנדיעזע באנק־געשעפטען, גיגאנטישע מאגאזינען, וואנדערן צווישען בערג מיט גאלד, זעהען פאר זייערע אויגען אוצרות מיט רייכטימער און שטארבען פון הונגער! עס איז ניט קיין אויסגעטראכטע באבע־מעשה, עס איז ניט ארויסגענומען געווארען פון א סענסאציאנעלען שונד ראמאן — עס זיי־נען פאקטען פון דער ביטערער, וואהרער ווירקליכקייט! — עס איז קיין וואונדער ניט, אין אייערע גרויסע שטעדט איז דאס לעבען אליין ניט מעהר, ווי א גרויסער סענסאציאנעלער שונד ראמאן. שונד! אין דייטש בעדייטעט עס „צואה", אין אידיש נעהמט זיך עס מעהר פון ווארט „שינדען" די פעל. עס איז שונד איןביידע פשטים, עס איז טרויעריג.

אין רוסיש רופט זיך דאס אויסגעשניצטע ברעטעלע וועלכע שפארט אונטער די סטרונעס פון א פידעל „דושא" דאס הייסט, זעעלע, ווען די דושא, פאלט, לאזען זיך אפ די סטרונעס און איהר קענט בשום אופן ניט ארויסרופען פון זיי א טאן, דאס פיעדעלע שווייגט, ווייל די „דושא" איז געפאלען. די סטרונעס קלינגען ניט — די „דושא" מוז זיי פריהער אויפהויבען און אנציהען... איך בעטראכט אייך אלע, איהר גרויס שטעדטיגע חכמים, און פרעג: זייט איהר ניט גע־

גליכען דאָ צו אַ שעהנע פּידעלע ? ... שעהנע טענער וואָלט מען גע־
קענט ארויסרופען פון דיעזע טייערע פּידעלעך, אַ זיסען קלאנג וואָלטען
ארויסגעגעבען די גייסטיגע סטרונעס, אָבער די „דושא“, די נשמה פון
דער פּידעלע, איהר „פּאָדסטאַווקע“ איז געפאלען און די סטרונעס לי־
גען אָפּגעלאָזענע און וויפיעל איהר זאָלט זיי ניט רייסען מיט אייערע
פינגער — זיי וועלען זיך ניט אָבקלינגען אויף אייער פערלאנג צו
שפּיעלען אַ קלאָג ליעד פון וועלט־שמערצען און אַ זיסע מעלאָדיע
פון האָפנונג און טרויסט... די דושא“ איז געפאלען און די סטרו־
נעס שווייגען ! ...

די סטרונעס פונ'ם מענשענס פּידעלע זיינען די נערוועז, די נער־
וועז זיינען אזוי אָבגעשוואכט און אָבגעלאָזען געוואָרען פון דעם גרויס־
שטאָדטיגען לעבען, אז עס איז שוין אונמעגליך אויף זיי אַן איינדרוק
צו מאכען... יעדען טאָג לעזט איהר פון שרעקליכע טהאטען, אַ צוג
איז אראָב פון די רעלסען, אַ בריק איז דורכגעפאלען, אַ פולע קאר
מיט מענשען האָט זיך איבערגעקעהרט, אַן אינזשען האָט עקספּלאָדירט,
אַ פעקטאָרי מיט מענשען איז פערברענט געוואָרען. איבערגעפּאָהרען
קינדער, צוקוועטשט ארבייטער, גע'סמ'ט אַ מאַן, געשאָסען אַ ווייב,
איבערגעשניטען מיט אַ ראזיר מעסער דעם האלז, צובראָכען מיט אַ
קלאָפּ דעם שארבען... עס פאָטאָגראַפּירען זיך אָב יעדען אויגענבליק
אין די מוחות טויזענדער בלוט ערשיינונגען, אָבער די סטרונעס פון דער
זעעלע שווייגען — די „דושא“ איז געפאלען... אפילו טויט און מאָרד
צופּען ניט מעהר — די סטרונעס ליעגען אָבגעצויגענע און צוקאָרטשע־
טע... אפילו אזעלכע, וואָס זיינען נאָהענטע מחותנים מיט דער אָב־
שאפונג פון דער היינטיגער סיסטעם, באַגעגענען מיך מיט פרייד
און זאָגען מיר אָן אַ גוטע בשורה : קליין שטעדטעלדיגער, זאָרג זיך
ניט, עס איז שוין דאָ גוטער מאַטעריאל פאר אַן ארטיקעל... „אַ
פריילייזן און אַ יונגער מאַן זיינען אויסגעגאנגען פון הונגער“... מאַ־
טעריאל פאר אַן ארטיקעל ? ... יאַ, מען דאַרף זיך ניט זאָרגען : פאר
„טרויעריגע געדאנקען“ גיבט עס ביי אייך גענוג מאַטעריאל...

אין איין וואָך צוויי מענשען געשטאָרבען אויף דער גאַס פון
הונגער ! ... איך טראָג זיך איבער אין מיינע געדאנקען צוריק אַ
היים... איך זעה אַן אָרעמען רוסישען דאָרף. ניטאָ קיין חכמים, ניטאָ
קיין נבונים, ניטאָ קיין צייטונגען, קיין רעקלאַמען, קיין בעריהמטע

פילאַנטראָפּען, קיין בעוואוסטע בעל טובות... און דאָך, אַ הונגערי־גער געהט פריי צו צו יעדען פענסטער און קלאַפּט... און דאָס פענס־טער עפענט זיך און אַן אויסגעדארטע, אויסגעמאַזאָליטע האַנד דער־לאַנגט אַ שטיק ברויט!... דאָס פענסטער עפענט זיך דאָרט, דאָ עפענט זיך ניט דאָס פענסטער — עס איז פארשלאָסען און דער הונ־געריגער פאַלט אויפ'ן טראָטואַר און שטאַרבט...

שטעלט אייך פאָר, ווען אין אונזער שטעדטעל זאָל זיך טרעפען, אַז אַ איד איז אומגעגאַנגען איבער די גאַסען אַ הונגעריגער אַזוי לאַנג, ביז ער איז געפאַלען און איז געשטאָרבען. אַ הייליגער, אַ מאַרטירער וואָלט ער באַלד געוואָרען אין אַלעמענס אויגען... יעדער בעזונדער, וואָלט זיך גערעכענט פאַר זיין מערדער... דערשראָקענע, מיט צו־בראָכענע הערצער וואָלטען זיי געלאָפען בעטען מחילה ביי דעם אונ־גליקליכען, מיט אמת'ע טרערען וואָלטען זיי בעוויינט זיין שרעקליכען טויט! דאָס פידעלע שפּיעלט נאָך דאָרט אין קליינעם שטעדטעל! די „דושא" איז ניט געפאַלען, די איידעלע סטרונעס פון דער זעעלע זיינען אָנגעצויגען... און דאָ... זאָגט, האָט עס אימיצען איבערגעשראָקען? האָט זיך ווער עס איז פערשעמט? האָט כאָטש איינער אַ טראַכט גע־טאָן, בין איך ניט זייער מערדער? האָט עס וועמען עס איז טאַקי באמת אַ ריס געטאָן ביים הארצען? אַ צופּ געטאָן ביים „מענשען"?.. און אויב די פידעלע האָט ניט געקענט ארויסשרייען אַ מעכטיגען טאָן פון פּראָטעסט, האָבען כאָטש איהרע סטרונעס אַ שוואַכען קלונג גע־טאָן — געגעבען אַ זיפץ?... ניין אַזוי לאַנג די „דושא" פון פידעלע וועט ניט ארויפגעהויבען ווערען, וועלען זיך די סטרונעס ניט אָנציהען... אָבגעלאָזטע סטרונעס וועלען ניט קלינגען אוז וועלען ניט שאַלען...

---

### 5.

איהר מוזט מיר טויזענד מאָל מוחל זיין — איך וועל אייך זאָגען דעם אמת: דאָ אין אייער גרויסער שטאָדט זעה איך אַם מייסטען אונ־סימפּאַטישע מענשען — קיין סימפּאַטישע מענשען זיינען כמעט ניטאָ,

איך מיין ניט אזעלכע סימפּאַטישע מענשען, וועלכע זיינען געבוירען געוואָרען מיט פערטיגע חן־גריבלעך און מיט א „טו אָרדער״ פון דער נאַטור געמאַכטען זיסען שמייכעל. איך מיין ניט די סימפּאַטישע מענשען, צו וועלכע אויב מע זאָגט: „אנו״ — קוועלען זיי, אז מען ווייזט זיי א פינגער, לאַכען זיי, אז מע שפּייט זיי אין פּנים, דאנקען זיי און אז זיי נעהמען ביי איך פון קעשענע ארויס דעם לעצטען דאָלאַר מאַכען זיי איך א צוקער־זיסען פּנים... צום „קאַדעק״ מיט אזעלכע סימפּאַטישע מענשען!...

איך רעד פון די סימפּאַטישע מענשען, ביי וועלכע אנשטאט חן־גריבלעך, מאַכען פערעמדע צרות און שמערצען טיעפע גריבעלעך אין הארצען, ביי וועלכע, אנשטאט א זיסען שמייכעלע, פערקרימען זיך אָפט די ליפּען פון מיטלייד און הארצוועהטאָג — וועלכע האָבען ניט קיין זיסע פּנימער און האָבען אָבער זיסע הערצער!... די פּראַקטיקע, ניט געדאַכט זאָל זי ווערען, זי האָט ביי איך געמאַכט א תל פון׳ם מענשען. מע לערענט ביי איך צו ליעב פּראַקטיקע, מע לעזט צוליעב פּראַקטיקע, מע שרייבט צו ליעב פּראַקטיקע, מע האָט חתונה צו ליעב פּראַקטיקע, מע פיהרט פריינדשאַפט צוליעב פּראַקטיקע, מע טוט אמאָל עטוואָס גוטעס פאַר אַן אנדערן צו ליעב פּראַקטיקע, מע דאַווענט צו ליעב פּראַקטיקע און מע שפּיעלט דעם רבונו של עולם א „זייט געזונד״ צוליעב פּראַקטיקע... מע ערלויבט ביי איך האָבען אויך אידעען, אָבער עס איז פאַרבאָטען צו זיין א אידעאַליסט — עס איז געגען פּראַקטיקע. איהר מעגט האָבען אידעאַלען, נאָר איהר דאַרפט ניט פערגעסען די פּראַקטיקע. מע האָט ניט דאַגעגען איהר זאָלט אפילו קעמפּפען פאַר ערהאַבענע אידעאַלען אבי נאָר איהר זאָלט קעמפּפען מיט פּראַקטיקע...

געוויס, א מענש מיט א געזונטען שכל און מיט א קלאָהרען זינען וועט ניט זאָגען, אז מע קען, למשל, זיס מאַכען דאָס ביטערע לעבען פון אַלע דאַון־טאַונער קבצנים דערמיט, וואָס מע וועט אנידערשטעלען אויפ׳ן רוף, פון היברו אינסטיטוט א גוטען פידלער, וועלכער זאָל שפּיעלען זיסע ליעדלעך... ער וועט אייך ניט זאָגען, אז העלפען אַלע ליידענדע און אונגליקליכע קען מען דערמיט וואָס איהר וועט זיך אנידער זעצען ביינאַכט אנקעגען דער לבנה און איהר וועט קרעכטשען ביז אין דער פריה... די וויסענשאַפטען, וועלכע פאָרשען אויס יעדע ערשיי־

נונג אין אונזער געזעלשאפטליכען לעבען און ערקלערען די אורזאכען פון אלע סאציאלע וועהעטאגען, ווייזען אויך א פראקטישען וועג, ווי אזוי דיעזע וועהעטאגען זאלען געהיילט ווערען און ווי אזוי די אידעאלען פון אן אנדער לעבען זאלען עררייכט ווערען... יא!... אבער ווען פון דער וויסענשאפט בלייבט נאר דער פראקטישער וועג, פון די אידעאלען בלייבט נאר א פראקטיקע, ווען פון דעם, וואס האט געדארפט זיין א מענש, ווערט א טרוקענע „מומיע", א פראקטישער פלאקען, אן אויס־געמושטערויעטער יון, וועלכער וועט ניט צעהלען דעם מהלך ביז ער וועט ניט דערזעהן דעם קאזיאנעם „וויערסטאוואי סטאלב", וועלכער וועט ניט ענציקט ווערען פון קיין ערשיינונג ביז ער וועט ניט א קוק טאן אין וויסענשאפטליכען „שולחן ערוך", וועלכער וועט זיך ניט וואר־פען אין וואסער ראטעווען דעם וואס טרינקט זיך, ביז די פראקטיקע וועט איהם דאס ניט ערלויבען, וועלכער וועט ניט ערפיהלט ווערען מיט פרייד פון דער נאבעלסטע טהאט אין דער וועלט נאר דערפאר, ווייל זי איז ניט געטאן געווארען מיט זיין קאזיאנע פראקטיקע — זאגט אליין, פערדינט אזא פראקטישער נפש גערופען צו ווערען מיט דעם נאמען, מענש?... דערמאנט אייך ווי פיעל פון אייערע גרויס־שטע־טיגע, פראקטישע ברואים האבען בעהאנדעלט דעבס'ען און זיין בעווע־גונג און זאגט אליין, וואס זיינען זיי?...

אבער מיר זיינען אביסעלע פערפאהרען אן א זייט... צום ביי־שפיעל א דאקטאר ביי אייך בעהאנדעלט קראנקע נאר מחמת פראק־טיקע. א לאיער שרייבט פאפירען — פראקטיקע. א פערפאסער שרייבט טראגעדיען — פראקטיקע... יא, זיי דארפען טאקע קייען; אז עס איז ניטא קיין „פאפע" איז טאקי זעהר במחילה'דיג... אבער אויסער דאקטאר, לאיער, אפאטהעקער, שרייבער, דארף מען דאך מענש אויך זיין? דאס איז ביי אייך פריי, ווי ווער עס וויל. דערפאר קוקט דער שרייבער אויף א קאטאסטראפע נאר ווי אויף א פראקטישען סיוזשעט פאר זיין שרייב־ביכעל, דער דאקטאר בעטראכט אן עפידע־מיע ווי א גוטען מיטעל צו דער פראקטיקע און אזוי וויטער... גע־וואלד, טאטע־פאטער, עס דארף א מאל א מענשען א צופ טאן, א ריס טאן ביים הארצען! עטוואס דארף דאך איהם א מאל אויפברעננגען, ארויסווארפען פון זיין פראקטישען וועג, ער דארף דאך א מאל ארויס־שפרינגען פון די פראקטישע כלים, ווערען איבערראשט, ענטציקט, ניע־

דערגנעשלאָגען, דערשראָקען, ענטריסען!... איהם זאָל זיך וועלען וויי־נען, לאכען פון פרייד, לויפען טהאָן עטוואָס, שרייען!... אין קול ואין עונה — די פראַקטיקע!

איהר מעגט לאכען פון מיינע קליין־שטעדטעלדיגע געדאנקען. איך זאָג אייך בנאמנות, אין אונזער קליין־שטעדטעל איז געווען אַן אלטע רבצין, דעם רבס ר' שלמה אליהם ווייב, איהר האָט זי אפשר געקענט?... זי איז געווען א ביסעל, ניט פאר אייך געדאכט, א פערדריפּעטע, אָדער ווער האָט ניט געקענט ביי אונז אַן אלטען קאָלטענעוואַטען אידען — ר' משה'לע „נו שוין"? — איך שוועהר אייך בנאמות, זיי זיינען געווען א סך מעהר „מענשען" פון אייערע חכמים, ונבונים, פראַקטיקער און פילאָזאָפען... די רבצין, א אידענע פון 70 יאָהר, פלעגט אומגעהן טאָג און נאכט, אין קעלט, אין בלאָטע, אין רעגען — אום צו העלפען די ליידענדע, וואכען ביי דער בעט פון א קראנקען, קלייבען נדן פאר א יתומה, ברייננגען האָלץ אהין, וואו עס איז ניט געווען וואָס צו היי־צען, און ר' משה'לע „נו שוין" איז געווען בעריהמט דערמיט, וואָס ער האָט אליין ניט געהאט וואָס צו עסען און ער איז כל ימיו אומגעגאַנ־גען צו די רייכע אידען פון שטעדטעל און האָט געשריען אין איין קול: „נו שוין". טוט עטוואָס, העלפט אייערע ברידער! נו שוין! זייט מענשען...

א נו, פרובט זאָגען אייערע חברה לייט „נו שוין"!... א סך וועט איהר ביי זיי פועלן מיט „נו שוין" זאָגט זיי פון היינט ביז מאָרגען: „זייט שוין מענשען" — עס וועט אייך העלפען?... אָי! די פראַק־טיקע, די פראַקטיקע...

---

.6

איך הער אָפט, מען זאָגט ביי אייך, אין אייער גרויסער שטאָדט: „ליעבער פריינד", „קאָמראד", „ברודער"... און פאר דער גאנצער צייט, וואָס איך בין דאָ, האָב איך נאָך ניט געזעהן, ווי אזוי זעהט

טאַקי אין דער אמת אוים ביי אייך אַ גוטער פריינד, אַ וואהרער קאַמ־ראד, אַ ליעבער ברודער... אַ פּנים דאָס איז ביי אייך זעהר אַ זעל־טענע פּירה...

עס איז אזוי טרויעריג צו לעבען, אז מע האָט אַ סך גוטע פריינד, קאַמראַדען, ברידער, און מע האָט ניט אפילו איין חבר, איין גע־זעלען... עס איז אזוי שווער צו לעבען, ווען אַ נאָהענטען, אן איי־גענעם, קען מען נור דערקענען דורך דעם קאַזיאָנעם קנעפּעל אויבען אויפ'ן זשילעט, און ניט נאָך די געפיהלען, וואָס רוהען אונטער'ן זשי־לעט פון דער „לינקער" זייט.... די פריינדשאַפט גילט ביי אייך נור פאַר מיטינג רומס און קאַפע־סאַלונס... איהר זייט אייגענע אין דער פרעמד און פרעמדע אין דער היים... „מיין בעליעבטער בראָדהער אין לאָדזש" — זאָגט צו מיר אויפ'ן מיטינג מיסטער שוויינפיקעל. איהר טוט אָן אַ ווייסען קראַגען און ראַזירט זיך אָפּ, ספּעציאַל צוליעב אייער ליעבען בראָדהער שוויינפיקעל, צו וועלכען איהר געהט מיט אַ וויזיט... אייך איז ניט גוט אויפ'ן הארצען און עס ציהט אייך צו אייער אייגענעם ברודער, און דער ברודער, וועלכער איז געווען אויפ'ן מיטינג אזוי גוט און וויך, אפילו אַ מכה לייג צו איהם צו, דערקענט אייך גאָר ניט אין דער היים. אין דער פרעמד איז ער אַ בראָדהער, אָבער ניט ביי זיך...

מיין קאַמראַד! מיין טייערער קאַמראַד!" זאָגט אייך מיסטער פייערשיסער אויף אַ פערזאַמלונג. איהר זייט בעגייסטערט, אייער הארץ איז מלא שמחה און איהר טראַכט זיך אַ מאָל: פאַר וואָס זאָל איך ניט דורכגעהן זיך צו מיין קאַמראַד, אויסרעדען פאַר איהם מיין הארץ, ערקלעהרען איהם מיינע געפיהלען און פערשטאַרקען אונזער בונד?... איהר קומט צו געהן, פייערשיסער איז קאַלט, ווי אייז, טרו־קען ווי אַ האָלץ... ער האָט זיך ניט דערפרייט מיט אייער וויזיט, ער האָט זיך דערשראָקען... איהר זייט געקומען ניט אין דער צייט: פּונקט איצט האָט ער גערעכענט מיט זיין פּלוניתטע, וויפיעל געלד בלייבט זיי נאָך צו לעבען ביז דעם ערשטען... יאַ! איהר זייט גע־קומען איצט ניט אין דער צייט, אָבער ווען איהר וועט קומען, — וועט איהר אַלץ קומען ניט אין דער צייט.

„מיין ליעבער פריינד", זאָגט מיר דאָקטאָר יקנה"ז אין אַ קאַפע־סאַלון „וועט איהר טרינקען אַ גלעזעלע טהעע מיט לעמאָן?"...

איך טראכט אז יקנה"ז איז צו מיר אזוי פריינדליך אין א קאפע־רעסטאָראן היינט א פשיטה שוין אין דער היים? מיר איז אומעטיג, איך געה אבענד צו מיין ליעבען פריינד יקנה"ז. ער פיהרט מיך אריין אין פארלאָר רום, זיצט און קאלופעט די ציין מיט א טוט־פיק. זיין מאדאם דערצעהלט מיר א נייעס — היינט איז א „נייס וועטער..." ער יקנה"ז פרעגט מיך, אויב איך האָב געלייענט די איוונינג פייפערס און גענעצט אזוי, אז דער מויל עפענט זיך ביי איהם אויף ביז די אויערען און דער נאָז לויפט זיך אין גאנצען צונויף און זינקט איין. אין דער פרעמד איז מען ביי אייך אייגענע און אין דער היים — פרעמדע....

אין אונזער קליין שטעדטעל איז ניט אזוי. איהר זייט מיר אן אייגענער, א פריינד ניט נאָר אויף דער גאס, אין קאפע סאלון און פיטאקס האָל,— איהר זייט מיר אן אייגענער פריינד אין מיין הויז, מיין געוואונשטער ביי מיין טיש, מיין טייערער קאמראד ביי אלע מיינע שמחות, מיין בעליעבטער ברודער ביי אלע מיינע אונגליקען.... איהר זייט מיט מיר א גאנצער ר' קנעפעל ניט דערפאר, וואָס איהר טראָגט א קנעפעל אויפ'ן בוזעם, איהר זייט מיין איבערגעגעבענער טרייער פריינד, ווייל אונטער'ן קנעפעל שלאָגט ביי אייך א הארץ... איהר זייט מיר א קאמראד ניט נור אין „ד'רויסען", — איהר זייט מיר א חבר, א געזעלען פון „אינעווענינג" ביי אייך דענקט מען פריינדליך, ביי אונז פיהלט מען עס... ביי אייך האלט מען פון זאָגען, ביי אונז האלט מען פון טהאָן... ביי אייך האָט מען ליעב די „אידעע" פון „ברודער", ביי אונז האָט מען ליעב דעם „ברודער" פון דער „אי־דעע"...

אך! און ווען א מאָל אין א קאלטע ווינטער־נאכט, ווען דער פראָסט ברענט און דער ווינד שטורעמט, — קומט איהר צו אייער פריינד, וועלכער באגעגענט אייך מיט א פרייליכען אויסגעשריי און העלפט אייך אראָפשלעפען פון זיך דעם פעלץ... און ער פיהרט אייך נאָך דעם אריין אין זיין „סטאָלאָווע" וואו אויפ'ן טיש שטעהט א סאַ־מאָוואר און זינגט, און רעדט... און אין „הרובע" ברענען און פלאקערן און שפריצען מיט פייער סאָסנאָווע שייטלעך האָלץ... און איהר זעצט זיך אלע ארום טיש און איהר רעדט אָהן חכמות, אָהן פאלשקייט, אָהן פאָרזיכטיגקייט, אפשר כאפט איהר זיך אריין, אָהן

אַ גערדאַנק אויסצופּאַרשען, אָהן מורא אפשר וועט מען אייך פּונע בכבוד זיין, אָהן רעכענונג, אפשר פּאַסט עס ניט פאַר אייער פינף סענטיגען האָנאָר. איהר רעדט וואָס איהר פיהלט און פיהלט וואָס איהר רעדט, איהר רעדט שפּעט, שפּעט... און דער סאַמאָוואַר הויבט אָן זינגען שטילער און אויף דער „לעזשאַנקע" מורליקעט די קאַטץ און אין דרויסען שטורעמט און פּייפט דער ווינט. עס איז קאַלט ביי אונז אין „דרויסען" און ביי אייך איז פּונקט פאַרקעהרט.

---

7.

די גליקליכסטע, די גאָלדענע צייט אין מענשענס לעבען איז זיין קינדהייט... זיסע, טייערע צייט!... די ווירקליכע וועלט בילדעט זיך אָב אין יונגען קעפּעלע, ווי אַ וואונדערבאַרע, פּאָעטישע מיידעל: יעדע ערשיינונג ווערט בעפּוצט און בעציהרט פון דער רייכער קינ־דישער פאַנטאַזיע... מע לעבט אין אַ וועלט פון צויבערישע וואונדער, מע לעבט אָהן זאָרג. מען לאַכט אָהן אַ פערבאָרגענע שטעכעניש אין הארצען, מע וויינט מיט אמת'ע, ריכטיגע טרערען, מע פרייט זיך מיט אַן אמת'ע נאַטירליכע פרייד... ניט אומזיסט זיינען מיר אַזוי אָפט מקנא די זאָרגלאָזע, נאַאיווע, אונשולדיגע קינדער; ניט אומזיסט ווע־רען די צובראָכענע, צוקאַלעטשיטע מענשען ענטציקט פון אַ קינדישען חנ'דעלע פון זייערע שפּיעלען און אויפטועכצען... דער פערגיפטע־טער, ערוואַקסענער מענש זעהט אין זיי דאָס וואהרע לעבען... און דאָך, האָט קיין פעראיבעל ניט... איהר מעגט לאַכען פון מיר — אונ־זערע קליינשטעטעלדיגע קינדער זיינען מיר פיעל ליעבער און טייע־רער.

יאָסעלע, ביי וועלכען די נאָז, ניט פאַר אייך גערדאַכט, איז ניט אין זעהר אַ גרויסע אָרדנונג, — יאָסעלע, וועלכער לויפט אום אַלע פערנאַכט, ווי אַ צוקאָכטער נאָך די ציעגען, וועלכע קומען פון פעלד,

יאָסעלע, וועלכער טראָגט אַלט מאָדישע מאַטקעס און שפּיעלט זיך אין פּערדעלעך, אָדער אין „קאַמער — קאַמער — הויז", אָדער, וועל־כער בויט אַ טורם פון אַש אונטערן בית המדרש אויפ'ן בארג מיסט, וואו דער שוחט קוילעט עופות, אויף שבת, יאָסעלע, דער שעמעדיגער, וועלכער לאָזט אראָפּ פערשעמט זיינע גרויסע שווארצע אויגען, ווען איהר רעדט צו איהם. וועלכער פערדעקט זיך מיט'ן ארבעל ווען איהם ווילט זיך אַ לאַך טהאָן, — אָט דער יאָסעלע געפעלט מיר בעסער פון אייער קלוגען, ענטוויקעלטען, שעהן געקליידעטען, אויפגעקלער־טען, ריינ־גאָזידיגען, איידעל געפּאַטשקעטען, פּריציש ערצויגענעם, גאַנצען „יאַטעבע־דאַמ'דיגען" מאַקסי פון ניו יאָרק סיטי.

מאַקסי האָט טאַקי זעהר שעהנע געגרייזעלטע לאָקען, ער איז נאָך אַ פינף יעהריגער שנעק און טראָגט שוין לייקענע הענטשקעס, גאָל־דענע פינגערלעך, געפּרעסטע מאַשינקעלעך, לאַקירטע שיכעלעך און מאָדנע האַלזטיכעלעך — און ער געפעלט מיר דאָך ניט. ער איז טאַקי אַ גאַנצער בריה, ער באַראַבאַנעט אין אַ אמת'ען סאָלדאַטסקען באַ־ראַבאַן, ווייס שוין וואָס די צייטונגען שרייבען פון קאָרבעט און מורנו ורבנו ר' פּיץ, ער קוקט אייך גלייך אין די אויגען, ענטפערט פריי און פרעך, מאַכט „פּאָן", ווי אַן אַלטער, זאָגט אַ וויץ, ווי אַן אמת'ער גלייך־ווערטעל זאָגער, זינגט, „מיין קאָנטרי" ווי אַן אמתר פּאַטריאָט און לאַכט פון אַ גרינהאָרן, פון אַ באָרד, פון אַן אַלט מאָדישען קאַפּע־ליוש, ווי אַ וואָהרער יענקי און דאָך — אונזער קליין שטעטעלדיגער אַלט מאָדישער יאָסעלע געפעהלט מיר דאָך בעסער... איהר פרעגט מיך, פאַר וואָס? איך וועל אייך זאָגען. אָט נעהמט כדומה למשל אַן אוגערקע... לאַכט ניט — דער ביישפּיעל איז זעהר אַ טרויעריגער אַלזאָ נעהמט אַ אוגערקע.

אַן אוגערקע, וואָס וואַקסט זומער אויפן פרייען פעלד, אונטער די בלויע הימלען, — וועלכע וואַרעמט זיך מיט די אמת'ע שטראַהלען פון דער זון און נעהרט זיך מיט זאַנפט פון רעגען־טראָפּענס — זי איז אַן אמת'ע נאַטירליכע אוגערקע, איהר טעם איז ניט אַ נאָכגעמאַכטער, איהר געשמאַקייט איז אַן אמת'ע, איהר ביטערקייט איז אַ נאַטירליכע, זי איז מיט איין וואָרט אַן אוגערקע... איז דער באָדען, אויף וועלכען זי איז געוואַקסען, גוט און פעט, האָט ווילדע גראָז ניט געשטערט איהר וואַקסען, זיינע רעגענס געפאַלען אין דער צייט, איז זי אַ געראָטענע

— אויב ניט, איז זי ניט אַ געראָטענע. נעהמט אָבער אַן אונגערקע, וואָס וואַקסט אויס ווינטער אין אַ געמאַכטען געוואַקס־הויז, אונטער אַ גלעזערנעם דאַך געוואַרעמט פון עלעקטרישע היץ, גענעהרט מיט וואַסער פון אַ רעהר. זי איז גרויס, זי איז שעהן, זי איז צייטיג פאַר דער צייט, מע צאָהלט פאַר איהר טייערער, אָבער זי איז ניט קיין אמת'ע. איהר טעם איז אַ וואַסערדיגער, זי איז שוואַך און „נערוועז", זי טויג ניט צום זאַלצען און זויערען און איהר געשמאַקייט איז אַ נאָכגעמאַכטע... זי איז גיך אויסגעוואַקסען — דערפאַר ווערט זי גיך פערצעהרט...

אייערע קינדער פון די גרויסע שטעדט וואַקסען אַלע ווייט פון דער נאַטור, די טענעמענט הייזער און די איינגע, שמוציגע גאַסען זיינען זייערע געוואַקס־הייזער... ניט אונטער די בלויע הימלען וואַקסען זיי — זיי וואַקסען אונטער אַ גלעזערנע דאַך, ניט פרישע, געזונטע זאַפט נעהרט זיי— זיי נעהרען זיך מיט די פערגיפטעטע גרויס־שטאָטיגע, נאָכגעקרימטע ציוויליזאַציאָן... זיי ווערען צייטיג פאַר דער צייט, אָבער זיי זיינען שוואַך און נערוועז, ווי די „אָראַנזשע־רעיענע" אונגערקע און ווערען אויך פערצעהרט פאַר דער צייט.

אַז איך האָב אייך שוין יאָ צוגעגלייכט אַ קינד צו אַן אונגערקע, ער־לויבט מיר דערצעהלען, וואָס איך האָב געלייענט אין אַ צייטונג פון אַ חינעזער... אַן אונגערקע מיט אַ חינעזער? — פרעגט איהר פער־וואונדערט. — עס איז טאַקי אַ טרויעריגער געדאַנק, אָבער וואָס פאַר סמיכות הפרשה?... האָט געדולד ביז מאָרגען, וועל איך אייך אַלעס ענטפערען און ערקלערען. געדולד! די קליינשטעדטעלדיגע פילאָזאָפיע איז דולדיג און רוהיג, ווי די מוטער־נאַטור...

---

.8

וואָס ווייס אַ חינעזער פון ציוויליזאַציאָן? ער האָט אין דער לינקער פיאַטע בעים באָל, באָקסינג, רייסינג און אַלע אַנדערע ווי־סענשאַפטליכע ספּאָרטס. ער לעזט ניט די „וואָרלד" און די „פּאָלים

גאזעט", פאַהרט ניט אויף אַ בייסיקעל און טראָגט אַ צאָפּ אין דער צייט, ווען די ציוויליזאַציאָן האַלט ביים גאָלען און שערען. איבער־הויפּט, ווי באַלד ער רעדט ניט קיין ענגליש און קייט ניט קיין טשו־טאַבעקאַ, איז זעהר אַ גרויסע פראַגע, אויב מע קען איהם גאַר אין גאַנצען רעכענען פאַר אַ מענש. שטעלט אייך פאַר וואָס אַ חינעזישע־בריאה, אַ לאַנדריי־בעשעפעניש קען זיך ערלויבען... קינדער, נאַאיווע קינדער, די אונשולדיגע ענגלען פון די ניו יאָרקער גאַסען, די רייכע כרובים פון דעם גרויס־שטאָדטיגען גן עדן האָבען זיך נעבעך געשפּיעלט לעבען אַ לאַנדרי, איז זיך מישב דער אונציוויליזירטער צאָפּען טרעגער און בעגיסט זיי מיט הייסע זודיגע וואַסער. קינדער בעגיסען מיט זודיגע וואַסער אין דער צייט, ווען די ציוויליזאַציאָן מיט דער אינדוסטריע, מיט דער הומאַניטעט און „מאָראַליטעט" — הא?

די גוט־הערציגע, ליעבענדע מאַמעס פון די אָבגעבריטע ענגלען האָבען געוויינט און געליאַרעמט לעבען דער שרעקליכער לאַנדרי, די ציוויליזירטע יענקים האָבען זיך פערזאַמעלט און האָבען אויסער זיך געשריען: „לינטש איהם! לינטש איהם! הענגט איהם אויף אַ פּאַנארעם סטאָלב! בעגיסט איהם מיט קעראָסין און צינדט איהם אונטער!" און די ציוויליזירטע צייטונגען האָבען געדרוקט צאָרניגע אַרטיקלען וועגען די ווילדע באַרבאַרען, וועלכע קומען אין אַ לאַנד פון קולטור און פּראַגרעס מיט דעם באַרבאַרישען צוועק צו פּרעסען יעדען טאָג העמדער ביז צוויי אַ זייגער אין דער נאַכט און גיסען הייסע וואַסער אויף די ליעבע, זיסע קינדערלעך.

ווען ביי אונז אין שטעדטעל טרעפט זיך, חלילה, אַזאַ געשיכטע, וואָלט געווען פּונקט פאַרקעהרט. די עלטערען פון די אָבגעבריטע ווייסע חברה'ניקעס, וואָלטען געבעטען מחילה ביים צאָפּען טרעגער... און די טאַטעס, האָט קיין פעראיבעל ניט, וואָלטען אַראָפּ געשפּיליעט די רימענע פּאַסעקלאַך און וואָלטען די אונשולדיגע ענגלען, ניט פאַר אייך געדאַכט, גוט אַריינגעפּיטשקעט אחת למעלה ושבע למטה... פּיטשקען מיט אַ רימענעם גאַרטעל? פּע! שבע למטה גאַר? שטייטס, וואָס זאָגט די ציוויליזאַציאָן?... אַ קליין שטעדטעלדיגער פּילאָזאָף קימערט זך זעהר ווייניג וועגען דעם, וואָס די גרויס שטאָדטיגע ציוויליזאַציאָן זאָגט... אָט איהר קוקט בעסער אריין טיעף אין הארצען צו דעם שווייגעדיגען, אויסגעוויינטען, אויסגעאַרבייטען, אויסגעדאַר־

טען חינעזער, און פערשטעהט, וואס זאגען זיינע ביטערע געפיהלען, וואס דערצעהלט זיין צובראכענער געמיטה.

דער פרעמדער, שטילער, פערשראקענער בארבאר שטעהט אין זיין לאנדרי, ארבייט פלייסיג, שוויים גיסט פון איהם, ער שטעהט גאנצע טעג אויף זיינע פיס, ער איז זעהר ניט אויפגעלעגט און האלט איבערהויפט זעהר ווענים פון „פאן״... און די ציוויליזירטע קינדער פון ציוויליזירטע עלטערען קלייבען זיך צונויף לעגיאנען ווייז לעבען דעם ווילדען בארבארס פרעסארניע, שרייען ווי משוגעים, האווקען ווי הינט, מיאוקען ווי קעץ, קרימען זיך נאך ווי מאנקעס... זיי פייפען, קוויטשען, געוואלדעווען — דער חינעזער שווייגט. דאן הויבען אן צו פליהען צום ווילדען בארבאר פאפירענע קוילען, שטיינדלאך, מיסט, ברעטלעך — דער בארבאר בויגט צו זיין קאפ ניעדריג צום פרעס און ארבייט פלייסיגער... א גאנצע טשערעדע ציוויליזירטע ענגלען לויפט אריין מיט א ווילדען הוקעריי אין לאנדרי אריין און לויפט באלד ארוים. דער בארבאר זיפצט און שווייגט. די פרעכהייט פון די נאאיווע ענגלען וואקסט — זיי לויפען אריין, אייניגע קערען איבער אן עמער מיט וואסער, אנדערע צופען דעם בארבאר ביי זיין צאפ... מיט א פרייליכען טריאומף און צופריעדענהייט פליהען זיי ארוים צוריק אין גאס... א געלעכטער, א שמחה! די ציוויליזירטע יענקים געהן פערביי און קוועלען ווי א באקסער, דער ציוויליזירטער פאליסמאן שטעהט אויפ'ן קארנער און שמייכעלט. די אונשולדיגע ענגלען אמוזירען זיך. געגוג געדולד האט דער פרעמדער, עלענדער, ערניעדריגטער חינעזער, אבער די חוצפה פון די שטראסען־מלאכים'לעך שטייגט איבער יעדע מאס. זיי דארפען איהם נאך שלעכטס טאן. זיי ווילען איהם נאך וועה טאן. זיין שטילער צארן מאכט זיי פערגעניגען, זיין אונמענשליכער כעס — פרעהט זיי... ביי איהם שטעהען טרערען אין די אויגען און זיי לאכען; ביי איהם האט זיך שוין אנגעצונדען זיין בלוט און ער קען גיך פערלירען זיין געדולד און זיין ווילען — זיי רייצען דעם בארבאר ווי א הונט....

איך דארף אייך פיעל ניט דערצעהלען, וואס עס פיהלט א מענש אין אזא לאגע... ווער פון אונז איז ניט געוועזען א מאל א גרינהארן? ווער פון אונז האט ניט געליטען פון דער ווילדער גרויזאמקייט און אונמענשליכקייט, וועלכע קען א מאל אפנעמען דעם זינן ביי דעם גע־

לאסענסטען מענשען? געהט, ערקלערט דעם ציוויליזירטען ריכטער, וועלכע פסיחאָלאָגישע פּראָצעסען קומען פאָר אין דער זעעלע פון א מענ־שען, וועלכער איז פערטראָגען מיט זיינע געדאנקען וועגען זיין צוקונפט, וועלכער איז בעלאסטעט מיט זאָרג וועגען ארבייט און מיטלען צום לעבען, וועלכער איז ווייט פון „פאָן" און שפּאס, ווי די בלויע הימלען זיינען ווייט פון דער דונקעלער ערד, — געה ערקלער זיי, וועלכע געפיהלען עס רוישען און שטורמען ביי דעם פערזאָרגטען מענשען, אין דער צייט, ווען זיינע נייע ציוויליזירטע מיטבירגער ווילען, ער זאָל זיי אמוזירען און פריילעך מאכען ווען זיי הויבען אָן שׂטויסען, צופּען, בעווארפען מיט שנעע באָלס, בעשיטען מיט שטויב און בלאָטע... ווען ביי אונז אין קליין שטעדטעל זאָל אַן אויפגעבראכטער גרינהאָרן ערמאָרדען א פּאָאר פון זיינע פערפאָלגער, וואָלט דער ריכטער און די דזשורי אין קיין פאַל איהם ניט פערורעכענט פאר א מערדער און דאָ ביי אייך ווייס מען ניט פון קיין פסיחאָלאָגיע, דאָ צעהלט מען נאָר פאקטען... עלעקטריק איז דאָ, אַן עלעקטרישע טשער איז דאָ: פּלים סיט דאון!...

מיר איז טרויעריג געוואָרען און.... ענטשולדיגט, איך וועל ענדי־גען אונזער שמועס מאָרגען...

---

.9

איך האָב געהערט, אייערע גרויסשטאָדטיגע פילאָזאָפען פיהרען א גרויסען פילאָזאָפישען ויכוח וועגען דער פראגע: איז דער אמעריקאנער פּראָגרעסיוו אָדער קאָנסערוואטיוו? אייערע וויסענשאפטליכע פילאָ־זאָפען זוכען אַן ענטפער אויף דער פראגע אין וויסענשאפטליכע קאַ־לענדארען (לוח'ן) און אין די קעפּלעך און טיטעל־בלעטער פון גרויסע ספרים. קליין־שטעדטעלדיגע פילאָזאָפיע זאָגט: מען דארף ניט נאָר וויסען, מען דארף אויך קענען; מען דארף אויך זעהן דאָס, וואָס עס

איז צוזאמענגעבונדען מיט דעם, וואָס מען זעהט; מען דאַרף ניט נאָר קענען זאָגען, מען דאַרף אויך קענען דענקען, מען דאַרף אויך פיהלען. אַ יאָ דאָס איז גאָר ניט טרויעריג? אָבער ניט דאָס בין איך אויסען. איך וויל זאָגען: געהט אום אַ ביסעל מיט'ן גאָס, פאָהרט אַ פּאָר בלאָק מיט דער קאַר, שטעהט אַ פּאָר שעה אויפ'ן קאָרנער און אייערע אייגענע בעאָבאכטונגען וועלען אייך בעסער פון אַלע ביכער ענטפערען. דאָס אין פראַקטישע זאכען איז דער אמעריקאנער זעהר פּראָגרעסיוו און אין אַלע איבריגע זאכען איז ער די קאָנסערוואטיווסטע באשעפענים אויף דער וועלט.

פון וואנען איז דאָס געדרונגען? איהר זעהט זיינע עלעקטריע און קייבעל קארס, זיינע עלעווייטערס, זיינע מאשינען, איינריכטונגען, געביידען, מאגאזינען, פאבריקען — ער איז פּראָגרעסיוו. זעהט אָבער מיט וועלכע אויגען ער בעטראַכט אייער אימפּאָרטירטע באָרד, אייער מעבר לים געבראַכטע פאַנטופליעס, אייער ניט היגען קאפעליוש. אָדער אויב איהר זייט, ניט פאר קיין מענשען געדאכט, אַ דאמע און איהר טראָגט אַ שימיזעטקע ווען מען טראָגט גלאַטע באַקסעס, איהר געהט פארקעמט גלאַט, ווען מען דאַרף אַ טשיבטשיק און רחמנא לצלן, איהר טראָגט קורץ אָבגעשאָרענע האָאר אנשטאָט אַ הייליגען צאָפּ, — בעטראַכט נאָר זייערע גרימאַסען, און העויות, זייער אמת'ע איבער־ראַשונג און פערוואונדערונג, זייערע אויסגעגלאָצטע אויגען, זייער פער־אכטונג, זייער הערצליכען געלעכטער, — בעטראַכט די אַלע קליי־ניקייטען און איהר וועט באַלד פערשטעהן, אז דער אמעריקאנער פּראָגרעסיסט איז זעהר אַ קאָנסערוואטיווע חיה.

דאַכט זיך איהר ספּאָילט איהם ניט די ביזנעס, ווען איהר טראָגט ווהיסקעס אָדער, ווען איהר פאָהרט אויף אַ בייסיקעל אין ברייטע הוי־זען, — פאַר וואָס איז דער פראַקטישער יענקי אַזוי אויפגעבראַכט? ער איז אויפגעבראַכט, ווייל ער איז געוועהנט דאָס נאָר אין פּראַקטישע, מאַטעראַליסטיש — נוצליכע זאכען, זאָל ערלויבט זיין יעדע ארויס־לויפען פון פרונט. אין די קרייזען אָבער פון אידעען, פון גלויבונגען, פון לעבענס ארט זיטען ערלויבט ער אייך ניט און ער טראָגט ניט קיין אָריגינאַליטעט, קיין זעלבסטשטענדינקייט קיין שריט פון דער רייהע. איהר טאָרט אין קיין זאַך ניט זיין אָבגעשיידעט פון דער גאנצער קאָמפּאַקטנער מאסע — איהר טאָרט ניט מיט קיין קליינקייט זיין

אָבגעזאָנדערט פון דער געמיינשאפט, אָבגעטראָטען פון דער נאָרמע, אפילו פון א באָרד מיט פּאנטאָפעל טאָרט איהר ניט האָבען אייער איי־גענע מיינונג... אין יעדע בעציהונג מוזט איהר געהן אין טאקט מיט אַלע, אויב ניט, זייט איהר ניט נאָר לעכערליך אין זיינע אויגען, איהר פערדיענט זיין פעראכטונג און שפּאָט. ער איז צוגעשמידעט צו דעם, צו וואָס ער איז צוגעוועהנט און קען ניט פערדייהען דאָס, וואָס איהם ווייזט אויס ניי; ער אנערקענט אַלעס, וואָס ווערט אויפגענומען פון דעם גאנצען קהל און קען ניט דולדען דאָס, וואָס ווערט אנערקענט פון אן איינציגער פערזאָן; ער איז א שרעקליכער אידיוווידואליסט אין געשעפט און איז א בהמה, וואָס געהט נאָך דער טשערעדא אין זיין לעבען... מיט איין וואָרט, ער איז א קאָנסערוואטאָר. אָבער, האָט קיין פעראיבעל ניט, וואָהין זיינען מיר פערקראָכען?

פערשטעהט איהר מיך, די קינדער זיינען קינדער פון זייערע על־טערן. די עלטערען זיינען ניט טאָלעראנט, די קינדער צופּען אַן אלטען אידען ביים באָרד; די עלטערען פעראכטען א מענש, אויב ער איז נאָר ניט קיין קאָסטימער, ווען ער קען ניט רעדען קיין ענגליש. די קינדער מיינען, אַז ווער עס קען ניט רעדען קיין ענגליש פיהלט גאָר ניט קיין וועהטאָג, ווען מען שלאָגט איהם; די עלטערען מיינען, אַז א חינעזער איז אן אלט־מאָדישע מאשינע, וועלכע פאבריצירט זיך אין חינא ספּעציעל צו פּרעסען אמעריקאנישע וועש, און די קינדער ווילען ביי דער פּרעס־מאשין אָפּרייסען דעם צאָפּ, די עלטערן מאכען פון זייער פרייהייט א מין „לויפעריזם" צו הולטאיעווען אין פּאליטישע אנגעלעגנהייטען, די קינדער זיינען לויפערס, ווייל זיי נעהמען „לוי־פעריזם" פאַר פרייהייט... די עלטערען זעהען אין דעם „מענשען" נאָר א קראפט, אָהן א זעעלע אָהן א גייסט, אָהן א הארץ, אָהן געפיהלען און די קינדער האָבען פערגניגען דערפון, וואָס זיי טוען אָן יסורים יע־דען וואָס קען דולדען און מוז שווייגען... און אָט דיעזע קינדער וואקסען אויס און זיינען ריכטער און לעהרער, געזעצגעבער פון לאנד, פאָרשטעהער פון פאָלק... אָבער מיר וועלען קיין מאָל ניט ענדיגען, אויב מיר וועלען זיך ניט אומקערען צו אונזער קליינשטעדטעלדיגען יאָסעלע און צו אייער גרויס־שטאָדטיגען מאקסי...

מאקסי איז „סמאַט", יאָסעלע איז קלוג אויב ער איז נאָר ניט קיין נארר. מאקס איז ווילד און פרעך, יאָסעלע איז נאאיוו און ריין,

אפילו ווען ער איז שמוציג. ווען מאקסי איז אַלט עלף־צוועלף יאָהר ווייס ער דאָס, וואָס יאָסעלע וועט וויסען אין צוואַנציג יאָהר... יא! מאַקסי ווייס אַ סך זאַכען. וואָס פאַר אַ טרויעריגער וויסען דאָס איז!... אָ! אייער גרויסע שטאָדט גיט די קינדער שרעקליכע „וויסענשאַפטען", וועלכע רואינירען זייער קערפּער, פערדאַרבען זייער גייסט, שוואַכען אָפּ זייערע נערוועז, פערחושך'ן זייער פערשטאַנד... ווען אַ חינע־זער האָט בעגאָסען עטליכע ווילדע, עזות־מחוצף־פּנים'דיגע לויפערס מיט הייסע וואַסער, האָט זיך ערוועקט אין אַלעמען, די גרויס־שטאָדטיגע הומאַניטעט און מען האָט געוואָלט דעם אונציוויליזירטען העמדעל־פּרעסער לינטשען, און אַז טויזענדער קינדער מיט שוואַכע קערפּערס געהען אַרבייטען אין שאָפּס, פאַבריקען, אָפיסעס. ווען טויזענדער קינ־דער ווערען פערשטיקט אין איינגע פינסטערע טענעמענט הייזער, ווען טויזענדער יונגע קינדער האַנדלען שוין מיט זייער קערפּער, ווען טויזענדער קינדער וואַקסען אויס אויפ'ן סטריט, אָהן פרישע לופט, זע־העז ניט אין זייער לעבען קיין גרינע גראָז און קיין וועלדעלע, ווייט פון אַלע פּאָעטישע שעהנהייטען פון דער נאַטור. ווען יונגע דרייצעהן־יעהריגע קינדער האָבען שוין „פעהלערס" מיט „גוירלס", ווען יונגע קינדער בעגעהען שוין זעלבסט־מאָרד און זיינען בערייט צו טאָן יעדען פערברעכען, — דאַן שווייגט די הומאַניטעט, ווייל די גרויס־שטעדטיגע ציוויליזאַציאָן געפינט אין דעם גאָר נישט אויסער אָרדענטליכעס...

די קינדערשע יאָהרען געהן אוועק ביי אייך אָהן קינדהייט, די יונגע יאָהרען ווערען פערשוואונדען אָהן יונגענד, ווערען אַלט נאָך איי־דער מען איז יונג געווען, גלייכען 'לויפעריזם" צו קינדישע שטיפעריי, רעכענען ווילדע אויסגעלאַסענהייט פאַר אַ קינדער שפּיעל — פע! עס איז טרויעריג. ניין! ווען יאָסעלע וועט אויפוואַקסען, וועלען אָפּט איהם ערפרייען זיסע, גוטע עראינערונגען. ער וועט מיט פערגניגען דער־מאָנען די יאָהרען, ווען ער האָט געלעבט אין אַ פאַנטאַסטישע פּער־צויבערטע קינדישע וועלט... ווען ער איז אומגעלאָפען אין פרייען פעלד, ווען ער האָט געזעהן, ווי ווייט פאַלט דער הימעל צו דער ערד, און ווי דאָרט טרייבט אליהו הנביא זיין טשערעדע... ווען ער האָט געזעהן אין די שווימענדע וואָלקענס שרעקליכע חיות, ווען ער האָט געהערט אין דעם וויספערען פון בוימער די שפּראַך פון גייסטער, ווען ער האָט געהערט דאָס געזאַנג פון פייגעלעך און ווען אַ פרישער ווינ־

טעלע פון פעלד, האָט איהם געוועהט אין געזיכט, און ווען דאָס ווינטע־לע האָט פּלוצלונג אָנגעהויבען שטיפען און וואָרפען שטויבען אין דער הויך און די גרעזעלעך פלעגען באַלד ווערען שטיל, ווי דערשראָקענע, און ווייט איבער'ן הימעל האָט זיך שוין געקאַטשעט אַ מעכטיגער, הילכיגער דונער... און ווען פארנאַכט ערגיץ אין אַן איינזאַמען ווינקעל פלעגט ער הערען וואונדערליכע געשיכטען, און שרעקליכע ערצעהלונ־גען... אַ! זיסע, טייערע, פּאָעטישע צייט!...

---

## 10.

מיינע טרויעריגע געדאנקען זיינען איצט געווענדעט אויף אַ טרויעריגע זאַך, וועלכע רעכענט זיך פאַר איינע פון די גרעסטע שמחות אין מענשענס לעבען. איך, קליינשטעדטעלדיגער פילאָזאָף, וויל מיט אייך שמועסען אַ ביסעל פון דעם, ווי מע האָט ביי אייך חתונה. ווען איך וועל אויסרעדען מיין הארץ וועגען אייער חתונה, וועל איך מיט אייך שמועסען אויך פון דעם, ווי מע בעגראָבט אייך. איהר דאַרפט קיין פעראיבעל ניט האָבען, וואָס איך פּלאָנטער צונויף אַ חופה מיט אַ קבר — אין דעם בעשטעהט די טרויעריגע פילאָזאָפיע פון אייער גרויס־שטאָדטיגען לעבען.

ביי אונז מאַכט אַ חתונה אַ גאַנצען רעש אין שטעדטעל. די על־טערען, פריינדע און מחותנים ריכטען זיך, קראָכמאַלען זיך, פאַרבע־רייטען זיך. אין שטעדטעל רעדט מען דערפון, די ווייבער בעשפּרעכען דעם געגענשטאַנד אין מארק, די סאַרווערענס אונטערהאַנדלען די פראַ־גע אין ווייבערשען פּאָלעש. און נאָך דעם, ווען מען הויבט אָן סטראָיען די פּאַלאַטקע (באַלאַגאַנען) וואו די חתונה וועט זיין... טאַטע מיינער, וואָס עס טוט זיך! די קינדער פון גאַנצען שטעדטעל שפּרינגען איבער די ברעטער, שרייען, שטיפען. דער כלה'ס עלטערען זיינען שוין מלא שמחה, ווער עס קומט איז מען שוין מכבד מיט לעקעך און בראנפען...

מזל טוב! מזל טוב! אין אַ גוטע שעה! ווינשען אַלע מיט'ן גאַנצען הארצען. און נאָכדעם, ווען אין אַ שעהנע זומער נאַכט, צינדען זיך אָן פייערלעך, דער באַס רומפּעלט, די פידלען פערגעהען זיך, די מחותנים בלאָזען זיך, די אונטערפיהרער שושקען זיך. ווי עס קלינגען די טענער אונטערן בלויען הימעל, וויפיעל אמת'ע פרייד איהר זעהט אויף די פּנים'ער, וויפיעל אמת'ע ליעבע און פריינדשאַפט! און ווען די אַלטע באָבע מיט'ן רויטען נאָז טיכעל אין האַנד הויבט אָן טאַנצען אַ כשר טאַנץ און אַלע געסט רינגלען זי אַרום און פּאַטשען צו אין טאַקט מיט די הענד און קנאַקען מיט די פינגער... עך! וויפיעל אמת'ע נאַטירליכע, געזונטע פרייד! און ווען די מאַמע ווײנט פאַר דער חופּה, און ווען אַלע שרייען אוים מזל טוב! מזל טוב! און ווען אַלע מאַנזבילען מאַכען אַ קנאַק און זינגען אַ לעבעדיגען פריילִיכען „חסיד". וויפיעל וואַהרע ליעבע, גוטע געפיהלען, אמת'ע פריינדשאַפט. איהר לאַכט? עס איז קליינשטעדטעלדיג? יאַ! אָבער קיין זאַך איז ביי דער חתונה ניט נאָכגעמאַכט, ניט נאָכגעקרימט, ניט גענומען אויף פּראָקאַט, ניט געבאָרגט אויף איין מאָל צו טאַנצען, ניט גענומען אויף אינסטאָלמענט. אַז מע זאָגט ביי אונז, מזל טוב, מיינט מען ניט „גאָ טו העל". און אַז מע ווינשט, עס זאָל זיין אין אַ גוטע שעה, זאָגט מען עס ניט צו ליעב פּאָליטיקע, אָדער עטיקעט, אָדער ווייל אַזוי איז די מאָדע.

דאָ ביי אייך איז אַלעס געדונגען, אַלעס אויף פּראָקאַט גענומען. די ליעבע איז גענומען אויף פּראָקאַט, די פרייד איז גענומען אויף אינסטאָלמענט, די שמחה איז אַ נאָכגעמאַכטע, אויפגעשטרודעלטע. דער גרויסער דונקעלער האָל איז פול און ווער פון די געסט האָט אין זיין הארצען אמת'ע, גוטע, פריינדליכע געפיהלען? וועמעס שמחה איז דאָס? די געסט זיינען פערנומען מיט'ן וואָלצער. די פריינדע זיינען שלעפעריג און פערזאָרגט — זיי דאַרפען מאָרגען פריה אויפשטעהן צו דער אַרבייט, די חתן־כלה זיינען שוין צו גוט בעקאַנט זיי זאָלען איצט זיך פרעהען דערמיט, וואָס ענדליך זייטען זיי שוין דאָך פער־איינינגט. די קליידער, וועלכע זיינען אַם מייסטען גענייט אויף אַ „פּרעמדע מאָס" מאַכען קאָמיש די גאַנצע שמחה; די קאַרעטע, וועלכע איז געדונגען געוואָרען פאַר די לעצטע גראָשען, איז נאָר צו ליעב דעם, מע זאָל קענען, ווי מע זאָגט, נאָך שטופּען די קאַרעטע, ווייזען פאַר דער גאַנצער סטריט דעם פּאַראַד. איך וועל אייך זאָגען בעסער: די

גאנצע חתונה איז א פּאראד, מע פּאראדירט מיט פרעמדע געפיהלען אין פרעמדע פעדערען פאר פרעמדע מענשען. די מזל טוב׳ס וואָס מע גיט דאָ, מיט די גראטוליאציאָנען, מיט די צוגעשיקטע טעלעגראַמען איז נאָר א מאָדע זאך. עס איז אזוי ווי מע טוט אין די הויכע פענסטער, אָדער אזוי ווי מע טוט ביי די אמת׳דיגע יענקים. א פּאָר פּראָמינענטע געסט, א רייכער בוטשער און צוויי בעריהמטע קאָסטום פעדלערס זיינען איינגעלאדען צו ליעב ביזנעס, אָדער צו ליעב בעריהמעריי. די ווייסע סליפּערס טויגען נאָר אויף איין נאכט, די ווייסע האנדשוהען זיינען געווען שמוציג נאָך מיט צוויי מאסקאראד באָלס פריהער, די „גילדענע יויך", וואָס מע ועט עסען אין „בייזמענט" איז זויער, געמאכט אויף צו בלומרשט און בעצאָהלט מיט צוויי קוואָדערס פון יעדען גאסט בעזונדער. און ווען די מוזיק שפּיעלט און די טראָבאָנעס ברומען און דער באראבאן רוישט מאכט עס ניט דעם איינדרוק, וואָס ביי אונז... דאָרט, ווען איהר דערהערט איין טאָן פון א פיעדעלע, הויבט ביי אייך אָהן ציטערען און פלאטערען דאָס הארץ, עס איז א נייעס. דאָ הערט איהר אלע טאָג שרייענדיגע קולות פון טרובעס מיט טרומפּעטען — מע „מאטשט" און מע „מאטשט" יעדע שעה... פידלען ריפּען יעדע נאכט אין טאנץ־קלאסען, צובראָכענע פּאָרטעפּיאַנעס רומפּלען אין אלע ביער־סאלונען... קיינע געפיהלען וועקט אין אייך ניט די חתונה מוזיק, זי רעדט גאָר ניט צו אייער הארצען, זי רעדט צו אייערע פיס... און די פיס הויבען זיך ביי אייך צו „מאַטשען" און צו „וואלצען"...

און איך, קליין שטערטעלדיגער גרינהאָרן, קוק אויף אייער חתונה און פרעג: וואו איז די ליעבע? וואו איז די פריינדשאפט? וואו זיינען די נאטירליכע געפיהלען? וואו איז די אמת׳ע שמחה?... וואָס איז דאָ ביי אייך אייגענס און וואָס איז גענומען געוואָרען אויף פּראָקאט?

אי! מיין פריינד! ווען איהר זאָלט ביי אונז א מאָל הוליען אויף א חתונה... מען קוקט זיך נאָך ניט ארום אין די נאכט איז שוין פערשוואונדען, — א פּריש קאלט ווינטעלע וועהט, א ווייסליכער פּאס וויזט זיך אויפ׳ן הימעל פון מזרח זייט, דער מאָרגענשטערען גלאנצט און שיינט ווי אן אמת׳ער ברילליאנט, די קליינע שטערענדלעך זיינען אוועק געלאָפען ווייט און די בלויע הימלען זיינען געוואָרען טיפער...

די פרייליכע צופריעדענע געסט געהען ארומגענומען איבער די שטילע, שלעפעריגע גאַסען... די מאַמזעלען שפּאַצירען אום און רעדען שטיל, העגער קלאַפּען מיט די פליגלען און שרייען הויך און גאַנצע מחנות פויגלען שניידען מיט זייערע פליגלען די פרישע, געזונטע לופט... דער מאָרגען קומט, די בוימער שטעהען, ווי פערטראַכטע און אויף די גרעזלעך גלאַנצען, ווי דיאַמאַנטען גרויסע טראָפּענס טוי... ווער איז מיר! פאַר וואָס איז מיר אַזוי טרויעריג געוואָרען?

---

.11

איך האָב אייך שוין בעקאַנט געמאַכט מיט מיין קליין שטעדטעלדיגען שטאַנדפּונקט וועגען דעם, ווי מע מאַכט אייך חתונה, — היינט וויל איך מיט אייך שמועסען דערפון, ווי מע בעגראָבט אייך. האָט ניט קיין מורא, דער לעצטער געגעשטאַנד איז ניט טרויעריגער פון דעם ערשטען — די קבורה איז דאָ ניט אַ קלענערע שמחה, ווי אַ חתונה.

איינענטליך, נאָך מיין קליינשטעדטעלדיגע מיינונג, האָט אַן אָרעמאַן גאָר ניט געדאַרפט ביי אייך שטאַרבען, ווייל דער טויט קאָסט ביי אייך אַזוי טייער ווי דאָס לעבען, אין יעדען פאַל ניט ביליגער פון אַ חתונה. אויף מיין וואָרט, האָט זיך שוין דער קבצן צוגעוועהנט ביי אייך לעבען אָהן דעם, וואָס רופט זיך „לעבען", — האָט ער זיך שוין געדאַרפט אויסלערנען שטאַרבען אָהן דעם וואָס רופט זיך „טויט". נאָך מיין פערשטאַנד, איז אַלעס ביי אייך פּונקט פערקעהרט — לעבט אַ מענש, האָט ער אויף זיך טויזענד „אַנדערטייקערס", וואָס זיינען איהם בערייט צו בעגראָבען, צו ליעגען זיבען איילען אין דר'ערד, — שטאַרבט ער אָבער דאַרף איהם בעגראָבען נאָר דער „אָנדערטייקער" וואָס מאַכט ביזנעס דערביי... אַזוי פיעל פּלאַץ צו לייגען מיליאָנען מענשען אין דער אדמה און אַ שטיקעל קרקע קאָסט אַזוי טייער... און אַ חוץ דעם, ווי מען שטאַרבט נאָר, הויבט זיך שוין אָן ביי אייך

א חתונה מיט קערידזשעס, מיט בלומען, מיט טרויער קליידער, מיט לאָדזשען־ברידער, מיט סטייבעל־פערד, מיט אויפגעקלערטע רעוורענדס און מיט שכור׳ע דרייווערס.

די גאנצע שטעדטעל איז ביי אונז אויפגעבראכט, ווען אימיצער שטארבט, חלילה. עס איז קיין קלייניגקייט נים, יעדער פיהלט אז א מענש איז געשטאָרבען, דאָס ליכט פון א לעבען איז אויסגעלאָשען גע־וואָרען.... יעדער האלט פאר א פליכט אָבגעבען צום לעצטען מאָל א כבוד דעם, וואָס געהט אוועק פון דער וועלט אויף אייביג... ביי יע־דען איז צובראָכען דאָס הארץ, יעדער דענקט פון דער שרעקליכער ער־שיינונג, וועלכע רופט זיך טויט. יעדער האָט מיטלייד מיט די יתומים אָדער מיט דער אלמנה, יעדער רעכענט פאר א מצוה צו טראָגען א ביסעלע אויף די פלייצעס דעם, וועלכער איז געוועזען דאָ אן אייגענער צווישען אייגענע... ווער עס קען נים מיטגעהן מיט דער לויה, געהט אם ווענינגסטען ביז׳ן קאָרנער, שטעלט זיך אָפּ א טרויעריגער, בע־גלייט מיט די אויגען דעם מיט־מענש, וועלכער איז אויסגעריסען גע־וואָרען פון דער קליין־שטעדטעלדיגער געזעלשאפט און פערלירט עטלי־כע אמת׳ע טרערען... אבענדס קומט מען צו די, וואָס זיצען שבעה... מען זיפצעט און מען וויינט צוזאמען, מען רעדט שטיל און פריינדליך, מען טרויסט, ווי עס איז מעגליך, און מע העלפט, ווי ווייט מען קען... געוויס, דער וואָס איז געשטאָרבען, וועט שוין נים לעבעדיג ווערען, אָבער די, וואָס לעבען, פיהלען, דאָס זיי זיינען נים אליין אין א וויס־טען וואלד, דאָס זיי זיינען נים קיין עלענדע צווישען פרעמדע, דאָס זיי זיינען מענשען צווישען מענשען.

דאָ ביי אייך שטארבט נים א מענש, דאָ שטארבט א מיסטער אָדער א מיסעס. אויפ׳ן טיר שלאָגט מען צו א שווארצען באנד און אין דעם אייגענעם טענעמענט הויז הערען אלע דעם טויטען, ווי דעם פאר א יאָהריגען שנעע. און וואָס איז באמת אזוי דער אונגליק? דאָס לעבען פון דעם געשטאָרבענעם איז נים פערלאָרען געגאנגען — נאָ, סער! זיין לעבען איז געוועזען פערזיכערט און ווען ער האָט נאָך געגוססט, האָט מען זיך שוין איבערצייגט, דאָס דער „פאָליסי“ איז אָלל־רייט... מע דארף זיך נים זאָרגען, ווער וועט געהן צו דער לויה — געהערט ער צו א לאָדזש, וועלען קומען פרעמדע „ברידער“ מיט סטאָוו פּייפּס, איז ער א פריי מאוער — וועלען קומען מאורערס מיט

לאָפּאַטקעס, מיט פּאַרטוכלעך, מיט אַלע זיבען זאַכען... זיי רויכערן גראָבע סיגאַרען, טרייבען שפּאַס און דערצעהלען אַנעקדאָטען אין דער צייט, ווען די דריייוועדס פּוצען די פערד און די אבלים מעסטען אָן די שוואַרצע טרויער קליידער... אַנשטאָט מענשען, פיהרען פערד דעם בר־מנן און אין פיעלע קערעדזשעס זיצען פרעמדע גלייכגילטיגע, דער ניט גוטער ווייס, פון וואַנען געקומענע, העררען, דאַמען און קינ־דער, וועלכע ווילען בענוצען די געלעגענהייט צו מאַכען אַ שפּאַציר אין אַ קאַרעטע... האָט מען שוין דעם „מיסטער" אָדער די „מיסעס" בעגראָבען, דאַן צו פאָהרען זיך אַלע פרעמדע פון וואַנען זיי זיינען גע־קומען, און די אבלים בלייבען פרעמד, אַליין, אַקוראַט ווי דער גע־שטאָרבענער איז געבליבען אַליין אין קאַלטען קבר. מע פיהלט ביי איין ניט, אַז מע האָט אַ מענשען פערלאָרען, און די, וואָס האָבען פערלאָרען פיהלען ניט אַז זיי זיינען צווישען מענשען לעבען געבליבען... מע לעבט ביי אייך ניט, ווי אַ מענש צווישען מענשען, מע לעבט, ווי אַ שכן צווישען שכנים. די גאַנצע שטאָדט איז אַ גרויסער טענעמענט הויז און עס האָט צו קיינעם ניט, ווער עס ציהט אריין און ווער עס ציהט זיך ארויס.

ווען אָבער דער אָרימער, עלענדער, „אונפערזיכערטער" קבצן געהט שטאַרבען — איהם שרעקט דער טויט נאָך ערגער פונ'ם לעבען. ווער וועט איהם צונעהמען? וואָהין וועט מען איהם אהין טהאָן?... ער איז גליקליך, אויב ער ווייס, אַז „זיינע" וועלען ניט האָבען קיין טראָבעל מיט זיין טויטען קערפּער... נאָך פיעלע טרערען, געבעט אין אומלויפּעניש וועט קומען אַ „קהל'שער" וואָגען מיט אַ ווייסע הילצערנע טרונע. אָהן בעגלייטער, אָהן פריינד, אָהן מענשען, וועט מען איהם אוועקפיהרען אויף „פּאָטטער'ס" פעלד, אַ בייזער שכור'ער איירישער וועט איהם אַראָפּוואַרפען פון וואָגען און אַראָפּלאָזען אין אַ איינגע דונקעלע גרוב... ווייניג, איידער ער וועט קומען אהער, וועט מען נאָך מאַכען ביזנעס מיט זיין אונגליקליכען קערפּער... ערגעץ אין אַ קליניק, וועט מען אויסשניידען זיין אויסגעדאַרטען מוח, ארויסנעהמען זיין צו־בלוטיגטען האַרץ... אַ צושניטענער, אַ צוריסענער, אַן ערניעדריגטער קומט דער קבצן צו זיין אייבינע רוהע...

חוזק, שפּאַט מאַכט מען דאָ ביי אייך פון דעם, וואָס רופט זיך „מענש"... חוזק מאַכט מען פון דעם מענשען, ווען ער לעבט; חוזק

מאכט מען פון איהם, ווען ער שטארבט... א סך פאראד, א סך צע־רעמאָניעס, א סך ביזנעס, און מענשליכע געפיהלען אזוי וועניג...

---

.12

פון דער הונדערט און צוואנציגטער סטריט ביז ברוקלין ברידזש איז פונקט אזא מהלך, ווי ביי אונז אין דער היים צווישען דער שטאָדט „שווארצע טומאה" (ביעלא צערקאָוו) און ראכמיסטריווקי, פון דעסט־וועגען רעכענט זיך דאָס איין שטאָדט. א גרויסע שטאָדט!...

איך כאפ זיך אויף גאנץ פריה יעדען טאָג און לויף צום עלעוויי־טער. דאָ כאפט מיך אויף אַן „עקספרעס טריין" און טראָגט מיך, ווי ביי אונז האָט א רעכט נאָר דער רוח טראָגען דעם מלמד. עס קאָסט נאָר א פיטאקעל — א מציאה.

האָט איך איין מאָל געטראָגען אין דער פריה אַן „עקספרעס טריין"? די וואגאָנעס זיינען אָנגעפאקט מיט פערשלאָפענע, אומעטיגע, טרויעריגע, פארזאָרגטע פאסאזשירען. יונגע קינדער רייבען זיך די אויגען — דער פריה־מאָרגעדיגער דרעמעל האָט זיי נאָך ניט פערלאָ־זען. בלאסע, שוואכע מיידלעך בייזע צורות פון ארבייטער, צוטראָגענע פנימער פון קליינע ביזנעס לייט... אלע זיינען איינגעפרעסט אין דעם עקספרעס; עס איז ניטאָ וואו צו זיצען, וואו צו שטעהן... מע קען ניט אטהעמען מע קען זיך ניט א קער טאָן... און אויף די סטיישאָנס שטעלט זיך דער עקספרעס אָב און פרעסט אריין נאָך „ניקעל צאָלערס", נאָך און נאָך, זיי איילען זיך אלע, זיי לויפען, זיי פליהען, זיי שטופען זיך אריין אין דעם וואגאָן, וועלכער איז אָנגעלאָדען מיט „ארבייטער פלייש", זיי קוועטשען זיך אריין אין דער געדיכטער „הושצע" פון ברויט זוכערס.... מען האָט מורא צו פערשפעטיגען די דאָליע, אוי, פינסטערע ביטערע דאָליע!...

אין דער היים, ווען איך פלעג פאָהרען פון שווארצע טומאה קיין

ראַכמיסטריוווקי, האָט עס טאַקי געדויערט א היבשע שטיקעל צייט — איך בין ניט אזוי געפלויגען, אָבער בין איך דען דאָ ניט אזא קבצן ווי דאָרט?.... עס איז טאַקי א מאָל דעם בעל העגלה׳ס בודע אויך געווען פול ביז איבער די ברעגען, אָבער, אַך, וואָס רעדט איהר! דאָ איז דער שלימזל׳דיגער עקספרעס פול מיט טויזענדער מענשען און קיינער רעדט ניט, קיינער לאַכט ניט, קיינער דערצעהלט ניט קיין שעהנע מעשה׳לעך, גלייכווערטעלט זיך ניט, מאַכט ניט קיין שפּאַס. אזוי ווי דערשראָקענע, ניעדערגעשלאָגענע, צוגעפּרעסטע מיט א בארג זאָרג זיצען און שטעהען זיי אין די פּרעס קעסטלעך, וואָס רופען זיך וואַגאָנען. זיי שווייגען, גלייך מע פיהרט זיי צום בית הקברות. זיי זיינען פערטיעפט אין געדאַנקען פון „פערלאַנגט און געזוכט”, אָדער זיי לייענען אין די גרויסע ביליגע פּייפּערס, ווי דער האָט זיך געשאָסען, דער האָט זיך ארויסגעוואָרפען פון פענסטער, דער האָט גע׳סמ׳ט זיך און זיינע קינדער.... אין דער היים, ווען, חס וחלילה, איין מאָל אין א יובל טרעפט זיך אזא אונגליק, איז די גאַנצע שטעדטעל דערשראָקען, פערטרויערט, אויפגעבראַכט... דאָ איז דאָס גאָר ניט, — א נייעס א זיפּץ פון א שטערבענדען און א געניץ פון א שכורן מאַכט א גלייכען איינדרוק... א יאָמער פון אַן אונגליקליכען און א פייף פון א לויפער האָבען איין ווערטה....

אין דער בודע האָבען מיר זיך געפיהלט געמיטליך, ווי ביי זיך אין דער היים; מיר האָבען דערצעהלט מעשה׳לעך, גלייכווערטלעך, גע־לאַכט, געראויכערט א ליולקע... דאָ, אז מע איז שוין יאָ א סיטיזען, קייט מען און מע שפּייט... עס איז פרעמד; יעדער פיהלט זיך א פרעמ־דער צווישען פרעמדע, אַלעס איז פרעמדס און פרעמדס איז אַלעס. היינט וואָס הערט איהר דאָ, ווען איהר פאָהרט אין א שעהנעם מאַי־פריה־מאָרגען? וואָס זעהען אייערע אויגען? עס פליהען פערביי אייך איינגע הויכע טענעמענט הייזער, וועלכע שטעהען אזוי ווי מצבות אויף א בית עולם, וואו „דאָס אָרט” קאָסט זעהר טייער. איהר זעהט סטאָלבעס מיט דראָטען. איהר הערט טרובעס פון די פאַבריקען פּיי־פען, די גלעקלעך פון די קאַרס קלינגען, די רעדער פון די עקספּרעסען רוישען... און דאָרט, ווען איהר פאָהרט אין אזא פריה־מאָרגען.... אוי! וועה איז מיר! זעהט איהר דאָרט ווי די זונן הויבט זיך אויף איבער א בערגעל... לעבען טייכעלע שטעהט אזוי ווי א נעוועל...

די בוימער שאָקלען צו אייך זייערע גרינגע היטלען, איהר הערט פוי־געלעך זינגען און צוויטשערען. א פריש ווינטעלע לויפט אום און שטיפט און בויגט צו די גרעזעלעך צו דער ערד... ווייט ערגעץ סקריפעט א וואָגען און אימיצער זינגט הויך און פריי א שעהנע זיסע ליעד... איהר גיט א קוק אַן א זייט, זעהט איהר א טיעפען טאָל... איהר זעהט א וועלדעלע, וועלכער שטעהט ווייט ווי פערטראַכט... און די איינגעטראָטענע וועג לויפט, לויפט פון אייך אזוי ווי א שליינגעלע, גיט זיך א קעהר אַן א זייט און בעהאַלט זיך ערגעץ ווייט, ווייט...

טרויעריגע, טרויעריגע געדאנקען קומען מיר אויפ'ן זינן, אָבער דער קאָנדוקטאָר שרייט: „סיטי האָלל!" „ברוקלין ברידזש!" און איך האָב מעהר קיין צייט ניט צו דענקען.



# סאָציאָלאָגישע עטיודען.

## ערשטער קאַפּיטעל.

### 1.

סאָציאָלאָגי איז ניט נור די פאָרשונגען וועגען דעם, וואָס האָט דער מענש געטאָן אז ער איז נאָך ניט געווען א דזשענטעלמען, עס איז ניט נור די בעשרייבונג פון די זיטען פון דעם בן אדם, וועלכער האָט געגעסען אָהן א גאָפּעל און האָט געהאט א קאָסטיום פון איין פייגען־בלאט, עס איז אויך ניט נור די ערקלערונג, ווי אזוי איז ביי דיעזען צווייפיסיגען הערשער פון דער וועלט ענטשטאנען א פאמילי, א משפחה, א שבט, א פאָלק, א שטאאט.

סאָציאָלאָגי פאָרשט, לערענט, בעשרייבט און ערקלערט אלע געמיינזאמע סאָציאלע ערשיינונגען פון דעם מענשענ׳ס לעבען, זיין אלטע קולטור, זיין נייע ציוויליזאציאָן, זיינע עקאָנאָמישע צושטענדע און זיינע פּאָליטישע אינסטיטוטען, זיינען זיטען און געזעצע, זיין רע־ליגיאָן, זיינע קונסטע, זיין ליטעראטור, זיין געשיכטע, — מיט איין וואָרט זיין פּראָגרעס.

די וועלט־געשיכטע פערשטעהט מען, ווען מען דענקט איבער דער פילאָזאָפי וואָס די וועלט היסטאָרי האָט . . . סאָציאָלאָגי איז די פילאָזאָפי פון אלע סאָציאלע ערשיינונגען צוזאמען. זי ערקלערט, אָדער אם וויינינגסטען דארף און וועט ערקלערען די בעדייטונג פון דיע־זע אלע סאָציאלע ערשיינונגען, זייער צוזאמענהאנג און זייער ווירקונג אויף דער ענטוויקלונג פון דעם מענשען.

אלזאָ, די ראָמאנען, נאָוועלען, דראמען און פּאָעזי פון א גאנצעס פאָלק (זיין שעהנע ליטעראטור), זיינע בילדער (מאלעראי קונסט), זיינע

סטאַטועז (סקולפּטור), זיינע מערקווירדיגע געביידען (ארכיטעקטור), זיין געזאַנג, זיין מוזיק, זיינע טענצע — דאָס אַלעס זיינען ערשיינונגען, וועלכע האָבען געשפּיעלט א גרויסע ראָלע אין אונזער סאָציאַלען עוואָלוציאָנס פּראָצעס, און וועקען זייער סאָציאָלאָגישע בעדייטונג איז ניט איבריג צו זאָגען א פּאָאָר ווערטער. דאָס האָבען מיר די אבזיכט צו טאָן אין עטליכע ארטיקלען, וועלכע מיר האָבען בעטיטעלט מיט'ן נאָמען „סאָציאָלאָגישע עטיודען״.

---

2.

דער ערשטער דיכטער איז געווען דאָס פאָלק אליין. דער ערשטער ארכיטעקטאָר איז געווען א פּלאָטניק, דער ערשטער סקולפּטאָר א שטיינ־האקער, א פארבער איז געווען דער ערשטער מאָבלער. אַלזאָ די אַלע זאכען, וועלכע מיר רופען איצט פּראָדוקטען דער קונסט, זיינען אין די אַלטע צייטען געשאַפען געוואָרען פון געוועהנליכע ארבייטער. שפּעטער זיינען די אַלע „קונסט״ זאכען פּראָדוצירט געווען פון מייס־טערס. דאָס הייסט בעל מלאכות (בעל־מלאכה — דער מייסטער, דער הערר פון דער ארבייט) א האנדווערקער, א ספּעציאַליסט אין זיין ארבייט... יעצט ווערען די אַלע זאכען געמאַכט דורך קינסטלער און עס האָט ניט קיין פריינדשאַפט מיט דעם, וואָס רופט זיך פּשוט אר־בייט.

מען זאָל איצט נעהמען ארבייטער פון א פאבריק אָדער פארמערס פון דאָרף און מען זאָל פאר זיי פארשטעלען שעקספּירס א דראַמאַ, אָדער וואַגנערס אָפּערא, אָדער שפּיעלען בעטהאָווענס סימפאָני, אָדער דעקלאַמירען שיללערס א פּאָעמע, וואָלטען זיי געווים קיין פער־געניגען ניט געפיהלט... זיי וואָלטען זיך נעבעך געפּלאָגט פון לאַנגוויי־ליגקייט און עס קען זיין, זיי וואָלטען אנשלאָפען געוואָרען... אמאָל אָבער לאַנג זיינען זיי געווען די מוזיקער און פּאָעטען.

נאָך גאָר ניט לאַנג האָט יעדער בעל מלאכה געהאַט אין זיך א קינסטלערישען געפיהל. ער האָט געזעהן זיין שטיקעל ארבייט זאָל גע־מאַכט ווערען מיט שעהנקייט און געשמאַק. ער האָט געארבייט און דער־ביי געזונגען און געדיכטעט. ער האָט זיך געהאַלטען מעשה מענש געגען

די אמאָליגע פּריצים, האָט זיך געגען זיי אָרגאַניזירט אין צעכען... און אויב די פּריצים האָבען זיך געהאַט זייערע דיכטער און זייערע טראָ־באַדורען, האָבען די בעל מלאכות געהאַט זייערע פּאָעטען און מייסטער זינגערס... איצט איז די ארבייט אַ איינפאַכע מעכאַנישע פונקציאָן, די קינסטלערישע געפיהלען זיינען ביסלעכווייז אויסגעשטאָרבען פון דער ארבייטער וועלט... דער ארבייטער פּאָעטיזירט ניט און זינגט ניט... ער איז געוואָרען אַן אויטאָמאַט, „מעכאַנישער מענש". די מאַ־שינען רוישען און קלאַפּען און ער שווייגט... און וואָס שטארקער דער קאפּיטאַליזמוס איז ענטוויקעלט אין אַ לאַנד, דעסטאָ ווייניגער קונסט און קינסטלער קען מען דאָרט געפינען... דער אַלטער גאָט קאָנ־פוציוס האָט אַ מאָל געזאָגט: ווילסט וויסען דאָס לעבען און די זיטען פון אַ פאָלק, הער זיך צו צו דער מוזיק פונ'ם לאַנד. די מוזיק פון אמע־ריקאַ און פון ענגלאַנד איז „טערערבומסטיע"...

אונזער עלטער זיידע, אדם הראשון, האָט געטאָן אַ גרויסע חכמה, וואָס ער האָט געגעסען פון עץ הדעת. אַז עס וואָלט ניט געווען קיין טויט, וואָלט ניט געווען די אַלע סאָציאַלע ערשיינונגען, וועלכע שאַפען די סאָציאָלאָגי פון דער מענשהייט. און אויב גאָט וואָלט ניט פער־שאָלטען אדם'ן, אַז ער מיט זיינע קינדער זאָלען אויף דור־דורות דאַר־פען שווער ארבייטען, וואָלט גאָר ניט געווען קיין פּאָעזי, קיין געזאַנג, קיין מוזיק, ווארום קונסט איז בעשאַפען געוואָרען נאָר דורך שווערע ארבייט און ביי דער שווערער ארבייט. היינטיגע צייטען, ווער עס וויל ניט שווער ארבייטען, ווערט אַ פּאָעט, אָדער מוזיקער. אין די פאַר־צייטיגע יאָהרען אָבער, איז געווען אַ פּאָעט און מוזיקער נאָר דער, וואָס האָט געמוזט שווער ארבייטען... אָנגעפאַנגען האָט זיך אזא פּאָעזי און אזא געזאַנג גאָר אין די גרויע אַלטע צייטען, ווען דער מענש האָט די ציינער בענוצט אַנשטאָט אַ זעג, די פינגער אַנשטאָט אַ האַבליע, דעם קולאַק אַנשטאָט אַ האַמער...

נאָר ווי אַזוי קומט עס, אַז אַזעלכע אריסטאָקראַטישע זאַכען, ווי פּאָעזי און מוזיק זיינען אַזעלכע נאָהענטע מחותנים מיט ארבייט, און נאָך דוקא מיט שווערע ארבייט? דערויף צו ענטפערן, וועלען מיר מוזען פריהער אַביסעל אַוועק געהן אַן אַ זייט.

.3

דער מענש דארף זיך ניט שטארק איבערנעהמען און שטאָלצירען געגען אנדערע ברואים מיט זיינע אָפּערען, קאָנצערטען און באַלעט. אונזערע שכנים, די חיות, האָבען אויך טענצע און געזאַנג. זיי האָבען זינגער סאָליסטען, זיי האָבען כאָר־געזאַנג און האָבען אויך מערקוויר־דיגע טענצער. די סאָלא געזאַנג פון א קאַנאַרעיקע און א נאַכטיגאַל האָט געוויס יעדער געהערט. ווער האָט אויך ניט געהערט, ווי אין די שעהנע זומער נעכט קאָנצערטירט פלייסיג א כאָר פון זשאַבעס? אָדער ווי אין דעם גרינעם גראָז גרילצען און פייפען היישעריקען און גרילצען־געז־זאַנגס־פּעראַיינען? אָדער ווי א דאָפּעל קוואַרטעט פון קעץ זיצט געגען דער לבנה און זינגט א גאַנצע קאַנטאַטע? זאָגאַר די שטומע פיש זיי־נען אויך מוזיקאַליש, זינגען קענען זיי ניט, זיינען זיי כלי־זמר. איינ־יגע האָבען געמאַכט מוזיקאַלישע אינסטרומענטען פון זייערע שווים־פּעד־דערן, אנדערע פון זייערע ביינער און זיי שפּיעלען און רוישען זעהר מו־זיקאַליש אין דער צייט ווען זיי זיינען בעגייסטערט. פויגלען זיינען אויך דאָ אַזעלכע, וואָס זיי זיינען כלי־זמר, ניט וואַקאַלנע ארטיסטען... אנדערע קלאַפּען זיך אויס א ליעדעלע מיט'ן שנאָבעל איבער א פּוסטען בוים, אנדערע שפּיעלען מיט די פּעדערן פון זייערע פליגלען, אָדער מיט די פּעדערען פון זייערע עקען...

עס זיינען דאָ פויגלען, וועלכע טאַנצען ווי אין א דענסינג אַקאַ־דעמי, פיהרען קאַטיליאָנען און שפּרינגען אויס טראַנטעלעס מיט מינועטען. א געלערטער דערצעהלט, ער האָט געזעהן אין סאוט אַמע־ריקאַ, ווי פויגלען זיינען געקומען, האָבען לעבען א וואַלד אויסערוועהלט א גלייכען פּלאַץ פּאר א פּיק־ניק, האָבען דעם פּלאַץ ריין געמאַכט, ארויסגעשלעפּט אַלע דערנער און צווייגען און שטיינדלעך און דאַן האָבען זיי געגעבען אַן אמת'ן באַלעט, נאָך אַלע געזעצע דער קונסט. פריהער האָבען געטאַנצט איינינע סאָליסטען, נאָכדעם האָט געטאַנצט דער קאָהר־דע באַלעט, נאָכדעם האָבען אַלע גענומען אנטהייל אין דיעזען גרויסאַרטיגען באַלעט. זייערע אַלע בעוועגונגען זיינען געוועזן מערקווירדיג ר י ט מ י ש און רעגעלמעסיג. (וועגען דעם, וואָס איז ריטם און ריטמיש וועלען מיר באַלד דאַרפען אויספיהרלעך רעדען.)

פאַר אונז איז איצט אינטערעסאַנט צו וויסען, מיט וועלכע אורזאַכען ווערט ערקלערט דיעזע ערשיינונג, וואָס, צ. ב. ש., פויגלאַך האָבען מו־זיק און געזאַנגען? דאַרווין זאָגט, אַז יעדער בעפעדערטער קאַוואַליער זינגט, ווען ער פיהלט זיך אין דעם פייער פון לעבען און ער וויל בע־צויבערן „די דאַמע זיינעס הערצענס". די נאַטור דאַרף אַז זיין מין זאָל לעבען און זאָל זיך מעהרען, און זי גיט מוזיקאַלישע מיטלען די, וועל־כע זיינען מעהר פעהיג צו לעבען און צו מעהרען זיך. אויף דעם זעלבען אופן ערקלערען אַנדערע אויך די ערשיינונג פון פאָעזי און מוזיק. ביי די מענשען. זיי זאָגען, אַז דער מקור פון פאָעזי און מוזיק ביים מענ־שען איז אַ עראָטישער. דאָס הייסט, די תאוה, די ליידענשאַפטען, די נאַטירליכע שטרעבונג צו פּאָרען זיך האָט ארויסגערופען ביים מענ־שען אַזאַ ענטהוזיאַזמוס, אַזאַ גייסטיגען צושטאַנד, ווען ער האָט אָנגע־הויבען צו דיכטען און צו זינגען, אום מעהר צו געפעלען. די ריטמישע בעוועגונגען און זיינע טענץ, דער ריטמישער קלאַנג אין זיין מוזיק און פּאָעזי איז נאָר געווען אַ מיטעל אויסצודריקען זיין ליידענשאַפט און זיין בעגעהר.

מיר אָבער האָבען בעהויפּטעט פריהער, אַז ניט פערגעניגען און עראָטישע שטרעבונגען האָבען געשאַפען פּאָעזי און מוזיק; אין דיעזער ערשיינונג געפינט זיך פריהער פון אַלעם אַן עקאָנאָמישער פּרינציפּ: ארבייט! און אונזער אויפגאַבע איז דאָס צו איבערצייגען.

עס איז פאַקטיש בעוויזען געוואָרען, אַז פיעלע זינגער־פויגלעך זינגען ווען זיי קומען פריה אין דעם פריהלינג (ועסנאַ) אהיים צוריק אין זייער היימאַטה, אָבוואָהל זייערע דאַמען זיינען נאָך דאַמאָלס ניטאָ, וואָרום זיי, געוועהנליך, ווי אַלע ווייבער, פערשפעטיגען זיך און קומען ערשט מיט עטליכע וואָכען שפּעטער. אַנדערע זינגען נור אין הערבסט (אָסיען) און שפּעט אין ווינטער, ווען די צייט פון ראָמאַנען און פּאָעזי איז שוין לאַנג פּאָראיבער געגאַנגען. עס איז אויך מעגליך אַז די פיש אין וואַסער מוזיצירען ניט נור אין דער צייט פון ליעבעס בעגייסטערונג, ווי מען קען זעהן ביי די חיות, וועלכע רופען זיך אמפהיקיעס, דאָס הייסט, אַזעלכע וואָס לעבען אי אין וואַסער אי אויף דער יבשה. ווי אָפּט פראַגען זינגען הערען מיר אַלע. אויב איהר זייט געווען דאָ אַמאָל אין בראָנקס פּאַרק האָט איהר געוויס געזעהן, ווי די גרויסע פיש־בהמה, וועלכע רופט זיך ים־לייב, שווימט אום מיט שעהנע לייכטע ריטמישע

בעוועגונגען אין וואסער, נאָכדעם דראפּעט זי זיך ארויס פון וואסער און קריכענדיג זעהר שווער מיט די קרומע לאפּעס איבער דער ערד, זינגט זי א ליעד וועלכע רייסט די אויערן...

אויב ביי דעם מענשען וואָלט פּאָעזי און מוזיק געשאפען געוואָרען דורך עראָטישע שטרעבונגען, וואָלט פריהער געדארפט אָבשיינען די פּאָעזי, די ערשטע פאָרמע פון וועלכער וואָלט געדארפט זיין נור א ליידענשאפטליכע... עס איז אָבער בעוויזען געוואָרען אז, ערשטענס, די ערשטע פאָרמען פון פּאָעזי זיינען ניט עראָטישע און, צווייטענס, דאָס ביי דעם מענשען איז פריהער געשאפען געוואָרען די מוזיק און נאָכדעם שוין די פּאָעזי. פריהער שפּיעלט א ראָלע נור די מעלאָדי, נאָכדעם קלייבט ער צו צו דער מעלאָדי ווערטער, וועלכע האָבען קיין זינן און קיין בעדייטונג... ער דערצעהלט זיינע געפיהלען, ערקלערט די בעדייטונג פון דער מעלאָדי און עס ערשיינט דאָס, וואָס מיר רופען פּאָעזי.

דער ווילדער מענש טראכט אויס, וועלכע ווערטער ער וויל און זינגט עס מיט זיין ליעד. מיסיאָנערען און רייזענדע האָבען פערשריבען פיעל ליעדער פון וועלכע די ווילדע ווערען בעגייסטערט און די ווערטער פונ׳ם ליעד האָבען קיין בעדייטונג ניט זאָגאר אין זייער בעגרענעצטען ווערטער־בוך, עס איז גלאט: „הע מע חי טאירו!“ פיעלע פון אונז זינגען דאָס רוסישע כאָרען ליעד: „עי, קוביר, מאָי קוביר, טשוביר, נאביר, ביר“. רוסישע סאָלדאטען זינגען מיט גרויס התלהבות א ליעד: „איינס, צוויי, דריי, פיער, פינף און זעקס, זיעבען, אכט, ניין צעהן, איינס און צוויי“. זייערע בעגייסטערטע פּנים׳ער לייכטען מיט פרייד ווען זיי זינגען דיעזע ווערטער, און זיי מארשירען אַלע לעבעדיג, מונטער, מיט א ריטמישע רעגעלמעסיגקייט. אין דער קינדערוועלט זעהען מיר אויך, דאָס ביי זיי שפּיעלט די הויפּט ראָלע די מעלאָדי, ניט די ווערטער. א קינד אימפּראָוויזירט זיך אליין א ניגון, אָדער מאכט א פּאָפּורי פון בעקאנטע ליעדער און זינגט. דער עיקר איז ביי זיי דער ריטם, די רעגעלמעסיגקייט אינ׳ם געזאנג, ווערטער ווערען פאבריצירט אָדער גאָר נייע, אָדער דער פּאפּא גראמט זיך מיט׳ן ביידעם און די קעצעלע מיט דער צוקער פושקע...

עס איז דאָ געננוג אורזאכען צו דענקען, אז די געטליכע פּאָעזי איז געשאפען געוואָרען ניט נור דורך עראָטישע שטרעבונגען, אז מוזיק און

געזאַנג זיינען געקומען ניט נור דורך פריהלינגס טרוימערייען און חלומות פון ליעבע, עס דארפען געוויס זיין מעהר געזעצליכע און רע־געלמעסיגע אורזאכען. פון דיעזע אורזאכען וועלען מיר רעדען אינ׳ם צווייטען קאַפּיטעל. איצט וועלען מיר נאָר בעמערקען דאָס נאָר

„דער שוואַן זינגט, ווען ער פיהלט
ער וועט ניט לעבען לענגער,
ער צווישען אַלע איז זיין
איינענער הספד זענגער״...
דער מענש אָבער זינגט, ווען ער שטרעבט,
און ער קעמפּפט פיר דאָס לעבען
ער זינגט ביי זיין ארבייט און פּאָעטיזירט
אין זיין שטרעבען...

---

## צווייטער קאַפּיטעל.

**Grey grows the dawn while men-folk sleep**
**Unseen spreads on the light,**
**Till the thrush sings to the coloured things,**
**And earth forgets the night.**

**W. Morris.**

.1

די נאַטור ווערט בעלעבט דורך שאַלען, טאָנען, אָבקלענגע. דער מענש הויכט אוים זיין לעבען מיט אַן אויסגעשריי אָדער מיט אַ פּער־שטיקטען צונויפגעדריקטען טאָן... און ער בלייבט אנשווייגען... ער קומט אויף דער וועלט צו לעבען מיט אַ פרייליכען, ענערגישען קלאַנג. דער בעריהמטער פילאָזאָף פּאַסקאַל האָט געזאָגט, אַז אין קבר שרעקט איהם ניט די פינסטערנים, — איהם שרעקט די שטילקייט, וואָס הערשט דאָרטען. די אַלטע גנאַסטיקער האָבען ניט אומזיסט גערופען דאָס לע־בען: די מוזיק פון בעוועגונג...

מיר הערען ניט דעם רויש, וואָס דער קוגעל פון דער ערד מאַכט, ווען ער בעוועגט זיך ארום זיין אקס, מיר הערען געוויס ניט דעם רוי־שען וואָס אנדערע שטערען און פלאַנעטען מאַכען אין זייער בעוועגונג — אונזער אויער האָט ניט די פעהיגקייט אזעלכע טענער צו פערנעה־מען... אָבער מיר הערען ווי דער ים ברויזט, ווי דער ווינד וועהעט, ווי דער דונער שטורעמט, ווי די בוימער סוד'ען זיך, ווי די בלעטער וועהיספערען... אומעדום וואו מיר זעהען בעוועגונג הערען מיר טאָנען, אָבקלענגע, שאַללען... ווען עס איז גיטאָ קיין בעוועגונג איז שטיל און ווען עס איז שטיל איז ניטאָ דאָס, וואָס מיר בעצייכענען מיט'ן וואָרט לעבען. טאָנען, שאַללען, אָבקלענגע, בעצייכענען די בעוועגונגען פון דער מוטער נאַטור אין איהר גרויסען פראָצעס פון שאַפען און פראָ־דוצירען, — טאָנען, שאלען און אָבקלענגע האָבען אויך אַ גרויסע בעדייטונג ביי איהר קינד, ביים מענשען אין זיין קערפערס בעוועגונגען אין דער צייט, ווען ער שאַפט, ווען ער ארבייט.

אין דעם אוניווערזום איז אלעס פול מיט מאָציאָן, בעוועגונג, עס גיבט קיין טהעטיגקייט אָהן בעוועגונג און אין דער נאַטור איז ניטאָ קיין רוהע. ווי זאָגט דער אלטער מאַטעריאַליסט ביכנער: מאַטעריע (שטאָף) עקזיסטירט ניט אָהן בעוועגונג, בעוועגונג עקזיסטירט ניט אָהן מאַטעריע. בעוועגונג, זאָגט ער, איז די זעעלע פון מאַטעריע.

רוהע ווילסט דו? זעהע דאָך;
ווי נאַריש דיין פערלאַנגען,
דער בעוועגונג שווערער יאָך
האַלט די גאַנצע וועלט געפאַנגען
נירגענד וואו אין דיעזער צייט
קענסט דו יעמאַלס רוהע פינדען,
און פונ'ם פלוך דער טהעטיגקייט
קען דיך קיינע מאַכט ענטבינדען
רוהע גיבט עס ניט, דורכאויס,
ניט אין הימעל, ניט אויף ערד'ן
פון טויט און שטאַרבען ברעכט באַלד אויס
נייעס וואַקסען, נייעס ווערדען.

דאָס גאַנצע לעבען דער נאַטור איז אַ מעער פון טהעטיגקייטען...
(„ביכנער, קראַפט און שטאָף") אלזאָ טהעטיגקייט, דאָס איז די אור־

זאַכע פון בעוועגונג. ריטם, דאָס איז די אייגענשאַפט פון בעוועגונג. ווי זאָגט ספּענסער: „עוועריטינג מאָשיאָן איז ריטהמיקאַל" — יעדע בע־וועגונג איז ריטמיש. די געזעצע פון גראַוויטעט, דאָס איז דער מאַר־סעליעזע פון דער אַלל־וועלט בעוועגונג, נאָר דער ריטם פון דעם מאַרש איז געשריבען אנשטאָט נאָטען אין ציפערען. דאָ איז דער פּאַסענדער פּלאַטץ צו ערקלערען די בעדייטונג פון ריטם, וועלכער שפּיעלט אַ גרויסע ראָלע אין אונזערע אַרטיקלען.... מיר וועלען אָבער אייך פריהער דערצעהלען עטליכע אינטערעסאַנטע פאַקטען.

---

2.

אַ רוסישער סאָלדאַט האָט מיר אַמאָל דערצעהלט: אין דער צייט פון גרויסע מאַנעווורען האָט זיך זייער גאַנצער רעגימענט שטאַרק פערזינדיגט. דער אויבערקאָמאַנדיר האָט זיי אַלע אויסגעשטעלט אין אַ רייהע, זיי זאָלען הערען זיין בעפעהל. אַלע האָבען ערוואַרטעט אַ שרעקליכע שטראַפע. דער קאָמאַנדיר אָבער האָט נור אויסגעשריען: מאָרגען אַ גאַנצער טאָג אָהן מוזיק! אַ נויטיגע זאַך — מוזיק, האָט דער סאָלדאַטעל געטראַכט און האָט אַ גאַנצע נאַכט געלאַכט פונ'ם נארישען פריץ... אויף מאָרגען נאָר טאָג זיינען זיי ארויס „אין פּאָחאָד...." עס איז געוועזען אַ הייסער טאָג אין מאָנאַט אויגוסט, די נאָוואָרוסישע סטעפּעס זיינען געווען פערגאָסען מיט פייער, וואָלקענס מיט שטויב האָבען געבלענדעט די אויגען און געשטיקט דעם אָטהעם... דער רעגימענט געהט אַ שעה, צוויי, שטיל... די טרובעס ליגען אין די זעקלעך.... מען מוז געהן! די קרעפטען פאַלען, דער מוטה פערלאָרען, די בעוועגונגען זיינען געמאַטערטע... איין סאָלדאַטעל פאַלט און בלייבט ליגען... זיי געהען ווייטער... נאָך איינער פאַלט... אַלע זיינען אָהנמעכטיג, די איינגע שטיוועל ברעכען די פיס, די שווערע ביקס און אַמוניציאָן דריקט צו דער ערד... פּלוצלונג — דאָס מונטערע שאַללען פון טרומפּעטען, דאָס ריטמישע ברומען פון פּויקען, דער אָר־קעסטער שפּיעלט אַ מאַרש — אַלע מאַרשירען ווי גאַנץ אויפגעפרישטע, געזונטע, מונטערע מענשען, לעבעדיג, פריילעך... די מיעדקייט פער־

ביי, די וואונדען אויף די פיס פערגעסען, די משא אויף די פלייצעס איז געוואָרען גרינג, ווענינ! יעדער האָט נאָך דערפיהלט אין זיך איבּריגע ענערגיע — עס האָט זיך נאָך געוואָלט א שטיף טאָן, א געשריי טאָן, א לאַף טאָן...

אן אנדער פאקט: ווען מען האָט געבויט אן אייזענבאהן אין איינע פון די צענטראלע רוסישע גובערניעס, האָבען דאָרט געארבייט רוסישע ארבייטער און ניט רוסישע. אלע ארבייטער האָבען געלעבט ביי איינע און די זעלבע אומשטענדען, האָבען זיך זעהר שלעכט גענעהרט און האָבען זיך געוואלגערט אין איינע, נאסע זעמליאנקעס, דאָך האָבען די רוסען געגעבען ניט זעהר קיין גרויסען פּראָצענט פון קראנקהייטען און צו פאלען טויט, די „אינאָראָדצעס" אָבער זיינען געפאלען ווי פליגען. ווען דער אינספעקטאָר האָט געפרעגט די אויפזעהער, וואָס קען זיין די אורזאכע פון אזא ערשיינונג, האָבען זיי געענטפערט: אונזערע זינגען און זייערע זינגען ניט...

אין זיד רוסלאנד וואו עס זיינען דאָ צוקער פאבריקען, שפּיעלען אויף פיעלע בוריקעס־פּלאנטאציעס מוזיקער אין דער צייט פון דער ארבייט די מוזשיקעס נעהמען ביליגער פאר זייער ארבייט, ווען מוזיק שפּיעלט און זיי ארבייטען פיעל מעהר אויס... דיזעלבע זאך פּראקטיצירט זיך שוין אויך דאָ אין אמעריקא: אין איינינע סיגארען פעקטאָרים שפּיעלט א פּיאניסט „מוזיק", אָדער איינער זינגט, אָדער דעקלאמירט... דער בעל הבית געפינט אז אזעלכע הוצאות קערען זיך אום מיט פּראָפיט...

אין א שולע, די ערגסטע און מעהר פוילע תלמידים, ווערען לעבעדיג, מונטער און פעראינטערעסירט, ווען אלע צוזאמען הויבען אָן צו לערנען ווי א כאָר מיט א ניגון.

נאָר פאבריק־ארבייטער שווייגען. ווייטער וועט איהר ניט געפינען קיין ארבייטער, וועלכער זאָל ניט זינגען ביי זיין ארבייט, ביי די נאטור פעלקער, ווי ביי ציוויליזירטע פעלקער. יעדע ארבייט האָט זיך איהר ספּעציעלעס ליעד. ביי די סלאווישע פעלקער, וואו אם מייסטען אלע ארבייטען זיינען געטאָן געוואָרען דורך דער פערשקלאפטע פרוי, האָבען די פרויען געזונגען: פאר גראָז שניידען, פאר זעען, פאר ברויטשניידען, פאר פרוכטען רייסען... אויסער דעם האָבען זיי זייערע ספּעציעלע געזאנג פאר שפּינען, וועבען, נעהען, שטריקען... דאָס זעל־

בע בעאָבאַכטעט מען ביי פיעלע פעלקער אין אַלטע טהיילען פון דער וועלט. מענער האָבען ליעדער פאַר דער יאַגד, פאַר כאַפּען פיש, פאַר רודערן אויפ'ן וואַסער, פאַר מאָלען מיט'ן מילשטיין, ביי טרעטען וויינ־טרויבען, און שערען די שאָף, פאַר יעדע אַרבייט... אַן איינוואָהנער פון סאַמאַא קען ניט אַ קלאָפּ מיט'ן רודער איבערן וואַסער, ער זאָל ניט אָנהויבען צו זינגען אין טאַקט... ביי פיעלע ווילדע פעלקער טראָגען די פרויען אויף די הענד אַרמבענדע מיט קלינגענדע רינגען, וועלכע קלאַפּען אין טאַקט מיט יעדע בעוועגונג פון זייער קערפּער ווען זיי זיי־נען ביי דער אַרבייט...

איז דער געזאַנג און דער קלאַפּען אין טאַקט ביי דער אַרבייט אַ צופעליגע ערשיינונג, אָדער עס איז געשאַפען געוואָרען דורך אַ בע־שטימטע אורזאַכע? אויף דער פראַגע וועלען מיר אייך ענטפערן אין נעכסטען קאַפּיטעל. איצט ווילען מיר אייך מיטטהיילען נאָך עטליכע פאַקטען.

אַ בעריהמטער רוסישער וויאָלין שפּיעלער האָט מיר דערצעהלט: מיט עטליכע יאָהר צוריק, ווען ער האָט אַ גאַנץ זומער געוואָהנט אין אַ רוסישען דאָרף, האָט ער אַמאָל פון אָבענד געשפּיעלט אויף זיין פידע־לע ביי אַן אָפענעם פענסטער. זעהר גיך האָט זיך פערזאַמעלט אַ גרויסע אַאודיענץ פון דערפישע צוהערער. כל זמן ער האָט געשפּיעלט אין אַ לאַנגזאַמע טעמפּאָ אַ טרויעריגע מעלאָדי זיינען אַלע געשטאַנען שטיל, ווי צוגעדריקטע. ער האָט אָבער באַלד אָנגעהויבען צו שפּיעלען די בע־קאַנטע רוסישע „קאַמאַרינסקי..." אַזוי ווי אַן עלעקטרישער שטראָם האָט פּלוצלונג אַלע בעריהרט. די קעפּ האָבען זיך אויפגעהויבען, די אויגען האָבען געגלאַנצט מיט ענערגי און קראַפט... ביסלעך וויַיז האָבען פיעלע אונגעדולדיג אָנגעהויבען צו מאַכען מיט'ן קערפּער שטילע בעוועגונגען אין טאַקט מיט זיין שפּיעלען, נאָכדעם האָבען פיעלע אָנ־געהויבען שטיל צו קלאַפּען מיט די פיס, נאָכדעם פלעגען זיך ביי פיעלע אַרויסכאַפּען פּונקט צום טאַקט פריילּיכע אויסגעשרייען, נאָכדעם האָ־בען עטליכע אָנגעהויבען אַ ביסעלע צו טאַנצען... געענדיגט האָט זיך דערמיט, דאָס קינדער, יונגע מיידלעך, בחורים, אַלטע לייט, כמעט אַלע, — האָבען געטאַנצט מיט בעגייסטערונג, קראַפט און ענערגי... גלייך ווי די טענצער וואָלטען ניט געווען אַרבייטער, וואָס האָבען אַ גאַנצען זומער־טאָג שווער געהאָרעוועט...

עס איז דאָ א מאַשינקע, וועלכע רופט זיך מעטראָנאָם... זי שלאָגט דעם טאַקט פאר די וואָס לערנען זיך שפּיעלען... עקספּערימענטען האָבען בעוויזען, דאָס, אויב איינער וועט זיצען און צוהערען זיך צום רעגעלמעסיגען קלאַפּען פונ'ם מעטראָנאָם, וועט זיין אָטהעם געהן אין טאַקט מיט'ן מעטראָנאָם... וועט דער טאַקט פּלוצלונג איבערגעביטען ווערען אויף שנעלער, אָדער לאַנגזאַמער, וועט אויך דער אָטהעם באַלד אָנהויבען צו געהן אינ'ם נייען טאַקט.

מען זאָל קלאַפּען לאַנגזאַם אין א פּויק, אָדער פּראָדוצירען טאָנען פון אַן אַנדערן מוזיקאַלישען אינסטרומענט, — וועלען דיעזע טאָנען אליין שוין האָבען אַזאַ ווירקונג, דאָס ביי טהירע וועט זיך באַלד זעהר פערשטאַרקען די טהעטיגקייט פון זייערע אַרטעריען, אַלע בלוט קאַנאַלען ווערען ברייטער. אונטער דעם איינפלוס פון פריילִיכע מעלאָדיען ווערען די בלוט קאַנאַלען ביי מענשען ערברייטערט, פון טרויעריגע מאָטיוועך, פערקעהרט, ווערען זיי פערשמאָלט. פון פריילִיכע מוזיק קומט צופיעל בלוט צו אַלע אָרגאַנען און צו די מוסקולען און זיי האָבען אַן ערפרישענדע טאָנישע ווירקונג...

ניט אומזיסט קלינגט מען אין די קירכען אָדער די טורם־גלעקער לאַנגזאַם, ווען מען רופט דאַוונען, אָדער תשובה טאָן און מען קלאַפּט „גאַבאַט", מען קלינגט אליארם, ווען מען וויל ארויסרופען אַן אויפרוהר, איין אויפרעגונג... פון דעם ריטם פון קלינגען העננט אָב זיין ווירקען אויף די נערוועך און די מוסקולען...

עס קען זיין, אַז איהר ווייסט שוין יעצט אליין, וואָס הייסט ריטם, נאָר איך האָב פערשפּראָכען און מוז אייך געבען א קליינע ערקלערונג: א בעוועגונג וואָס האָט א געוויסע מאָס און רעגעלמעסיגקייט, הייסט: א ריטמישע בעוועגונג. איהר זעהט אַלע טאָג ווי צוויי, דריי, מאַנכעס מאָל פינף מיידלעך שפּרינגען איבער א שטריק, וועלכע מע וואַרפט זיי אונטער די פיס... ווי אַזוי קענען זיי אַלע מיט איין מאָל און אַזוי פלינק אריבער שפּרינגען! ווייל זיי שפּרינגען ריטמיש, דאָס הייסט, פונקט אין איין טאַקט... מע זאָל אָבער וואַרפען די שטריק אַמאָל זעהר לאַנגזאַם, וועט עס שוין ניט זיין ריטמיש און די שפּרינגער וועלען זיך פערפּלאָנטען... אין מוזיק געהען די טאָנען אין א געוויסען ריטם, דער דיריעזשער שלאָגט מיטן שטעקעלע דעם טאַקט... אָהן טאַקט איז ניטאָ קיין ריטם און אָהן ריטם קען ניט זיין קיין מוזיקע... פּאָעזי

ווערט אויך געשריעבען אונבעדינגט אין א געוויסען ריטם, אין א געוויסע מאָס פון זילבען, הברות... א געוויסע מעלאָדישע רעגעלמע־סיגקייט. מיר וועלען נאָך רעדען וועגען ריטם, איך וויל אייך דאָ אויפ־מערקזאם מאכען ווידער אויף די וואָס שפּרינגען א גאנצען זומער איבער די שטריק אויף אלע טראָטוארען פון ניו יאָרק. איז אייך קיין מאָל ניט איינגעפאלען א קשיה, ווי אזוי ווערען זיי ניט מיעד שפּרינגענדיג אין א היץ איבער א שטריק?... עס איז טאקע ווידער נור דערפאר, ווייל זיי שפּרינגען ריטמיש: איינס, צוויי!... איינס, צוויי! דאָס הייסט, זייער קערפּער מאכט ריטמישע בעוועגונג. דיעזע בעוועגונג גיט אזא פערגעניגענדע פיהלונג, וועלכע דיענט פאר די מוסקולען ווי א סטימול, ווי א טאָניק... מען ארבייט (עס איז אונזיניגע און א שעדליכע אר־בייט, אָדער קינדער־שפּיעל. דערפון רעדען מיר יעצט ניט) און אין דער ארבייט גופא שעפּט מען נייע קרעפטע, דורך די ווירקונג פון ריטם, — פון רעגעלמעסיגקייט... דיעזע ווירקונג בערוהט זיך אויף געוויסע פערהעלטניסע, אנאטאָמישע, פיזיאָלאָגישע און פסיחאָלאָגישע...

---

## דריטער קאַפּיטעל.

### .1

דאָס וואָרט „מוזיק" שטאמט פונ'ם גריכישען וואָרט מוזע. יעדע פון די זיעבען קונסטען האָט געהאט ביי די גריכען א געטין א בע־שיצערין, וועלכע האָט זיך גערופען מוזע. א מוסקול רופט זיך אין גרי־כיש אויך „מוז" — עס איז איין און דאָס איין וואָרט בעדייטונג: טאָן, ארבייטען, שאפען. דאָס וואָרט „פּאָעט" האָט אויך דיזעלבע בעדייטונג: ארבייטער, שאפער, אין ענגליש: מייקער. וועגען דער פערוואנדשאפט פון דיעזע ווערטער וועלען מיר זיך ניט אריינלאָזען אין פילאָלאָגישע פאָרשונגען... מיר וועלען נור בעמערקען אז דיעזע נאָהענטע פער־וואנדשאפט פון דיעזע ווערטער אין א שפּראך פון א פאָלק, וועלכעס איז אונז בעקאנט אלס דער פאָרשטעהער פון קונסט, מוזיק און פּאָעזי,

איז ניט קיין צופאַל זאַך. עס ציינגט פּשוט: אַז די מוזע און דער מוס־קול, די קונסט און די אַרבייט זיינען נאָהענטע און אייגענע מחותנים.

ביי אַלע אַלטע פעלקער איז די ענטשטעהונג פון מוזיק פערבונ־דען מיט עקאָנאָמישע ערשיינונגען. אין זייער מיטאָלאָגיע און לעגענדען דערצעהלען זיי זעהר פיעל וועגען דעם וואונדערליכען איינפלוס פון מוזיק אויף די פאָרמען פון אַרבייט. דער אַלטער עגיפּטישער גאָט אָזיריס האָט געוואַנדערט איבער דער וועלט אום צו פערגרינגערען דאָס שווערע לעבען פון מענשען מיט מוזיק און געזאַנג. ער האָט גע־האַט זיעבען טעכטער זינגערינס און עס קען זיין, אַז פון זיי האָבען די גריכען שפּעטער געמאַכט זיעבען מוזען... די לעגענדע דערצעהלט, אַז דורך מוזיק האָט אָזיריס געלערענט די ליידענדע מענשען אַ נייע פאָרם פון אַרבייט — לאַנד־אַרבייט. דערמיט האָט ער פערבעסערט זייער לאַגע און האָט געמאַכט קלענער זייער נויט.

די גריכען דערצעהלען דאָס זעלבע פון זייער גאָט אָרפעי. ער האָט דורך מוזיק געקענט בעהערשען די שרעקליכסטע חיות פון וואַלד, ער האָט מיט מוזיק געווירקט אויף די מענשען, פערבעסערט זייערע זיטען, קלענער געמאַכט זייער נויט און אויסגעלערענט ווי צו בעאַרבייטען דאָס לאַנד. די אידישע ביבעל דערצעהלט, דאָס למך'ס דריי זיהן זיינען געווען די ערשטע ערפינדער: איינער איז געווען דער איניציאַטאָר פון הירטען־ווירטשאַפט, דער צווייטער איז געווען דער ערשטער שמיד, דער דריטער איז געווען דער ערשטער מוזיקער.... אין דער ענטוויק־לונג פון מוזיק האָט דעם שמיד'ס אַרבייט ווירקליך געדאַרפט שפּיעלען אַ גרויסע ראָלע: די געזעצע פון ריטם ווערען ביי קיין אַרבייט ניט אויסגעדריקט אַזוי שאַרף און אַזוי דייטליך, ווי ביי דעם שמידען. ניט אומזיסט דערצעהלט די לעגענדע, אַז דער גריכישער פילאָזאָף פּי־טאַגאָר (פּיטהאַגאָרוס) האָט געגרינדעט זיין טהעאָריע וועגען אינטער־וואַלען (די הספקה פון איין טאָן ביז'ן אַנדערען און זייער אונטערשיעד אין קראַפט) אויף די קלאַנגען, וואָס דער האַמער פון אַ שמיעד קריגט אַרויס פון שטיקער אייזען... אַ לאַנגער שטיק אייזען גיט אַ העכערן טאָן, אַ קורצער — אַ ניעדריגערן טאָן, — נאָך קורצער — דער טאָן נאָך ניעדריגער א. ז. וו.

עס איז קיין חידוש ניט, וואָס אונזערע אור־עלטערן האָבען אַנער־קענט די אַרבייט אַלס אַ קללה פון גאָט... פאַר'ן פּרימיטיווען מענשען

איז די ארבייט ווירקליך געווען א פלוג. ער האט ניט געהאט קיינע הילפסמיטעל, קיינע אינסטרומענטען, קיינע ווערקצייג. דאס, וואס א מענש קען יעצט מאכען מיט איין האמער — קלאפ, מיט איין פיהר מיט א זעג אדער א האק, האט אין די אלטע צייטען געפאדערט פיעל מוסקול־קראפט, פיעל געדולד און א גרויסע אנשטרענגונג פון דעם מענשענס ווילען... און ווי גליקליך האט זיך דער מענש דאן געקענט פיהלען, ווען ער האט ענדעקט דורך די ווירקונג פון ריטמישע בעוועגונג, דארף דער ווילען ניט זיין אנגעשטרענגט!...

די גליעדער פונ'ם מענשענ'ס ארגאניזם זיינען געווען זיינע ארבייטס־אינסטרומענטען. זיינע פיס, הענד, צייהן זיינען געווען זיין האמער, פרעס, זעג. צוקוקענדיג זיך צו זיין אייגענעם קערפער, האט דער ווילדער מענש ניט געקענט ניט בעמערקען, דאס אלע זיינע אייגענע בעוועגונגען זיינען ריטמיש... זיין גאנג איז ריטמיש, זיין אטהעמען איז ריטמיש, דאס קלאפען פון זיין הארץ איז ריטמיש. דער אינסטינקט האט איהם אונטערגעזאגט צו בענוצען זיך מיט דעם זעלבען ריטם אין זיין ארבייט. אז דער ווילדער מענש האט ניט געדארפט דערויף זעהר פיעל שכל, קענען מיר זעהן דערפון, דאס די אלע בהמות וואס שלעפען ביי אונז שווערע משאות, ווי אקסען, פערד, קעמלען, מיולען, אייזלען, געהען מיט א רעגעלמעסיגען ריטמישען טריט, ווען זיי זיינען שוועד בעלאדען... די שווערע ארבייט האט זיי אויך אויסגעלערענט צו פערשטעהן וואס ריטם איז!

דער מענש האט געזעהן דאס זיינע מוסקולען ביי דער ארבייט מאכען שטארקע און שוואכע בעוועגונגען: אויפהויבען, אראפלאזען, אבשטויסען, צושלעפען און ער האט פערשטאנען, דאס די גרונדלאגע פון ריטמוס איז די רעגעלמעסיגע אבוועקסלונג פון שוואך און שטארק בעטאנטע עלעמענטען... פון ארבייט איז דיעזע רעגעל אריבער צו מוזיק און פון מוזיק צו פאעזי...

---

.2

ווען אן אינטעליגענטער מענש קומט יעצט ארבייטען אין א דארף צו א פארמער, אדער צו א רוסישען מוזשיק, ווי שטארק און געזונד

ער זאָל ניט זיין, איז איהם זעהר שווער, ער האָט צרות... ער שטרענגט אָן זיין ווילען און זיינע מוסקולען צוואנציג מאָל מעהר וויפיעל ער דאַרף... איהם איז שווער און די ארבייטער ארום איהם לאַכען... ער איז אזוי קאָמיש גערארע ווי אין א גאנצען אָרקעסטער איין כלי־זמר וואָס וואָלט זיך געשפיעלט געגען דעם טאקט פון דער מוזיק... מע דאַרף ביי דער ארבייט זיין א מוזיקער און פערשטעהן וואָס ריטם איז.

אין דעם גרויסען סאָציאַלען פאַקטאָר, וועלכער רופט זיך „אר־בייט" ליגען צוויי פרינציפּען: אַן עקאָנאָמישער און אַן עסטעטישער... אַן עקנאָמישער, דאָס איז דער אינטערעס, וואָס דער ארבייטער פּער־זענליך האָט אין זיין ארבייט. אַן עסטעטישער, דאָס איז דער פערגניגען פון ריטם... נאָר דער היינטיגער, דער ציוויליזירטער ארבייטער איז אזוי פערקריפּעלט געוואָרען, דאָס ער געהט ארבייטען פאַר א ווירט־שאפט, אין וועלכער ער איז ניט פערזאינטערעסירט און פּראָדוצירט זאכען, וועלכער ער אליין דאַרף ניט. דער אַמאָליגער ארבייטער האָט ניט געוואוסט פון אזא אונזיננינגע ארבייט... ער האָט נור געטאָן דאָס, וואָס ער האָט געדאַרפט און האָט פּראָדוצירט דאָס, וואָס ער האָט נערעכענט פאַר זיך און פאַר „זיינע" פאַר נויטיג און אין דער זעלבער צייט נאָך האָט ער זיך אויסגעפונען א מיטעל דיעזע ארבייט צו פער־בינדען מיט א פערגניגען, וועלכער האָט ערפרישט זיין ווילען און ער־מונטערט זיינע מוסקולען — ער האָט מארשירט אין טאקט, געטאנצט, געזונגען ביי דער ארבייט — האָט ער אָבער גאָרנישט געדאַרפט, האָט ער ניט געדענקט פון זאמלען קאַפּיטאַלען, — ער איז געלעגען געגען דער זונן און האָט געזונגען דאָס זעלבע ליעד, פון וועלכעס ער האָט געהאַט אזא הנאה ביי דער ארבייט: טאָירא! דודילדא! האי הא! יעריהא!...

א מערקווירדיגע איללוסטראַציאָן צו אונזערע ווערטער געפינען מיר אין טאָלסטאָי'ס ראָמאַן „אננא קארעני נא"... דער רייכער אינ־טעליגענט לעווין נעהמט ניט קיין אנטהייל אין דער טהעטיגקייט פון זיין קלאַס... זיין ברודער, א גאנצער פילאָזאָף, פערוואַרפט מיט הוי־כע פראַזען און איבערצייגט איהם, אז ער דאַרף יא אנטהייל נעהמען אין דער טהעטיגקייט... לעווין האָט ניט קיין פראַזען און זאָגט נאָר וואָס ער פיהלט... ער פיהלט, אז א מענש דאַרף ניט נעהמען קיין אנטהייל

אין אַ טהעטיגקייט, אין וועלכער ער האָט קיין אינטערעס ניט... אויפ'ן אַנדערן טאָג גאַנץ פריה פאָהרט ארויס דער זעלבער לעווין אויפ'ן „סענאָקאָס", היי שניידען... טאָלסטאָי בעשרייבט נאָר ווי אַ טאָלסטאָי. ווי אַזוי דעם אינטעליגענט איז געוועזן שווער, ווי אַזוי ער האָט אָנגע־שטרענגט זיינע קרעפטען און האָט פון אָנפאַנג ניט געטראָפען דעם טאַקט... ווי אַזוי אָבער סוף כל סוף ער האָט זיך צוזאַמענגעגאָסען מיט'ן גאַנצען אָרקעסטער קאָסארעס, ווי זייערע קאָסעס האָבען געקלונגען און געקלאַפּט אין ריטם, ווי אַזוי זיין ווילען איז בעפרייט געוואָרען און ער איז געגאַנגען נאָך אַנדערע ניט פיהלענדיג קיין צוואַנג און ווי אַזוי די אַרבייט האָט איהם געשאַפען צופריעדענהייט און פערגע־ניגען...

---

.3

אַ גרויסען און אַ שווערען קאַמפּף האָט דער פּרימיטיווער מענש געפיהרט פאַר זיין דאַ־זיין, מיט גרויסע צרות האָט ער זיך ערוואָרבען די אַלע גוטוועגדיגע זאַכען, וואָס ער האָט געדאַרפט צום לעבען — דיעזען קאַמפּף און דיעזע צרות איבערגעטראָגען האָבען איהם געהאָל־פען געזאַנג, מוזיק און שפּעטער פּאָעזי... די געניטקייט האָט איהם אויסגעלערענט צו פערשטעהן די מעכטיגע קראַפט און ווירקונג פון ריטם. ער אליין האָט געאַרבייט, אַנשטאַט אונטער אַן אָנגעשטרענגטען ווילען, אונטער דעם איינפלוס פון אַן אַנגענעהמע אויפרעגונג. דאָס זעל־בע האָט ער אויך פּראַקטיצירט ווען ער פלעגט אַרבייטען צוזאַמען מיט אַנדערע אין מאַסען... ריטם האָט געצוואונגען מאַסען צו אַרבייטען האַרמאָניש. אָהן ריטם וואָלט ביי מאַסען־אַרבייט איינער דעם אַנדערען געשטערט, איינער וואָלט פערניכטעט, וואָס דער אַנדערער האָט שוין געטאָן.

די גרויסע עגיפּטישע פּרימידיען זיינען געשאַפען געוואָרען נור דורך מוזיקאַלישע ריטמישע בעוועגונג. די גריכען דערצעהלען, דאָס דער בעריהמטער אמפיאָן, וועלכער האָט געבויט די שטאַרקע פיוואנישע פעסטונג, האָט געהויבען די שווערסטע שטיינער אויף די וואַנד פון דער פעסטונג מיט די טאָנען פון זיין גיטאַרע...

איצט הויבען אין רוסלאנד די ארבייטער הונדערט־פודיגע משאות מיט דעם ניגון „דובינושקא". מאטראָזען שלעפּען פון וואסער קאָלאָסאָל גרויסע אייזערנע אנקערס מיט א ריטמישען אויסגעשריי: האָי־האָ! העי־ריא! הונגעריגע אויסגעמוטשעטע בורלאקעס שלעפּען שווערע בארקעס און זייער איינציגעס ערמונטערונגס מיטעל איז דאָס ליעד „עי, אוכנעם!"... סאָלדאטען מארשירען קוים לעבעדיגע — פּלוצלונג הויבען אָן שפּיעלען די טרובעס און זיי ווערען פרייליך און מונ־טער...

האָט אַן עראָטישעס געפיהל, א תאוה געשאפען געזאנג? פון הונ־דערטער ליעדער וועלכע זיינען פערשריעבען געוואָרען ביי די נאטור־פעלקער גיבט עס א זעהר קליינער פּראָצענט פון ליעבעס ליעדער... אם מיינסטען זינגען דיעזע ליעדער גאָר פרויען און געזונגען ווערען די ליעדער שוין ביי א געוויסע שטופע פון ציוויליזאציאָן... דערפאַר אָבער האָבען אלע פעלקער גלייך ליעדער פון ארבייט, מאָהלען, בויען, האָלצ־האקען, ליעדער פון פיש־כאפּען, פון יאגד, פון מלחמה, פון שפּי־נען, וועבען, וויינטרעטען, שאָף־שערען א. ז. וו.... ליעדער וועלכע זיי־נען געשאפען געוואָרען ביי דער ארבייט און דורך דער ארבייט...

די ערשטע טענץ, ווי מע זעהט נאָך יעצט ביי די ווילדע פעלקער, זיינען געווען די ווידערהאָלונג פון די אלע בעוועגונגען, וועלכע דעם מענשען'ס קערפּער מאכט ביי דער ארבייט. די ערשטע מוזיקאלישע אינסטרומענטען זיינען געווען שלאָגענדע, — פּויקען, טרומעטען, קאס־טאניעטען — אזעלכע וואָס האָבען געקלאפּט דעם טאקט, דעם ריטם אין דער צייט פון'ם מענשען'ס קערפּער בעוועגונג. דאָס זינגען און טאנצען זיינען יעצט צוויי בעזונדערע קונסטע, ביים פּרימיטיווען מענש זיינען טענץ און געזאנג געווען פעראייניגט, ווי אויך געזאנג און פּאָעזי. די טערמינאָלאָגי, וועלכע איז יעצט אָנגענומען געוואָרען אין דיעזע קונסטע איבערצייגט עס אם בעסטען. אין פּאָעזי געהט דער ריטם גראדע ווי ביי דער ארבייט: ארסים און טהעזיס — הויבען און זינ־גען. שטארק און שוואך. סטראָפע, הייסט אריבער טאנצען, אריבער מארשירען פון איין אָרט אויף אנדערן... אנטיסטראָפע — דער כאָר מארשירט צוריק. סטאפּאָ א סטעפּ, א שריט, ווערזען פוס — דאָס אלעס פון טאנצען. באלאדא (באלעט) — פּאָעזי וואָס מען זינגט און מען טאנצט... לירישע פּאָעזי: מען זינגט און מען שפּיעלט אויף

דער לירע . . . אָדער — א געזאנג. דער וואָס מאכט די פּאָעזי רופט זיך אין גריכיש „פּאָעט", שאפער, „מייקער", ארבייטער אין העברעאיש רופט זיך דאָס „משורר", א זענגער . . . ארבייט, געזאנג, טענץ, פּאָעזי — דאָס אלעס איז געווען פעראייניגט דורך איינע און די זעלבע ערשיי־נונג, וועלכע רופט זיך ריטם... אין דער זאָאלאָגישער וועלט זיינען פוי־גלעך די גרעסטע זינגער, ווייל זיי בענוצען זיך בעסער ווי אנדערע מיט די געזעצע פון ריטם ביי זייער פליהען און שוועבען אין דער לופ־טען... אָבער, ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, אויך אנדערע בעשעפעניסע וויסען די ווירקונג פון רעגעלמעסיגקייט און ריטם...

ריטם, דאָס איז רעגעלמעסיגע בעוועגונג . . . בעוועגונג, דאָס איז די טהעטיגקייט פון אוניווערזום . . . יעדע בעוועגונג אין ריטם — אזוי דאַרף זיין יעדע טהעטיגקייט... דיעזער פּרינציפּ ליגט ניט נור אין דעם לעבעדיגען אָרגאניזם, נאָר אין די געזעצע פון אוניווערזום, אין דער מעכטיגער טענדענץ פון עוואָלוציאָן וועלכע איז א רעגעלמעסיגע בעוועגונג פאָראויס.

---

## פיערטער קאפּיטעל.

א ביען קען דיך לערנען ווי פלייסיג צו זיין,
א וואָרם קען דיך לערנען ווי צו זיין געשיקט,
דאָס מעהרסטע פון דיין וויסען האָסט דו פון
פערשטאָרבענע געערבט,
נאָר די קונסט אליין, אָה, מענש געהערט
אליין צו דיר.

— — — — — — — — — — — —

ווייל דער ארפענקלאנג פון די מוזען
האָט א זיסען ציטער אין הארץ ביי דיר ערוועקט
האָט זיך א קראפט ערוועקט אין דיין בוזעם,
וועלכע דיך אלס וועלט גייסט פיהרט און בעוועגט.

שילער.

.1

מיר ווייסען איצט, אז דער ערשטער באַלעט מייסטער איז געווען דער ארבייטער. דער ערשטער קאָמפּאָזיטאָר — דער בעל מלאכה, דער ערשטער דיכטער איז געווען דאָס פאָלק. יעדע קונסט איז פריהער געווען אָדער א מלאכה, אַן ארבייט, אָדער א מיטעל ווי די ארבייט צו פערגרינגערען. דאָס בויען, צום ביישפּיעל, איז פריהער געווען אַן אַר־בייט, פון וועלכער עס האָט זיך ענטוויקעלט די ארחיטעקטור, פון שטיי־נער האקען — די סקולפּטור, פון פארבעריי איז ענטשטאַנען די קונסט־מאַלעריי א. ז. וו. די אַנאַטאָמישע, פּסיכאָלאָגישע און פיזיאָלאָגישע ווירקונג פון דעם ריטמוס, וועלכע איז ענדעקט געוואָרען און בענוצט געוואָרען ביי דער ארבייט און דורך דער ארבייט האָבען געפיהרט צום ענטוויקלונג פון טענץ, מוזיק און נאָכדעם פּאָעזי. דורך ריטם האָבען זיך ביים מענשען ענטוויקעלט עסטעטישע געפיהלען און דורך זיינע עסטע־טישע געפיהלען האָבען זיך ענטוויקעלט די אַלע גרויסע אָבטהיילונגען פון דער איצטיגער קונסט.

וואָס איז עסטעטישע געפיהלען?

צום פערענטפערען דיעזע קליינע פראגע זיינען שוין אָנגעשריבען געוואָרען הונדערטער ביכער. אייניגע, וועלכע מיינען אז קונסט עקזיס־טירט נור פאַר קונסט אליין, בעהויפּטען, אז עסטעטיש איז נור די פאָלקאָמענע שעהנקייט, וועלכע ווערט אויסגעדריקט אין מוזיק דורך מעלאָדיען און הארמאָני, אין פּאָעזי דורך מעלאָדישע און הארמאָנישע ווערזען, אין אנדערע קונסטע דורך פארבען און ליניען. דערויף פרעגט מען, איז דען א בילד, וועלכעס שטעלט פאָר א בוים, וואָס איז פער־קריפּעלט און פערברענט דורך א בליץ, און לעבען וועלכען עס ליגען עטליכע מעכטיגע בוימער צובראָכענע דורכ'ן שטורם, — ניט א פּראָ־דוקט דער קונסט? אָדער דאָס בילד, ווי א הארבאַטער שוואַכער מענש, מיט אויסגעקרימטע פיס און א מיאוסען נאָז וואַרפט זיך אין וואַסער צו רעטען א מענשען, ניט עסטעטיש? אָדער דאָס אונמעלאָדישע ליע־דעלע וואָס א קינד זינגט, ווען זי וויעגט איהר ליאַלקע, וואָס איז גע־מאַכט פון א האַנטוך, ניט שעהן? אָדער דאָס הימן־ליעד פון א וויל־דען צו דער זונן — ניט פּאָעטיש?

אנדערע זאָגען, אז קונסט איז נור א שפּיעל, און יעדע שפּיעל איז א קונסט, ווי באַלד דער מענש אמוזירט זיך דערמיט. איז אָבער א פראגע: אויב א מנין אַלטע אידען מיט בערד ווע‍לען זיך נעהמען ביי די פּאָלעס און שפּיעלען זיך אין פערדלעך, וועט דאָס זיין עסטעטיש? אויב גרויסע יונגאטשעס שפּיעלען זיך אין קאמער קאמער הויז, אָדער „געבילדעטע עסטעטיקער" וועלען שפּיעלען א פּינאָקעל, וועט דאָס זיין קונסט?

נאָך אנדערע בעהויפּטען, אז אַלעס פון וואָס דער מענש האָט פערגעניגען איז עסטעטיש. נאָך דער מיינונג נאָך קומט אויס, אז דער וואָס האָט פערגניגען פון א טאָפּ לינזען מיט א שיסעל פּאמפּושקעס מיט קנאָבעל איז אזא עסטעטיקער, ווי דער יעניגער וואָס ווערט ענטציקט פון בעטהאָווענס סימפאָניען און די מייסטערווערקע פון לעאָנארדא דא ווינצי און שעקספּיר...

מיר מיינען, אז עסטעטישע געפיהלען זיינען נאָר אזעלכע געפיה־לען, וועלכע האָבען א סאָציאַלען כאראקטער און וואהרע קונסט איז נור די קונסט, וועלכע האָט א טענדענץ, א נייגונג, א אידעע צו סאָ־ציאַליזירען די צוטהיילטע מענשען דורך גוטע געפיהלען און פעראיי־ניגען זיי דורך אַלגעמיינע סימפּאטיען. די גרעסטע קראַפט פון פעראיי־ניגונג איז סימפּאטי. איהר קענט ניט מאָהלען א בילד פון פארבען, וועלכע זאָלען ניט סימפּאטיזירען איינע מיט די אנדערע, איהר קענט ניט שפּיעלען איין הארמאָנישען אקקאָרד דורך טענער, וועלכע סימפּא־טיזירען ניט און גיסען זיך ניט צונויף איינער מיטן אנדערען. דאר־ווין זאָגט, דאָס די אַלע חיות און בעשעפעניסען, וואָס האָבען ניט קיין סימפּאטיען איינער צום אנדערען, זיינען ניט סאָציאַל. צום ביישפּיעל, א לייב האָט נאָר סימפּאטהיען צו זיך און צו זיין קינד, דערפאַר פיהרט ער אַן אָבגעזאָנדערטען לעבען, אַליין פאַר זיך. קיין זאַך צוטהיילט ניט אזוי די מענשען, ווי זייערע געפיהלע, די איינדריקע פון זייערע נערוועז. קונסט, טעלכע ווערט אויסגעדריקט און אויפגענומען דורך געפיהלען האָט די גרויסע סאָציאַלע אויפגאבע דורך סימפּאטיען מענשען פעראיי־ניגען און הארמאָניזירען... אַן ענאָאיסטישע געפיהל, א גראָבער גשמיות׳דיגער פערגעניגען קען דיעזער אויפגאבע ניט דיענען, דערפאַר זיינען דיעזע געפיהלען ניט עסטעטישע געפיהלען, און האָבען גאָר ניט וואָס צו טאָן מיט דעם, וואָס רופט זיך וואהרע קונסט.

.2

מיר מוזען אונז איצט ערקלעהרען איינינע ערשיינונגען אין דער וועלט פון קונסט. מיר האָבען פריהער בעהויפטעט: עס זיינען דאָ קונסטע, וועלכע זיינען אַן ענטוויקעלטע פאָרם פון ארבייט, פון מלאכה, ווי צוםביישפּיעל: ארחיטעקטור, סקולפּטור און מאַלעריי, און עס זיינען די קונסטע, וועלכע זיינען דורך מלאכה בעשאפען געוואָרען און האָבען דער ארבייט געדיענט אלס הילפסמיטעל, אלס ערלייטערונג, ווי צום ביישפּיעל, טענץ, מוזיק און פּאָעזי.

יעדערער פון אונז ווייסט, דאָס ווי הויך די מאָדערנע פּאָעזי זאָל ניט שטעהן און ווי ווייט זי זאָל ניט זיין פון דעם פאָלק, עס איז דאָך געבליבען און עס עקזיסטירט אויך אפאָלקס פּאָעזי. ווי ווייט די מוזיק פון וואגנער און ריטשארד שטראוס זאָל ניט זיין פון דער פאָלקס מוזיק, עס איז דאָך דאָ פאָלקס מוזיק... עס איז אויך דאָ פאָלקס טענץ. קיינער וועט אָבער ניט זאָגען, אז עס איז דאָ פאָלקס ארחי־טעקטור (אלס א קונסט), פאָלקס סקולפּטור, פאָלקס מאַלעריי. פאַר וואָס איז דאָס? מיט וואָס ערקלערט זיך אזא ערשיינונג?

איך האָב מורא, איך לענגווייליג היינט מיט מיינע ערקלערונגען, אָבער עס איז שוין פערפאלען, איהר מוזט געהן מיט מיר ביז דער ענדע.

ווי מיר ווייסען, יעדע קונסט איז געבויט אויף געזעצע פון ריטם. עס זיינען אָבער דאָ צוויי פערשיעדענע פאָרמען פון ריטם: עס איז דאָ ריטם אין דער צייט און ריטם אין דעם רוים (ספּיים) דער ריטם דער צייט ווערט אויסגעדריקט דורך הארמאָני, דער ריטם פון רוים (ספּיים) ווערט אויסגעדריקט דורך סימעטריע. מוזיק, פּאָעזי, טענץ זיינען געגרינדעט אויף דעם ריטם פון דער צייט (טעמפּא, טיים), ארחיטעקטור פון דעם פּלאַץ, רוים, ספּיים. די טהיילען פון א געביי־דע זיינען פּראָפּאָרציאָנעל, סיממעטריש — דאָס איז דער ריטם פון דיעזער קונסט. דאָס זעלבע איז אויך מיט א סטאטוע, א בילד... די איינדריקע און געפיהלע, וועלכע קומען דורכ'ן ריטם פון דער צייט נעהמט דער מענש פון זיין אונגערען וועזען און זיי רעאגירען און ווירקען אויך אויף זיינע איננערע געפיהלע. די איינדריקע און געפיהלע,

וועלכע קומען פון דעם סימעטרישען ריטם, ווירקען אויך אויף זיינע אינגערע געפיהלע, אָבער זיי קומען פון דער אויסערער וועלט, ווארום רוים, ספייס, איז אזא זאך וואָס איז אויסען דעם מענשען. נון, זעהען מיר אזא מערקווירדיגע ערשיינונג, אז די קונסטע וואָס זיינען געבויט אויפ'ן ריטם דער צייט, ווי פּאָעזי, מוזיק און טענץ, זיינען געבליבען פאָלקס קונסטע און די וואָס רעכענען זיך סימעטרישע קונסטע זיינען ערווייטערט און פערפרעמדט געוואָרען פון פאָלק, אָבוואָהל דאָס פאָלק אליין איז געוועזען זייער ערשטער בורא. דאָס ערקלערט זיך נור דער־מיט, וואָס די ערשטע רופען ארוים מעהר סימפּאַטיען און די אנדערע וועניגער. די ערשטע, וועלכע זיינען געבויט אויף ריטם פון הארמאָני האָבען א גרעסערע סאָציאַלע בעדייטונג.

איהר קענט זיך איבערציינגען, אז דאָס איז ווירקליך אזוי. טויזענ־דער מענשען קענען בעגייסטערט ווערען מיט איין מאָל צוזאמען פון א שעהנע מעלאָדי. פון א פּאָעטישע דעקלאמאציאָן, פון א שטארקע סצענע אין א דראמא, פון א לעבעדיגען טאנץ. זיי ווערען אלע פעראיי־ניגט דורך זייערע געפיהלען און שרייען אלע ווי איין מענש: בראוואָ! ביס! זיי זיינען אלע סאָציאליזירט דורך איין געפיהל פון סימפּאטי. איהר וועט אָבער קיין מאָהל ניט זעהן טויזענד מענשען זאָלען קוקען אויף איין בילד און זאָלען פּלוצלונג אָנהויבען צו אפּלאָדירען, שרייען מיט בעגייסטערונג: בראוואָ! ראפאעל! זאָלען ביי א סטאטוע שרייען: בראוואָ אנטאקאָלסקי! זאָלען נעבען א שעהנע געביידע בעגייסטערט ווערען פון ענטציקונג און מיט פעראייניגטע שטימען שרייען: ביס, קאָנטראקטאָר אָדער ארחיטעקטאָר יאקעלזאָן; עס איז וואהר, די פּראָדוקטען פון ארחיטעקטור, פון מאלעריי און סקולפּטור זיינען אויך וויכטיג דערמיט וואָס זיי ענטוויקלען אין אונז איינע און די זעלבע סימפּאטיען. זיי ווירקען אָבער לאנגזאם אויף יעדען פון אונז בעזונ־דער, וועהרענד פּאָעזי (אלע פאָרמען), מוזיק און טענץ ווירקען דורך מאסען־געפיהלע אויף מאסען, פעראייניגען און פערגלייכען פיעלע אין א גיכערע צייט און שפּיעלען דערפאר א גיכערע סאָציאלאָגישע ראָלע... אין דער געשיכטע דער מענשהייט. נאָר פּאָעזי האָט געקענט שאפען אזעלכע סאָציאלע טיפּען, ווי פאוסט, האמלעט און דאָן קי־כאָט!...

.3

מאַלעריי, סקולפּטור און ארחיטעקטור זיינען יעצט געוואָרען אריסטאָקראַטישע קונסטע — זיי זיינען ערווייטערט פון דעם ארבייטער און גענצליך צוגענומען געוואָרען פון דער ארבייט. די רייכע הערשענדע קלאַסען האָבען אונטערגעקויפּט און דעמאָראַליזירט לייכטער פון אַלעם די אַלע קונסטע, וועלכע זיינען ניט קיין פאָלקס־קונסטע. און עס קען זיין, דאָס איז די אורזאכע, פאר וואָס ביי יעדען היסטאָרישען פּראָטעסט געגען די אונטערדריקער, בעגעהט זיך דאָס פאָלק מיט אַזאַ שנאה געגען גרויסע און מערקווירדיגע פּראָדוקטען פון דיזע קונסטע. זיי ווייסען, אָדער זיי פיהלען, אז דיזע פּראָדוקטען דער קונסט האָבען געדיענט נאָר צו די, וועלכע ווילען פערניכטען יעדע סימפּאַטי פון איין מענשען צום צווייטען און צושטערען זיי.

פון אָנפאַנג זיינען די מאַשינען געווען אַ נאָכאַהמונג צום מענשענס גליעדער, מיט וועלכער ער ארבייט. די מאַשינע איז געווען אַ מעכאַנישע האַנד צום וועבען, שפּינען, נעהען, קלאַפּען מיט'ן האַמער. דער ריטם פון דער מאַשין ארבייט איז ניט געווען פיעל שנעלער פון דעם מענשענס ריטם און די ארבייט האָט נאָך געקענט זיין ערטרעגליך. אָבער די קאַפּיטאַליסטישע טענדענץ, וואָס מעהר אויסצוארבייטען אין אַ קורצערע צייט און וואָס וועניגער ארבייטער צו בענוצען צו דער מאַשין, האָט געבראַכט דערצו, אז דער ריטם פון דער מאַשין איז שוין אונבעגרייפליך פאר די געפיהלע פון דעם ארבייטער. ווען איין בליץ פאָלגט נאָכ'ן אַנדערען וועניגער ווי אין איין אכטעל סעקונדע, זעהט שוין ניט דעם מענשענ'ס אויג יעדער בליץ בעזונדער, ער זעהט אַ גאַנצען אונאיבערגעריסענעם שטראָם פון עלעקטרישע ליכט. אז איהר בעוועגט לאַנגזאַם אַ שצעפּקע (שטיקעל האָלץ) וואָס האָט ערשט געברענט, זעהט איהר די בעוועגונגען פון דעם פונק פייער, — בעוועגט איהר אָבער דאָס שטיקעל האָלץ גיך, זעהט איהר אין דער לופטען אַ ברענענדען צירקעל. אויב עטליכע ארטילערישע באַטאַרעיען זאָלען אָנהויבען שיסען פון זייערע אַלע קאַנאָנען אונאויפהעריג איינע נאָך די אַנדערע, הערט איהר שוין ניט בעזונדער יעדער שאָס, נאָר עס דונערט אָהן אָן אויפהער. דער ארבייטער אין פאַבריק הערט דעם אונאויפהערענדען געפּילדער פון קאַנאָנען און זעהט שטענדיג פייערדיגע צירקלען פאר די

אויגען. ער פערליערט די פעהיגקייט צו זעהן און צו הערען. דער פער־געניגען פון ריטם ביי דער ארבייט איז ביי איהם גערויבט, דער פער־לאַנגט צו זינגען, מאַכען ריטמישע בעוועגונג מיטן קערפער (טאַנצען), און פאַנטאַזירען איז געטויטעט.

די איניציאַטיווע פון דער ארבייט געהערט ניט איהם, איהר אידעע איז איהם אונבעקאַנט, זיינע פונקציאָנען זיינען אווטאָמאַטישע, ער איז א מעכאַנישע צוגאָב צו דער מאַשינע. ער קען ניט האָפען האָבען גליק אָדער פערגינגען פון זיין ארבייט, קען ניט טרויסטען זיך דערמיט, דאָס זיין ארבייט ברענגט אימיצען אנדערש גליק. ער האָט קיין אינטע־רעס ניט אין דער ארבייט, קיין בעפריעדיגונג ,ער מוז זיך צווינגען צו דער ארבייט, ווייל ער וויל ניט פערהונגערען. דערפאַר איז זיין ווילען שטענדיג אָנגעשטרענגט און אלע זיינע מענשליכע געפיהלען היפּ־נאָטיזירט. זיינע מוסקולען ווערען ערשעפּט און זיין מוח פערשטומפּט...

אנשטאָט דעם, וואָס פריהער האָט יעדע ארבייט געצוואונגען דעם אר־בייטער צו פּראָגרעסירען און ענטוויקלען זיינע פעהיגקייטען, מאַכט יעצט די פאַבריקע פון דעם מענש א טויטען אווטאָמאַט, ער דאַרף ניט לערנען זיין מלאכה, דאַרף ניט קיין שכל, טאַלאַנט, — ער איז א גולם, וועלכער בעוועגט זיך, ארבייט, רייסט זיך פון דער הויט, האָרעוועט איבער זיינע קרעפטען נאָר מיט דעם כח פון דעם צעטעלע, וואָס ליעגט ביי איהם אין מוח, אויף וועלכען עס איז אויפגעשריבען דער גרויסער שם: „קאַפּיטאַל..."

הונדערטער, אָפטמאָל טויזענדער מענשען ארבייטען אין איין פאַבריק, אָבער זייער קאָלעקטיווע ארבייט האָט ניט מעהר די פער־איינינונגס קראַפט פון דער אידעע, אינטערעס און ריטם... די מאַשינע האָט זיי צוטהיילט און אָבגעזונדערט איינע פון די אנדערע, זיי קומען אהער ווי פרעמדע, ארבייטען דאָ ווי פרעמדע און געהן אהיים ווי פרעמדע... נור דורך קונסט, דורך עסטעטישע געפיהלע, דורך געזאַנג, דורך פּאָעזי און דורך דעם עקאָנאָמישען פּרינציפּ פון נוצליכקייט און אינטערעס האָבען ארבייטער געקענט זיך סאָציאַליזירען און פעראיי־ניגען, — דער יעצטיגען ארבייטער האָט ניט קיין פּערזענליכען אינטע־רעס אין זיין ארבייט און קיין עסטעטישען פערגניגען פון דער ארבייט.

די רייכע קאַפּיטאַליסטען קענען קויפען פּראָדוקטען פון קונסט, זיי קענען אימפּאָרטירען אין זייער לאַנד פערשיעדענע בענאַבטע און

וואהרע קינסטלער, דערפון אָבער וועט דאָס פאָלק ניט ווערען קונסט־לערישער. יעדע קונסט נעהמט איהר וואורצעל פון דעם פאָלקס באָדען, פון דעם באָדען פון דעם פאָלקס ארבייטען און שאפען און זאָ לאנג דאָס פאָלק, די מאסען זינגען ניט און פּאָעטיזירען ניט, קען דאָס לאנד ניט האָבען קיין וואהרע קונסט און קיין אמת'ע פּאָעזי. מען קען קויפען סטאטוען, און בילדער, מען קען אָבער ניט קויפען קיין עסטעטישע געפיהלען. דיזע געפיהלען זיינען אָבהענגיג פון די הערשענדע פאָר־מען פון ארבייט און פון דער טענדענץ, וועלכע ליגט אין איהר. עס קען ניט זיין קיין גליק אין דער ארבייט אָהן א פעראייניגונג פון אינטערע־סען, עס קען קיין פעראייניגונג ניט זיין אָהן הארמאָני, עס קען קיין הארמאָני ניט זיין אָהן ריטם...

---

## פינפטער קאפיטעל.

### 1.

איך מיין, עס וועט ניט איבריג זיין, אויב מיר וועלען אין קורצען רעזומירען וואָס מיר האָבען ביז איצט געזאָגט:

די גאנצע וועלט איז א גרויסע פאבריק, פול מיט ארבייט, טהע־טיגקייט. יעדע טהעטיגקייט ווערט אויסגעדריקט דורך בעוועגונג, יעדע בעוועגונג איז פאר אונז בעגרייפליך נאָר דורך איהר רעגעלמעסיגקייט, דורך איהר ריטם. אלזאָ — ריטם איז די נאטירליכע אייגענשאפט פון ארבייט. דער מענש, אלס קינד דער נאטור, האָט די טענדענץ פון ריטם צוגעפאסט צו זיין אינדיווידועלע און קאָלעקטיווע ארבייט. דורך ריטם האָט ער זיין ארבייט געמאכט גרינגער, ווייל ריטמישע בעוועגונגען רופען ארויס אַן אנגענעהמען געפיהל, וועלכעס פערשטארקט די ציר־קולאציאָן פון זיין בלוט און מאכט קרעפטיגער זיינע מוסקולען. אויסער דעם, דער ריטם ביי דער ארבייט, נעהמט צו דעם מאָנאָטאָננען, לאנג־ווייליגען היפּנאָטיזירענדען כאראקטער פון דער ארבייט און ערפרישט דעם ארבייטערס ווילען. ארבייט איז אונערטרעגליך שווער און שעדליך פאר'ן גייסט און קערפער פון דעם מענשען, ווען זי פאָדערט א שטארקע אנשטרענגונג פון דעם ווילען. דורכ'ן ריטם האָט דער מענש פון זיין

ארבייט ערדריכט ניט נור זיינע עקאָנאָמישע אינטערעסען, ער האָט אויך גענאָמען דערביי אן עסטעטישען פערגעניגען. פון דער ארבייט, דורך ריטם און דורך די ענטוויקלונג פון דיעזע געפיהלען, וועלכע מיר רופען עסטעטישע, איז געשאפען געוואָרען די קונסט. אלזאָ קונסט און אר־בייט זיינען פאַקטאָרען, וועלכע האָבען געשפּיעלט א גרויסע ראָלע אין דעם עוואָלוציאָנס פּראָצעס פון דער מענשהייט, דערפאר האָבען זיי אזא גרויסע סאָציאַלע בעדייטונג.

---

.2

איצט וועט זיין ניט שווער צו ערקלערען די ערשיינונג, אָדער דעם פאקט, אז וואָס מעהר א לאנד איז קאפּיטאַליסטיש ענטוויקעלט, דעסטאָ וועניגער קונסט און קינסטלער האָט זי.

דער פּערצייטיגער ארבייטער האָט טאקע געלעבט ביי שלעכטערע אומשטענדע, ער האָט אפשר געהאט אן ערגערע וואָהנונג און האָט זיך אָרעמער געקליידעט, דאָס איז אָבער ניט וויכטיג, די הויפּטזאכע איז, ער איז געווען קליין און זיין ווילען איז געווען פריי. ווי וועניג ער איז געווען ענטוויקעלט, די אידעע פון יעדער ארבייט וואָס ער האָט געטאָן איז איהם געווען קלאָהר און דייטליך, אז ניט וואָלט ער זיך ניט גענו־מען צו דער דאָזיגער ארבייט. ער האָט געמאכט יעדע ארבייט ווי זיין פערשטאנד און זיינע געפיהלען האָבען איהם געלערנט, ער איז געווען דער מייסטער פון זיין ארבייט, ניט די ארבייט האָט איהם געמייסטערט. ער האָט געהאט זיסע האָפנונגען ביי זיין ארבייט: עס וועט זיין גוט און שטארק, ער וועט קענען א לאנגע צייט דערמיט זיך בענוצען, גענו־סען און האָבען הנאה. האָפנונג ביי ארבייט איז א גרויסע ערפרישונג און ערמונטערונג, ווי זאָגט שעקספּיר: „ענד לייבאָר שעלל רעפרעש איטסעלף וויטה האָפּ". ער האָט געהאט דעם טרויסט, אז ווען ער וועט ענדיגען זיין ארבייט, ווי שווער זי זאָל ניט זיין, וועט ער קענען שטאָל־צירען, דאָס ער האָט אליין אויסגעפיהרט זיין פּלאן... דאָס האָט איהם געצוואונגען וואָס מעהר שכל ארייננצולעגען אין דער ארבייט, מעהר ארטיסטישע געפיהלען... דערפון האָבען זיך ענטוויקעלט גרויסע בעלי מלאכות, וועלכע האָבען זיך בעמיהט און געזוכט איינפעלע ווי צו

מאַכען זייער מלאכה  ש ע ה נ ע ר.  ער האָט די ארבייט געמאַכט פאַר זיך, האָט ער געוואוסט אַז ער אליין וועט געניסען די פרייד און פער־געניגען. האָט ער עס געמאַכט פאַר אַן אַנדערען, האָט ער געוואוסט אַז דער אַנדערער ערוואַרטעט זיין אָרדער מיט אומגעדולד און נייגירדע, און וואָס בעסער און שעהנער ער וועט דאָס מאַכען, דעסטאָ גרעסער וועט זיין דאָס גליק און פרייד פון דעם, וואָס האָט די ארבייט געאָרדערט. אויסער דעם לאָהן איז אין דער ארבייט געווען אַן עלעמענט פון גליק.

דער ארבייטער האָט געזונגען און פּאָעטיזירט ביי דער ארבייט אין טאַקט מיטן ריטם פון זיינע קערפּער־בעוועגונגען, ווייל דאָס האָט לייכטער געמאַכט זיין ארבייט. ער האָט געזונגען און פּאָעטיזירט נאָך דער ארבייט, ווייל איהם האָט גליקליך געמאַכט דאָס געפיהל פון צו־פריעדענהייט. און ווייל די איניציאַטיווע פון יעדע שטיקעל מלאכה האָט איהם אליין געהערט, האָט ער אליין געפיהלט די פעראַנטוואָרט־ליכקייט און ער האָט געזעהן צו פּראָדוצירען זיין שטיקעל מלאכה מיט וואָס מעהר געשטיקטקייט און פיינהייט, דאָס האָט געפיהרט דערצו דאָס יעדע מלאכה האָט פּראָגרעסירט אין איהר ענטוויקלונג און איז ענדליך געוואָרען איין אַרט, איין קונסט.

ביי קאָלעקטיווע ארבייטען, ווען אַ גרויסע צאָהל ארבייטער, אָדער די גאַנצע קאָמוניטי האָט געדאַרפט אַנטהייל נעהמען, זיינען אַלע גע־ווען פעראייניגט דורך דעם אַלגעמיינעם אינטערעס, וואָס אין דער ארבייט איז געווען פאַר אַלע. זיי זיינען געווען פעראייניגט דורך דער אידעע, די האָפנונגען און ערוואַרטונג... זייער ווילען ערפרישט דורך געזאַנג און מאַרשען. און וואָס זעהען מיר יעצט? דער איינציגער פאַק־טאָר, דער איינציגער מאָטיוו, די איינציגע בעוועגונגס קראַפט פון ארבייט איז הונגער און נויט.

מען האָט געפונען אין מצרים אַ שטיין, אין וועלכען עס איז אויסגעקריצט, ווי אָקסען דרעשען תבואה, זייער בעל הבית טרייבט זיי און זינגט אַ ליעדעלע: „דרעשט, אָקסען, דרעשט, די תבואה איז פאַר אייך". דער פערצייטיגער בעל הבית האָט מיט אַ ליעדעלע און מיט אַ האָפנונג געזוכט זאָגאַר זיינע אָקסען צו פעראינטערעסירען אין זייער ארבייט... איצט זיינען ליעדער און האָפנונגען אַן איבעריגע זאַך ביי דער ארבייט... דער היינטיגער בעל הבית רעכענט פאַר איבעריג זאָ־

גאַר מיט פאַלשע האַפנונגען גרינגער צו מאַכען דעם ערדריקליכען צוואַנג פון דער ארבייט.

---

.3

די מאַשינען האָבען געמאַכט דעם ארבייטער פאַר א שקלאַף. דער געוויסער דיכטער מעטערלינק שילדערט אין איינע פון זיינע דראַמען, ווי א הירט טרייבט זיינע שאָף. זאַלאַנג די זונן שיינט, זינגט דער פאַסטוך און די שאָף מעקען פריילי. נאָך דעם ווערט פינסטער, דער פאַסטוך זינגט ניט און די שאָף געהען שטיל אין שלאַכטהויז... די היינטיגע ארבייטער געהען אין דער פינסטער און אין דער שטיל צו זייער שלאַכט הויז, די רוישענדע מאַשינע האָט פערטויבט זייערע ליעדער און פערניכטעט אין זיי אַלע עסטעטישע געפיהלען.

עס קען זיין, דאָס די הערשענדע קלאַסען פיהלען אינסטינקטיוו די סאָציאַלע מאַכט פון אַלע פאָרמען דער קונסט, דערפאַר ווענדען זיי אָן אַלע מיטלען אָבצורייסען פונ׳ם פאָלקס באָדען אַלע קונסטע. זיי האָבען געטרויבט ביי דער ארבייט גופא אַלעס וואָס עס איז עסטעטיש, וואָס עס קען זיין פערבונדען מיט קונסט. זיי האָבען געטרויבט דעם עקאָנאָמישען אינטערעס, וואָס יעדער ארבייטער האָט געהאַט אין זיין שאַפען, זיי ווילען איצט דורך דער מאַשינע פערניכטען דעם גרעסטען פרינציפ פון ארבייט, דעם ריטם, דעם מקור פון עסטעטישע געפיהלען און מאַכען דעם ארבייטער פאַר אַן איזאָלירטען, אָבגעזונדערטען אוטאָמאַט... זיי דענקען צו פערקריפּלען אין איהם זיין נאַטירליכען ווערזען און מאַכען דעם מענשען פאַר א ניט סאָציאַלע בעשעפענים... די פּאָעזי אָבער דעקלאַמירט שוין דאָס ליעד פון „דהע וואָיס אָף טאָיל" און די מוזיק זינגט שוין פון „די געטער־דעמערונג" און איבער דעם געררויש פון מאַשינען שאַלט:

**"Come soulder to shoulder ere earth grows older".**

---

